ארבעטער רינג ביבליאָטעק

א. ליטווין

# יודישע נשמות

באנד 6

## ביים רבינ'ס טיש

ארויסגעגעבען פון דער
עדיוקיישאָנאל קאָמיטע פון ארבעטער רינג.

מיין פאטער'ס און מוטער'ס אנדענקען געווידמעט.

# אינהאַלטס־פערצייכנעס.

---

## ביי די רבייאים אין טשאָרטקאָוו און סאַדיגור.



## ביים בעלזער רבי'ן.



## די פיהרונגען אין רבינ'ס הויף.

## דעם רבינ׳ס „סוויטע“.

1) דעם רבינ׳ס „גוואַרדיע“ און דעם רבינ׳ס „סוויטע“
2) דער „יאַפּאַנטשיק“.
3) לייזער פּאַנפּאַטש.
4) דער „שווייגער.“
5) „מיט נחת“.
6) דער „תענוג“.
7) שלום שכור.
8) דער „בעל תשובה“.
9) דעם רבינ׳ס הויפמייסטער.
10) אַ צלם אין רבינ׳ס קלויז.

## ביי די פּוילישע רבייאים.

1) דער גערער הויף.
2) גער אַמאָל און איצט.
3) ביין גערער רבי׳ן אין אַ וויזיט.
4) אַ רבי — אַ ברוקירער.
5) אַ רבי — אַ דאָקטאָר.
6) דער ביאַלער הויף.

## ליטווישע גוטע יודען.

1) אין שטעדטעל פון אַלטען רבי׳ן.
2) דער ליבאַוויטשער רבי.
3) ר׳ יעקב מאיר (אַ מינסקער גוטער יוד).
4) דער לעצטער גוטער יוד (דער סלאָנימער).
5) דער בייקיער „בחור־בעל־שם.“

# רביים און חסידות אין גאַליציען.

א גרעסערע ראָלע ווי אין רוסלאַנד האָט די חסידות, איי־בערהויפּט האָבען די פּערזענליכקייטען פון די רביים, געשפּילט אין גאַליציען.. עס איז ניטאָ, כמעט, אין גאַליציען די שטאָדט, דאָס שטעדטעל, וואָס זאָל ניט זיין די רעזידענץ פון א וועלכען רבי, אָדער רבי'לע. ס'איז פאַראַן, א שטייגער, אַזעלכע שטעדט, אָדער שטעדטלאך, וואָס האָבען ניט איינעם, נאָר עטליכע רביים. אין קאָלאָמעא זענען, דאַכט זיך, 8 רביים פאַראַן. אין דראָה־ביטש, האָט כמעט יעדער גאַס אן „אייניקעל". דאָרט לעבען זיי גראָד זיך דורך ניט שלעכט. אָבער אין אַנדערע ערטער איז די רבייאישע „ביזנעס" שטאַרק געפאַלען צוליב דער קאָנקורענץ.

דאָס זענען אָבער אַלץ קלענערע „גוטע יודען", די איי־דעמס, די אייניקלאך. זייערע שלעכטע ביזנעס איז א רעזולטאַט פון זייער קאַרגען גייסטיגען פערמעגען, פון זייערע שוואַכער פּערזענליכקייט. אויף די הויפּט טראַגען אָבער — אין בעלז, אין טשאָרטקאָוו, אין באָיאַן, זיצען נאָך איצט דירעקטע יורשים פון די גרויסע רביים, וואָס האָבען אַמאָל, מיט הונדערט יאָהר צוריק, אָדער מעהר, אָט די חסידישע מלוכות געגרינדעט. און אָט די יורשים בעזיצען ניט ווענִיגער פאַר זייערע עלטער־זיידעס גרויסע טאַלאַנטען פון לידערס. זיי זענען אונבעדינגט די לעצ־טע. די צייט איז געגען זיי. זי צעשטערט מעכטיגערע טראַנען ווי די חסידישע. די רבייאישע הויפען געהען אונטער, מוזען אונטערגעהן. אין גאַליציען, ווי אין רוסלאַנד.

אָבער גראַד איצט איז זעהר אינטערעסאַנט א קוק צו טאָן דעם אינערליכען לעבען אין רבינ'ס הויף. דאָס איז א ווינקעל, וואָס איז דעם לעזער ווענִיג בעקאַנט. אַזוי ווי אַמאָל איז נאָך איצט דעם רבינ'ס הויף אן אָרט, וואו דער לעבען שפּרודעלט, ווי ערגיץ ניט אין דער יודישער גאַס. ווען איהר ווילט זעהן די יודישע „נשמה יתרה" אין איהר יום טוב'דיגען מלבוש, קענט

איהר זי ערגעץ ניט געפינען אזוי לייכט, ווי דא. ווארום אין חסידות, אין רבינ׳ס הויף, האט זיך שטענדיג געצויגען און ציהט זיך נאך איצט, אלץ, וואס איז געווען העכער פאר דער מיטעלמעסיגקייט, וואס האט בעזעסען און בעזיצט טאלאנט און טעמפעראמענט ביי די פרומע יודען. גאנץ אפט איז דאס פערקריפעלט, אז איהר קענט קוים דערקענען די „נשמה יתרה“. צייטענווייז אבער, ווען די גרויסע פערזענליכקייט האט ניט אויסצושטעהן קיין צוגרויסען קאמפף אין די סתירות פונ׳ם לעבען, אדער איז גרעסער, איז שטארקער פאר אט די סתירות, — צולאזט זי זיך און בליהט זיך פונאנדער אין א וואונדערליכער שענקייט, אז מיר שטעהען און שטוינען פאר איהר שענקייט. פאר איהר מאכט.

אזא פערזענליכקייט איז, אהן א ספק, געווען דער אלטער סאסאווער רבי. וואס האט געלעבט מיט א הונדערט יאהר צוריק. ווען די וועלט וויים נאך פון איהם ווענינ איז דאס, ערשטענס, דערפאר, וואס די יודישע געשיכטע פאר די לעצטע פאר הונדערט יאהר, איבערהויפט פון די רוסישע און גאליצישע יודען, איז נאך, אייגענטליך, ניט געשריבען. צווייטענס וויים מען פונ׳ם „סאסאווער“ ווינציג דערפאר טאקע, ווייל ער איז געווען דער סאסאווער, ווייל ער איז געווען א בעהאלטענער. ווייל נאר אין סאסאוו האט מען פון איהם געוואוסט. דערפאר האט מען טאקע נאך קיין גוטען יודען, נאך קיין צדיק און גאון אין דער וועלט ניט געפראוועט אזוי דעם יאהרצייט, ווי ער ווערט געפראוועט אין סאסאוו, נאכ׳ן סאסאווער. פון גאנץ שטעדטעל. קליין און גרויס.

דער סאסאווער איז אייגענטליך ניט געווען קיין רבי. האט ניט געהאט קיין „הויף“, ניט געפראוועט קיין טיש. זיינע חסידים, אדער בעסער — דער חסיד ביי איהם איז געווען די מענשהייט, ריכטיגער — דער מענש, וואס און ווער ער זאל ניט זיין. נאר... איך וויל ניט פארלויפען א פריהער. וועגען סאסאווער און זיין יאהרצייט וועט גערעדט ווערן בעזונדער, אביסעל שפעטער.

איך קעהר זיך אום צו די רבייאישע הויפען.

# דער „ריזשינער".

(דער גרינדער פונ׳ם סאדיגערער טראָן).

סאדיגער! די בעריהמטעסטע רעזידענץ פון גאליציאנער חסידות! וואס איז פון דיר געוואָרען?!

אמאָל — און דאָס איז געווען ניט זעהר לאנג, אין גאנצען 60 — 70 יאָהר צוריק, — האָט מיט סאַדיגער די וועלט גערודערט. סאדיגער האָט געקלונגען ביי אלעמען, ווי א לעגענדע, ווי א צויבער־מעשה. נאָך איצט קען די קריסטליכע וועלט נאָר איין „וואונדער־ראבי" — דעם „וואונדער־ראבי פאָן סאדיגור". קריסטליכע ארטיסטען, מאלער, דיכטער, פּאָליטיקער, געלעהרטע לאָזען זיך אָפט נאָך איצט אראָב אין סאדיגור אָנקוקען דעם וואונדערליכען פּאלאץ פון דעם וועלטבעריהמטען „וואונדער־ראבי". שטונדענלאנג דרעהען זיי זיך ארום, בלאָנדזען, זוכען, נאָר זיי געפינען גאָר נישט.

וואָרום סאדיגור׳ס רוהם און גלאנץ איז פערשוואונדען. פערשוואונדען אויף אייביג.

נאָר אפילו איצט, בשעת די וועגען צו סאדיגורע שטעהט וויסט, דער פּאלאץ, געבויט, ווי א מיטעלאלטערליך ריטער־שלאָס, קוקט טרויעריג און פערלאָזען, מאכט אָט די אלטע חסידישע רעזידענץ א שטארקען איינדרוק ווי אלע רבייאישע הויפען אין גאליציען. זי דערמאָהנט אָן דעם אמאָליגען גלאנץ און פּראכט, אָן דעם אמאָליגען שטורמדיגען לעבען, וואס דאָ איז פאָרגעגאנגען. זי דערמאָהנט אָן דעם גרינדער פון דער בע־ריהמטעסטער רבייאישער „גזע" אין גאליציען — דעם אלטען „ריזשענער", אין א געוויסען זין — דעם מערקווירדיגסטען פון אלע חסידישע רבייאים אין דער וועלט.

ר׳ ישראל ריזשינער איז ארויסגעטראָטען אויף דער סצענע

מיט אַ יאָהר 90—100 צוריק. די חסידות איז שוין דעמאָלט געווען איינגעפונדעוועט אי אין רוסלאַנד, אי אין גאַליציען. דאָס איז געווען קורץ נאָכ'ן זיעג פון דעם אַלטען לאַדיער. די חסידות האָט דאַן, אין דער ערשטער צייט פון איהר אויפבליהונג, אַרויס־געבראַכט אַ גאַנצע רייהע אָריגינעלע פּערזענליכקייטען מיט גרויסע טאַלאַנטען, וואָס האָבען געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע, געהאַט אַן אונגעהייערע ווירקונג אויפ'ן יודישען לעבען.

דער ריזשינער האָט געלעבט אין אַ קליין שטעדטעל פון דרום־רוסלאַנד. האָט פון אָנהויב זיך מיט גאָר נישט אַרויסגעוויזען. נאָר אין איהם האָבען שוין דאַן געברויזט גרויסע קרעפ־טען, וואָס פאַר זייער ענטפאַלעקונג איז אין ריזשין געווען צו ענג. ער האָט געדאַרפט אַ פרייערן פּלאַץ פאַר זיין שטורמ׳ישער נאַ־טור און קאָכיגער טעטיגקייט.

דער ריזשינער האָט געהאַט אַ גרויסען טאַלאַנט פון אַ לי־דער. אָבער ניט פון אַ פאָלקס־פיהרער, נאָר פון אַ וועלטליכען הערשער. זיין בעגריף וועגען דער ראָלע פון אַ רבי'ן איז געווען אַ גאַנץ אַנדערער, ווי פון אַלע חסידישע רביים, פאַר איהם און נאָך איהם. די ערד מיט איהרע ליידענשאַפטען, מיט איהרע שטורמס און גענוסען האָבען ביי איהם פערנומען מעהר פּלאַץ, ווי דער הימעל.

זיין שטרעבונג צום ערדישען גענוס, צו ערדישער מאַכט, האָט געפונען אַ פערשטאַרקונג און אונטערשטיצונג אין דער לע־גענדע, וואָס האָט זיך געהאַלטען אין זיין פאַמיליע, אַז זי, אַט די פאַמיליע, שטאַמט פון די „מלכי בית דוד“. ווי בעוואוסט, האָט יענע שטורמדיגע עפּאָכע פון דער פראַנצויזישער רעוואָ־לוציע אין רוסיש־פראַנצויזישען קריג ביי אַ סך פרומע יודען אַרויסגערופען דעם גלויבען, אַז ס'איז געקומען משיח־צייט. האָט זיך אין געהיים ביי דעם ריזשינער ענטוויקעלט אַ געדאַנק, אַז עס איז מעגליך, אַז ער איז בערופען צו זיין דער ערלויזער פונ'ם יודישען פאָלק, אַז ער איז משיח..

אָט די געדאַנקען האָט ער ניט אַרויסגעזאָגט אויסדריקליך. נאָר זיין פיהרונג, זיין גאַנצער בענעהמען זיך האָבען דאָס בע־וויזען.

ער האָט זיך אבער פאַרגעשטעלט משיח־צייט און משיח אַליין גאַנץ פּשוט: אין דער געשטאַלט פון א וועלטליכען פּירשט. ארץ ישראל האָט פערנומען אין זיין פאַרשטעלונג א קנאַפּען אָרט, איז דאָך דעמאָלט געווען די געבורט פון דער יודישער בורזשואַזיע. א סך חסידים האָבען געהאַט רייכטימער, געלעבט גרויסאַרטיג, ניט ערגער פון פּריצים. זיי האָבען זיך נעקענט פאַרגינען צו האָבען אויך דעם איבריגען פּוץ־אַרטיקעל פון דער קריסטליכער וועלט — דעם ניט געקרוינטען פּירשט. דעם מיליטערישען פּאָמפּ און אַנדערע צערעמאָניעס פון דעם קריסטליכען אדעל — דאָס איז אַלץ ניט נויטיג אין דער מלוכה פון דער בורזשואַזיע, וואָס פערמאָגט א מאַכט, שטאַרקער פון קרוינען און טראָנען. זי פערמאָגט — געלד...

און דער ריזשינער האָט געוואָלט שפּילען די ראָלע פון א וועלטליכען פּירשט. זיין אַמביציע איז ניט געווען אין קאָנט־ראַסט מיט׳ן בעל שם׳ס תורה. איז דאָך דער עיקר פון אָט דער תורה — שמחה. געגנוס מאַכט פרייד. פרייד שאַפט א געהויבענע שטימונג און נאָר מתוך התלהבות, אין א בעגייסטערטער, גע־הויבענער שטימונג קען דער מענש זיין נאָהענט צו גאָט.

„איך האָב מורא", — האָט אַמאָל געזאָגט דער ריזשינער צו זיינע חסידים, — איך האָב מורא, אז די רשעים וועלען האָ־בען יענע וועלט אויך. ווארום זיי לעבען תמיד אין שמחה און מתוך שמחה איז מען מסוגל מקבל צו זיין די שכינה"..

אָט דאָס ווערטעל איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּערזענליכקייט פון דעם ריזשינער.

און ריזשינער הויף האָט זיך טאַקע געפיהרט גאָר אַנדערש, ניט ווי אַלע רבייאישע הויפען. אנשטאָט דבקות און הימלישע התלהבות, האָט מען אָפט געקענט זעהן דעם רבי׳ן, רייטענדיג ביי זיך אין גאָרטען און ארום די פעלדער פון זיין שטעדטעל אויף א שטאָלצען שענעם פערד, ניט זעלטען ארומגערינגעלט מיט א סוויטע פון יונגע — און אַמאָל ניט דוקא יונגע — רייכע חס דים. מ׳זאָגט, אז די סוויטע און מקורבים פלעגען ביי די געהויבענע רייט־שפּאַצירען פאַר מנחה און בין מנחה למעריב אריינקומען אין אזא בעגייסטערונג, אז זיי פלעגען שרייען,

קאָקאַרדיג, ווי דער רבי טראָגט זיך קעניגליך אויף זיין ווייסען פערד: יחי המלך! עס לעבע דער קעניג! „דוד מלך ישראל חי וקים!“ דוד דער קעניג פון ישראל לעבט! לעבט!

אזא פיהרונג פונ׳ם ריזשינער הויף האט ניט געקענט ניט ארויסרופען קיין פראָטעסט אין דער ארומיגער וועלט. מ׳דארף צוגעבען, אז צוזאמען מיט דער געבורט פון ־ער יודישער בור־זשואזיע איז געבארען געוואָרען די השכלה. אלעקסאנדער דער ערשטער און ניקאָלאַי דער ערשטער האבען גענומען אונטער זייער פליגעל די השכלה מיט די משכילים. אין אינערליכען יודישען לעבען אבער האבען די פעראייניצעלטע משכילים פון יענער צייט און אפילו א סך שפעטער, געהאט אויסצושטעהן א ביטערן קאמפף און גרויזאמע פערפאלגונגען. בעזונדערס אין די חסידישע קרייזען. ריזשינער אויפפיהרונג האט אלזא אויפגע־בראכט געגען זיך ניט בלויז די מתנגדים, נאָר אויך די משכילים און אפילו אין חסידישע קרייזען איז מען געווען שטארק אונ־צופרידען מיט דעם „עולם־הזה׳ניק“ — דעם ריזשינער. פיה־רען א דירעקטען קאמפף קעגען ריזשין האט אבער קיינער ניט געוואגט. האבען זיך גענומען שיטען אין די הויכע פענסטער מסירות — די געוועהר פון די שוואכע. מ׳האט פארגעשטעלט דעם ריזשינער, אלס א „מורד במלכות“, אלס איינעם, וואס וויל מאכען א מלוכה אין א מלוכה און גיט זיך ארויס פאר משיח׳ן.

די דאָזיגע מסירה איז בכלל געווען אן אונזין. דעם ריזשי־נער׳ס פירשטליכער פוץ האט ניט געהאט און ניט געקענט האָ־בען קיין שום געפאהר פאר דער רוסישער רעגירונג. מיט פאָ־ליטיק, מיט פאָליטישער הערשאפט, מיט רעוואָלוציע האט עס קיין שום שייכות ניט געהאט. דאָס איז מעהר ניט געווען ווי א פוץ. דער ריזשינער, א לעבענסלוסטיגע נאטור, אן אריסטאָ־קראט אין דער נשמה און לויט טראדיציע און ערציהונג — האט געשטרעבט ניט נאָך מאכט, נאָר נאָך פראכט. די חסידישע סוויטע האט אויך מיט די געשרייען: „יחי המלך“ „דוד מלך ישראל חי וקים!“ ניט געהאט חלילה קיין רעוואָלוציאָנערע הינטער־גע־דאנקען. דאָס איז מעהר ניט געווען ווי א פאַעטישע גוזמא אין א בעגייסטערונגס־צושטאנד. דער ריזשינער אליין האט

כאטש, יע געטראגען אין דער נשמה, ווי פריהער איז שוין גע־וועזן בעמערקט, עפעס א דונקלען גלויבען אין זיין משיח־בע־רופונג, אט דער גלויבען האט אבער ניט געהאט קיין שום רעאלע פארשטעלונגען. ער איז אויך מעהר געווען א פאעטישער.

די רוסישע רעגירונג, וואס זינט דער פראנצויזישער רע־וואלוציע איז זי געווען אין איינע שרעק פאר בונטען אין רוס־לאנד — איבערהויפט האט זי מורא געהאט פאר פוילען — האט אבער צוגענומען זעהר ערנסט די מסירות אויפ'ן ריזשי־נער. עס איז געשטעלט געווארען אויף די פיס די גאנצע אר־טיגע רעגירונג. עס איז געגעבען געווארען א בעפעהל צו „נעה־מען" דעם ריזשינער א לעבעדיגען, צו א טויטען. דער גובערנא־טאר איז געמאכט געווארען פעראנטווארטליך פאר איהם, פאר דעם ריזשינער.

דער ריזשינער איז ארעסטירט געווארען. א לאנגע צייט איז ער אבגעזעסען אין טורמע. איהם האט זיך אבער דאך איינ־געגעבען צו אנטלויפען אריבער גרענעץ. פריהער אין רומעניען, דערנאך אין עסטרייך. די דאזיגע פליטה פונ'ם ריזשינער איז פערבונדען געווען מיט אזוי פיעל געפאהר, אז זי איז ארומגע־רינגעלט מיט א גאנצע קייט פון לעגענדען. ניט וועניגער, ווי די פליטה פון מאהאמעד. די רוסישע רעגירונג איז איבער־ראשט געווען פון דעם ריזשינער'ס „ויברח". איהר שטרענגע אויפזיכט, איהרע געהיימע צירקוליארען האבען ניט געהאלפען. דער פערדאכט איז ביי איהר געווארען נאך שטארקער, אז דאס שמעקט מ'ט אן אויפשטאנד. זי האט געפאדערט פון דער עסט־רייכישער רעגירונג, אז זי זאל איהם ארויסגעבען. די גאנצע עסטרייכישע רעגירונגס־מאשין איז געזעצט געווארען אין בע־וועגונג.

נאר די חסידים פונ'ם „ריזשינער" האבען ניט געשלאפען. געלד האט זיך געשאטען, ווי מיסט. דעם ריזשינער'ס מעטריקע איז „פערפאלען" געווארען אין רוסלאנד. אין עסטרייך האבען די פויערן פון סאדיגור, „געשווארען", אז ער איז ביי זיי אין שטעדטעל געבארען געווארען, זיי האבען אפילו „געקענט" זיין

טאַטען. נאָך יאָהרענלאַנגע וואַנגלענעס האָט זיך ענדליך איינגע־
נעבען דעם ריזשענער צו בלייבען רוהיג אין סאדיגור.

דער „ריזשינער“ איז געוואָרען „סאדיגערער“. דאָ אין סאדי־
גור האָט ער געקענט אונגעשטערט איינאָרדנען זיין הויף, ווי ער
האָט געוואונשען. די פערפאָלגונגען פון דער רוסישער רעגירונג,
די פיעלע געפאַהרען, וואָס דער ריזשינער האָט געהאַט אויס־
צושטעהן אויף זיין פּליטה, זיין מוטיגער האַלטען זיך — דאָס
אַלץ האָט איהם אויפגעהויבען נאָך העכער אין די אויגען פון
זיינע חסידים. זיי האָבען אָבגעקויפט ביי א פּריץ סאדיגור'ער
הויף; האָבען איהם אויסגעבויט דעם שלאָס, געמויערט מיט
טורמען אין מיטעלאַלטערליכען סטיל, פערזעהן איהם מיט אַלע
בעקוועמליכקייטען. דער „ריזשינער“ האָט איצט געקענט אויס־
פיהרען אַלע זיינע פערלאַנגען. האָט איינגעפיהרט א פירשטלי־
כען צערעמאָניאַל; זיין קאַטש פערד האָט בעטראָפען — זאָגט
מען — 6000 רובל. גאָלד האָט זיך געשאָטען אונטער די פיס.
דער גרעניץ האָט געשטערט די אָרימע חסידים צו קומען צו איהם
פון רוסלאַנד. נאָר דאָס איז גראָד קיין חסרון ניט געווען. דער־
פאַר פלעגען קומען נאָר רייכע. פרומע און ניט פרומע, דייטשע
יודען און יודען פון אנדערע אייראָפּעאישע לענדער זענען
געפאַהרען צו איהם אין די צעהנדליגע טויזענדער. דער איינ־
טראָג איז געווען אַזוי גרויס, אַז פאַר די מאַסען פּדיונות האָט
מען איינגעפיהרט דריי קאַסעס. דער ריזשינער האָט אַזוי ער־
קלערט, פאַר וואָס עפּעס דריי קאַסעס: צווישען די חסידים
זענען פאַראַן — האָט ער געזאָגט — דרייערליי מדרגות. די
ערשטע מדרגה — זענען אמת'ע, אויפריכטיגע חסידים — זיי־
ער געלד געהט — אויף צום לעבען. די צווייטע מדרגה — דאָס
זענען מיטעלע חסידים. זייערע פּדיונות ווערען גענוצט אויף
קליידער. דער 3־טער סאָרט חסידים — די דאַטשען, די ניט
אמת'ע — פאַר זיי איז די דריטע פושקע, וואָס געהט אויף
פערד, אויף לוקסוס. דערמיט האָט דער ריזשינער געגעבען א
זעהר געשיקטען תירוץ אויף צוויי קשיות: פאַר וואָס ער פיהרט
זיך אַזוי רייך, ניט ווי אַלע רבייאים, און פאַר וואָס ער נעהמט

פּדיונות פון אזעלכע מענשען, וואָס זענען גאָר קיין חסידים ניט.

בכלל איז דער ריזשינער געווען דער רבי פון דער חסידישער אריסטאָקראַטיע, ריכטיגער פון די רייכע מאָדערניזירטע חסידים. אָרימע חסידים האָבען צו איהם א קנאַפּען צוטריט געהאַט. דאָס האָט אבער ניט געמינערט די עהרפאַרכטיגקייט פון די חסידים צו זייער רבי'ן. פאַרקעהרט: ער איז נאָך מעהר פערגעטערט געוואָרען און אזוי פערהייליגט איז ער געבליבען אין אגדע־סען פון די חסידים ביז היינטיגען טאָג.

# וויזשניצער חסידות.

די חסידות אין גאליציען נעהמט זיך, איבערהויפט, פון דריי הויפען, דריי זעלבסטשטענדיגע מלוכות: סאדיגער, בעלז און וויזשניצע. יעדער פון די חסידישע טראן־גרינדער האט צו פערדאנקען זיין הערשאפט און זיין מאכט נאר זיך אליין, זיין אייגענעם טאלאנט און אונטערנעהמונגספעהיגקייט. א חוץ סאדיגער, וואס איהר ערשטער רבי, דער ר י ז ש י נ ע ר, האט אויסער זיין פערזענליכער ענערגיע, אויך געהאט גרויסע זכות אבות: ער איז געווען דעם „מלאך׳ס" א זוהן, דעם מגיד׳ס פון מעזעריטש — אן אייניקעל.

יעדער גרינדער האט זיך נאטירליך געשטיצט אויף דער־זעלבער קוועלע — דעם בעל שם׳ס תורה. נאר איטליכער פון זיי האט אין איהר ארייגעטראגען זיין שיטה, זיין סיסטעם.

די וויזשניצער חסידות האט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר דעמאקראטיזם. דער רבי האלט זיך געמיינשאפטליך מיט די חסידים. דאווענט שטענדיג פאר׳ן עמוד. דער דאווענען און דער גאנצער פיהרונג איז מיט התלהבות, דבקות, שמחה, ווי ס׳איז געווען ביין „בעשט" אליין.

סאדיגור, אין געגענטייל, האלט זיך אריסטאקראטיש. ניט בלויז דער רבי דאווענט קיין מאל ניט פאר׳ן עמוד, נאר ער דאווענט בכלל ניט צוזאמען מיט די חסידים. ער האט א בע־זונדער שטיבעל אין קלויז. וואו ער דאווענט אליין. ביי׳ן טיר פון זיין שטיבעל אויף יענער זייט, אין קלויז, שטעהט דער גבאי. דער רבי גיט איהם סיגנאלען דורך א דריי מיט׳ן שליסעל אין טיר, אז ער האט געענדיגט א ברכה. דער גבאי גיט א סיג־נאל דעם חזן, און יענער דאווענט ווייטער.

אין זייער אויפפיהרונג, אזוי ווי אין דאווענען, האלטען זיך

די רביים פון דעם ריזשינערס'ס שטאם, אויך אזוי אריסטאקראַ־טיש, איינגעהאלטען, שטאלץ. דער צערעמאניאל איז שטרענגער. דער רבי רעדט זעהר ווינציג. א בליק, א ווינק, א מאך מיט'ן האנד. בלויז ווייניגע אויסדערוועהלטע האבען די זכיה צו בע־קומען א ספּעציעלע אוידיענץ און פערברייניגען מיט'ן רבי'ן.

בעלז איז, אין א געוויסען זין, נאך מעהר דעמאָקראַטיש, ווי וויזשניץ. יעדער חסיד האט צוטריט צום רבי'ן. ער, דער רבי, קען כמעט יעדען פון זיינע חסידים ביי דעם נאמען, וואס זיינע פאמיליען־אנגעלעגענהייטען. האלט זיך בכלל זעהר נאָ־הענט צום פאָלק. דערפאר האט קיין רבי ניט אזא אונבעשרענק־טע מאכט איבער זיינע חסידים, ווי דער בעלזער.

דער גרינדער פון וויזשניצער טראָן, ריכטיגער פון קאָסאָ־ווער „כסא" איז געווען רבי מענדעלע קאָסאָווער. זיין פאטער ר' קאָפּיל חסיד, איז געווען א פּשוט'ער יוד, א קרייקע־הענדלער. גויים האבען אים, ר' מענדעלעס פאטער, אויך געהאלטען פאר א הייליגען מענשען. „סוויטי מישאַלאַוויק", — האבען זיי אויף איהם געזאָגט. קיין רבי איז ער ניט געווען. האט קיין טיש ניט געפיהרט, קיין תורה ניט געזאָגט. די פערגעטערונג פון פאָלק צו איהם האט זיך אבער ניט געוואלט ענדיגען מיט זיין אבשטארבען און זיין זוהן רבי מענדעלע קאסאווער, פער־שטעהט שוין צו ארגאניזירען די פערעהרער פון זיין טאטען אין א שטענדיגע מלוכה. ער איז ניט געווען אזא פּשוט'ער פאָלקס־העלד ווי זיין פאטער. ער האט שוין בעזעסען די קונסט פון א לידער, האט געוואוסט די גאנגען ווי צוציהען דאס פאָלק.

נאך פעהיגער פון איהם איז געווען זיין זוהן ר' חיים'ל קאסאווער. פאר איהם האט זיך קאָסאָווער חסידות פערשטארקט, פערשפּרייט איבער גאנץ מזרח־גאליציען און גאנץ בוקאָווינא. ער האט געמאכט א ספר „תורת חיים", א פּרוש אויף חומש, לויט דער סיסטעם פון קבלה.

דער מערקווירדיגסטער אבער פון אט דער גזע איז געווען ר' חיים'ס מיטעלסטער זוהן — רבי מענדעלע דער צווייטער. לויט דער טראדיציע פון דאס רוב חסידישע הויפען, נעהט אי־בער דער „טראָן" ניט צום עלטער'ן, נאר צום פעהיגסטען. דער

אלטער, שטארבענדער רבי לאזט געוועהנליך אין אט דעם זין צוואה, אדער גיט איבער אויסדריקליך זיין ווילען די נאהענטע מענשען, וואס רינגלעז איהם ארום בשעת זיין „פטירה".

אזא אויסדריקליכע צוואה איז ניט געווען ביי ר' חיים'לס פטירה. ר' מענדעלע דער צווייטער האט ניט געוואלט האבען צו טאן מיט זיין עלטעסטען ברודער, האט פארלאזען קאסאווע און זיך בעזעצט אין וויזשניץ.

חסידים דערצעהלען, אז דער רב, וואס איז דעמאלט געווען אין וויזשניצע, א גרויסער ארימאן, האט געזעהן דורך נבואה, אז וויזשניץ וועט דערהויבען ווערען: דארט וועט ווערען א „כסא מלוכה". א גרויסער עולם וועט אנקומען אהין. קיין „טיש" האט ער פאר'ן עולם ניט געקענט אנגרייטען, ווייל, ווי געזאגט, איז ער געווען א גרויסער ארימאן. האט ער אנגעגרייט לעפעל.

דעם רב'ס נבואה איז מקוים געווארען. נאר ער איז גע־בליבען ביי די לעפעל און די מלוכה האט גאר בעלאנגט צו ר' מענדעלען.

ר' מענדעלע דער צווייטער איז געווען א גרויסער חכם און א בעל תורה. דער גרעסטער טייל פון קאסאווער חסידים זענען איבערגעגאנגען אין וויזשניצע. וויזשניצע איז געווארען גרעסער ווי קאסאווע.

רבי מענדעלע וויזשניצער איז געווען א גרויסער דיפלא־מאט. ער האט געבויט א גאנצע סיסטעם, ווי אזוי צו פארשטאר־קען זיין טראן. די הויפט פאליטיק איז געווען: שליסען שדוכים מיט געהויבענע חסידים, פיהרען מיט זיי געשעפטען. צו דער־זעלבער צייט אבער האט ער געזעהן ווירקען אויף די רייכע חסידים, זיי זאלען שטיצען די ארימע דורך „גמילות חסדים". ער אליין האט געפיהרט א ברייט הויז, פערטיילט א סך גמילות חסדים צווישען ארימע חסידים. איז ניט געווען קיין געלד, האט ער געגעבען וועקסלען. ביי זיין טיש פלעגען אפט זיצען פרעמדע חסידים פון אנדערע רביים, נאכ'ן טויט האט ער געלאזען 100 טויזענד קראנען חובות.

ר' מענדעלעס זוהן, ר' ברוך'ל האט א קורצע צייט גע־

הערשט. ער איז געשטארבען יונג — צו 40 יאהר. האט אבער צייט געהאט צו לאזען 12 קינדער. דער עלטסטער פון זיי, ר׳ ישראל׳ניו, איז דער איצטיגער וויזשניצער רבי.

די צייטען זענען איצט איבערהויפט געווארען שווערע פאר א רבי׳ן. ער דארף ניט בלויז פיהרען אן אייגענע, א חסידישע פאליטיק. ער ווערט אפט געגען זיין ווילען אריינגעריסען אין דער אלגעמיינער פאליטיק. אזוי האט צ. ב. אין דעם קאמפף צווישען אלטע־רוטענער, יונג־רוטענער, פאליאקען, יודען, סאציאל־דעמאקראטען, דער וויזשניצער רבי זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די יונג־רוטענער. די וויזשניצער יודען אבער האבען קיין נויט ניט אנצושליסען זיך אן אן אנדער פארטיי. ווארום אויף יעדע הונדערט מענשען פון דער וויזשניצער בעפעלקערונג איז 98 יודען און 2 קריסטען. דערפון איז ארויסגעקומען א פלאנטער. דער רוטענישער אבגעארדנעטער האט אויסגעפיהרט אין לאנדטאג און רייכסטאג, אז אין וויזשניץ זאל געבויט ווערען א גימנאזיע. און דער אונטעררריכט זאל דארט זיין אין דער נאצינאל־שפראך. די יודען האבען זיך געפונען אין אזא לאגע: די גימנאזיע, ווי יעדער גימנאזיע אין א גאליציש שטעדטעל, ווערט, אויסגעהאלטען און בעזוכט מעהרסטענס פון יודען. אין וויזשניץ אבער, וואו די יודישע בעפעלקערונג מאכט אויס 98 פראצענט, האלטען די יודען כמעט אין גאנצען אויס די גימנאזיע. עס איז נאטירליך, אז די יודען האבען ארויסגעוויזען א שטארקען פראטעסט געגען דעם, אז די נאציאנאל־שפראך זאל הייסען דוקא רוטעניש. און אז דער רבי האט אגיטירט פאר רוטעניש — אלס נאציאנאל־שפראך, איז געווארען א מורא׳דיגע אויפרעגונג געגען איהם צווישען וויזשניצער יודען. דער רבי האט זיך פארענטפערט, אז וויבאלד יודען וועלען אין דער גימנאזיע ניט שיקען זייערע קינדער, וועלען די קינדער נאר האבען דערפון א טובה: זיי וועלען בלייבען ביי יודישקייט... דער תירוץ האט אבער ניט געהאלפען. די אויפרעגונג געגען איהם איז געווארען שטארקער. דער רבי האט זיך דערשראקען און איז אנטלאפען אין שלאס פון דעם פוילישען פריץ, קאנדידאט פון דער פוילישער נאציאנאליסטישער פארטיי, וואס אט די פארטיי

האָט איהם אַרויסגעשטעלט געגען דעם יודישען קאַנדידאַט, דעם בעוואוסטען יודישען שריפטשטעלער, דר. בירנבוים. אין שלאָס פון אָט דעם פּריץ האָט דער רבי פערבראַכט דריי וואָכען.

אין דער חסידישער וועלט איז געוואָרען אַ גוואַלדיגע אי־בערקערענים. וויזשניצע האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז זי בלייבט אָהן פּרנסה. ווארום דאָס רוב שטעדטעל ציהט איהר חיונה פון רבי'ן און פון די חסידים, וואס קומען צו איהם, מ'האָט גענומען זוכען מיטלען, ווי אַזוי צוריק צו בעקומען דעם רבי'ן. דער וויזשניצער געמיינדע־ראַט, ווי די יודען, אַזוי די קריסטען— אַלע אַנהענגער פונ'ם רבי'ן — האָבען בענוצט די געלעגענ־הייט. אין אַ שענעם פריהמאָרגען האָט מען אַרויסגעשיקט אַ דעפּוטאַציע, מיט'ן גלח אַן דער שפּיץ אין צנאָטען — אַזוי הייסט דער שלאָס, וואו דער רבי האָט פּלטה געמאַכט — מיט, אַן אַלט־אונטערטעניגסטע בקשה דער „פּאַסטוך" זאָל רחמנות האָבען און קומען צוריק צו די „שאָף".

דער רבי האָט זיך געלאָזט איבערבעטען. מיט טריומף איז ער אַריינגעפאָהרען אין זיין איינגענומענע שטאָדט. ער האָט געזיגט.

אָבער ניט אויף לאַנג.

די אָפענע רעוואָלוציע געגען רבי'ן האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ געהיימען טעראָר. מ'האָט ביין רבי'ן די שויבען געבראָ־כען. מסירות זענען געפלויגען אין די הויכע פענסטער. דער רבי האָט זיך דאָך געמוזט אונטערגעבען. ער האָט זיך אָבגעזאָגט פון פּאָליטיק אויף אַלע מאָל.

וויזשניצע, בכלל, וואס האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער חסידישער וועלט מיט אַ 50—60 יאָהר צוריק, בשעת רבי מענדעלע דער צווייטער איז געזעסען אויפ'ן טראָן, געהט אונטער. מעהר טאַלאַנט פון ר' ישראל'ניו האָט אַ פּנים זיין אינגערער ברודער, דער צווייטער פון ר' ברוך'לס צוועלף זיהן. יענער האָט זיך בעזעצט אין באַיאַן, אַ שטעדטעל ניט ווייט פון טשאָרטקאָוו און האָט דאָרט געגרינדעט אַ בעזונדער „מלוכה". אַן איידעם דעם אַלטען טשאָרטקאָווער'ס, האָט ער אי־בערגענומען דעם אַריסטאָקראַטישען פּוץ און דעם גלאַנץ פון

זיין שווער׳ס פיהרונג. ער האט א סך מעהר חסידים, ווי זיין על־טערער ברודער, און קאנקורירט שטארק מיט טשארטקאוו.

אין קאסאוו ווערט נאך אבער אלץ געפיהרט א בעזונדער מלוכה. אויפ׳ן טראן זיצט דארט ר׳ משה׳לע, או אוראייניקעל פון ר׳ מענדעלע דעם ערשטען. קאסאווער טראן איז שטארק געפאלען. דער איצטיגער רבי איז מעהר סוחר, ווי גוטער יוד. ער האנדעלט צו מיט בהמות, ברויכט צו וואכער. פון טאטענס הייזער געמאכט דירות און שטאלען און פערדינגט זיי. נאך זענענדיג אן אינגעל, זאגט מען, איז ער אריין שבת אין שטאל און האט זיך געזעצט רייטענדיג אויף א פערד. ער מאכט חוזק פונ׳ם גאנצען ענין. ס׳רוב חסידים זענען אריבער צום וויזשניצער. ס׳זענען אבער נאך געבליבען גענוג ביי איהם, וואס טראגען פדיונות. ווארום ווען אין חסידות, ווי אומעטום אין דער וועלט, שפילען א גרויסע ראלע פערזענליכע טאלאנטען, האט דא אבער אויך א סך צו זאגען „זכות אבות“.

די איבעריגע פון דער „גזע“ האבען זיך שוין לאנג אראב געלאזען צו דער מדרגה פון פראסטע מענשען, אין דעם אינגע־רען דור זענען שוין פאראן א סך וואס שטודירען. אפילו די קינדער פונ׳ם סאמע באיאנער רבי׳ן, איבערהויפט די טעכטער, זענען שוין היינטוועלטיג. א טייל פון זיי זענען אפילו מאדערן געבילדעט און בעלעזען.

# אין רבין'ס הויף.

(דעם ריזשינער'ס קינדער).

דער „ריזשינער" האט געלעבט אין סאדיגור ניט זעהר לאנג. ער איז געשטארבען א יאהר עטליכע און זעכציג. דערפאר האט ער גלעבט. די לעגענדע דערצעהלט פון א סיצילישען הערשער אין אלטערטום, אז ער איז געווען אזוי גליקליך, אז מורא האבענדיג פאר דער קנאה פון די געטער, האט ער מיט א כוון אריינגעווארפען אין ים א גאלדענעם רינג מיט א טייער'ן שטיין. דאס האט איהם כלומרשט געמאכט ליידען און זיין גליק איז שוין געווען פאלקאם. די געטער, וואס קוקען תמיד מיט א בייז אויג אויף מענשען, וואס זענען גליקליך, האבען, הייסט עס, איצט קיין גרונד ניט געהאט אויף א שנאה צו טראגען געגען איהם. די געטער האבען אבער ניט אנגענומען זיין מתנה. אמאל, אז מ'האט געכאפט א וואונדערליכען פיש און דערלאנגט איהם צום קעניג'ס טיש, האט מען, אויפשניידענדיג דעם פיש געפונען אין זיינע געדערים דעם קעניג'ס רינג. די געטער האבען זיך שפעטער מיט'ן סיצילישען הערשער גרוויזאם אבגערעכענט.

דער ריזשינער האט אויך געוואלט אבקומען פאר זיין „עולם הזה" און פלעגט געהן, כדי זיך צו פייניגען, אין שיך אהן זוילען. זיינע „סגופים" זענען אבער, א פנים, ניט אנגענומען געווארען, ווי די געטער צום הער־שער פון סיציליען, אזוי גרוויזאם איז אויך געווען דער שיקזאל פון דעם ריזשינער'ס קינדער. ער אליין האט נאך געלעבט און איז געשטארבען אין גלאנץ און פראכט פון זיין פירשטליך־רבייאישער מלוכה. אבער זיינע קינ־דער איז שוין ניט געווען בעשערט דיזעלבע ניט געשטערטע רוהיגע הערשאפט.

דער ריזשינער האָט געלאָזען 4 זיהן: ר׳ אברהם יעקוניו, ר׳ משה דוד׳ל, ר׳ בערעניו און ר׳ מרדכי׳עניו. דער עלטסטער — ר׳ אברהם יעקוניו, איז געבליבען אויפ׳ן טאַטענס טראָן. פאַר׳ן צווייטען — ר׳ משה דוד׳ל האָט מען געקויפט א מאַיאָנטעק „פּאָטאָק זלאָטי“, ניט ווייט פון טשאָרטקאָוו. ער האָט, אלס יונגער מאַן, ניט ארויסגעוויזען קיין שטאַרקע סמנים צו קענען זיין א פיהרער פון א חסידישער מלוכה. ער איז געווען פיעל מעהר ספּעציאַליסט צו פאָהרען רייטענדיג אויף פערד. דעריבער האָט מען א׳הם געגעבען די מעגליכקייט עוסק׳ען זיך ארום פערד און לעבען ווי א פריין. ס׳איז אָבער געווען א טעות. כאָטש קיין גרויסער „בעל תורה“ און „בעל קבלה“ איז ר׳ משה דוד׳ל ניט געווען, א טאַלאַנט פון א חסידישען פיהרער האָט ער אבער יע געהאַט. און דאָס האָט זיך ארויסגעוויזען שפּעטער, ווען ער האָט געגרינדעט דעם טשאָרטקאָווער טראָן און גלענצענד געפיהרט די מלוכה ביז אין טיעפען עלטער.

פאַר ר׳ מרדכי׳לען האָט מען געגרינדעט א בעזונדער טראָן אין הוסיאַטין — א שטעדטעל ביים סאמע גרעניץ פון רוסיש־פּאָדאָליען. דער טראָן עקזיסטירט ביז היינטיגען טאָג.

דער עלטערע זוהן פאַר ר׳ מרדכי׳לען, ר׳ בערעניו, — א זעהר תמימות׳דיגער יונגער־מאַן, א דיכטערישע נאַטור, דער איינציגער פיליכט, וואָס האָט זיך בעצויגען מיט טיעפען ערנסט צו חסידות און קבלה, האָט ניט געטויגט, א פּנים פאַר גאַליציען. פאַר דער אלגעמיינער סיסטעם פון דער ריזשענער׳ס „גזע“. פאַר איהם האָט מען געגרינדעט א טראָן, אָבער ווייטער פון די אויגען, אין א קליין שטעדטעל לעווע, אין רומעניען.

אָט די צוויי עלטערע זיהן איז בעשערט געווען א לעבען פול מיט שטורם און קאַמפּף. ר׳ אבדהם יעקעניו איז א לאַנגע צייט געזעסען אין טורמע, מיט דער רביצין, זיין ווייב און מיט׳ן גבאי, צוליעב א מסירה, אז ער האָט געמאַכט פאַלשע רוסישע רובל׳ס. דאָס א׳ז געווען א דונקעלע, פערפּלאָנטערטע געשיכטע. מ׳האָט אין „הויף ווירקלי׳ך געפונען א מאַשינקע פון געלד פאַבריצירען. די בעווייזע געגען „הויף“ זענען געווען אזוי שטאַרק, אז ס׳איז קיין אַנדער וועג ניט געווען, ווי ארויפ־

צואווארפען די שולד פאר דעם אונטערזוכונגס־ריכטער אויף דער רביצין, און פאר די חסידים — אויפ׳ן גבאי. דעם רבי׳ן מיט דער רביצין האט מען בעפרייט. דערפאר האט מען פעסט פאר־זעצט דעם גבאי. דער גבאי איז אבער אויך לאנג ניט געזעסען. מ׳האט איהם ארויסגע׳גנב׳עט, פארשטעלט פאר א דייטש. ער איז אוועק אין „ארץ ישראל“.

נאך שטורמדיגער און פול מיט דראמאטישען איני־טערעס איז געווען דער שיקזאל פון צווייטען זוהן — ר׳ בערע־ניו. ער איז געווארען, שוין כמעט אויף דער עלטער, אן „אפיקורס“, און געשטארבען אין א קורצער צייט ארום מיט א געהיימניספולען טויט. נאר ר׳ בערעניו׳ס דראמע איז א קאפי־טעל פונ׳ם אינערליכען רבייאישען הויפס־לעבען אליין פאר זיך. דאס איז פיליי‍כט די ריהרענדסטע דראמע, וואס האט ווען עס איז פאסירט אין דער חסידישער וועלט.

נאך ר׳ אברהם יעקעניו׳ס טויט הויבט אן סאדיגור האסטיג צו פאלען. זיינע קינדער שטארבען יונגע. דער קאנ־טראסט צווישן דער פרייער און לעבענסלוסטיגער ערציהונג אין דער יוגענד (צו לערנען ערנסט ווערין די קינדער אין סאדיגור ניט געצוואונגען; דערפאר האבען זיי פולע פרייהייט אומצו־לויפען און פערברייגגען די צייט אין שטאל פון די פערד) מיט דעם איינגעשלאסענעם, אויף יעדען טריט געמאסטענעם לע־בען נאך דער חתונה, מאכט זיי קרענקליך און זיי פארוועלקען פריה. עס בלייבט פונ׳ם פערשטארבענעם רבי׳ן א קליין קינד, א „ינוקא“. דערצו: אן עהרגייציגע רביצין־אלמנה און א ענערגישער גבאי. זיי ווילען זיך ניט שיידען מיט׳ן טראן און מיט׳ן גוט לעבען, וואס איז פארבונדען מיט דער מלוכה. עס קומט פאר א קאמפף, מיט אינטריגעס, טאקע פונקט, להבדיל, ווי אין די אמת׳ע קייזערליכע הויפען. דער „ינוקא“ ווערט גע־זעצט אויפ׳ן טראן. די רביצין אבער און דער גבאי זענען די פאקטישע הערשער. געגען ד ע ם פראטעסטירט דעם פערשטאר־בענעם רבי׳ס אינגערער ברודער. ער האט זיינע אנהענגער, און מיט זייער הילף פראקלאמירט ער זיך אלס רבי. ער שטארבט

אבער אויך יונג, און דאסזעלבע פאסירט מיט זיין זוהן און מיט דעם יונגעסטען ברודער.

אט אזוי האבען מיר איצט אין סאדיגור דריי רבייאים אין איין הויף. די קאנקורענץ איז מורא'דיג. די חסידים זענען צו־ריסען צווישען די דריי. דער גרעסטער טייל אבער פון די ערנ־סטערע זענען אין גאנצען אוועק פון סאדיגור. ווער אין טשארט־קאוו, ווער אין באיאן, ווער אין אטיניע, ווער אין הוסיאטין, וואו עס הערשען בעזונדערע צווייגען פון דעם ריזשינער'ס גזע. אין סאדיגור אבער קוקען די דריי רעבעצינס, דריי קאנקורענטקעס, אפט שטונדענלאנג ארויס פון די פענסטער, זעהן צי עס געהט א חסיד. און אז עס ווייזט זיך איינער, ווערט ניט זעלטען אן אפענע, הוילע רייסעריי. דער גוי'אישער לאקיי פון איין רבי'ן ציהט דעם אורח צו זיך און רעדט אוים וואס אין קארט שטעהט אויף דעם צווייטען רבי, וואס וואוינט טאקע דערביי אין א צווייטער טיר. דער גוי פון דער אנדער טיר שלעפט דעם חסיד צו זיין רבי'ן און קרוינט דערביי מיט גאר ניט קיין שענע טיטו־לען דעם רבי'ן פונ'ם ערשטען לאקיי, ניט פערגעסענדיג דער־ביי אויך די רביצין און איהר גאנצע משפחה.

געפאלען איז סאדיגור!... פערדונקעלט איהר גלאנץ און וויסט שטעהען די ווענט צו איהר. טרויעריגע געדאנקען פילען אן אייער נשמה, ווען איהר קוקט אויף די שטאלצע טורעמס־שפיצען פון דעם נאך איצט אויסערליך שענעם שלאס. עס דאכט זיך אייך, אז די שפיצען פון די טורעמס שפארען זיך, ווי יתומים, אין הימעל, זוכען דארט דעם ריזשינער און קלאגען זיך פאר איהם: אויף וועמען האסטו אונז געלאזען...

# ביי'ן טשאַרטקאָווער רבי'ן.

טשאַרטקאָוו האָט שוין לאַנג פערנומען דעם פּלאַץ פון סאַ־דיגור. אהער איז איבערגעגאַנגען דער גלאַנץ פון דעם ריזשי־נער'ס מלוכה־פיהרונג. ר' משה דוד'ל, וועמען דער ריזשינער האָט געלאָזען אהן א טראָן, ווייל ער האָט געזעהן, אז ער איז צופיעל ארייננגעטאָן אין פערד־שטאַל, האָט אין אָט דעם זוהן געהאָט א טעות. דער לוסטיגער פערד־ליבהאָבער האָט זיך שפּע־טער ארויסגעוויזען דוקא דער פעהיגסטער. און ווען דער שטערן פונ'ם ריזשינער'ס גזע גלאַנצט איצט העל און שטאַרק אין טשאַרטקאָוו, האָט ער עס זיין טאַלאַנט צו פערדאַנקען.

קיין בעל תורה איז דער אַלטער „טשאַרטקאָווער" קיין מאָל ניט געוועזן. ער האָט עפּעס געלאָזען א קליין ספר'ל—ריכטיגער חסידים האָבען געדרוקט א קליין דין ספר'ל פון זיינע תורה'עס, וואָס ער פלעגט זאָגען ביין טיש. אבער, א פּנים, זיי, די חסידים אליין, האַלטען ווייניג פון זיינע תורה'עס.

דער עיקר איז אויך ניט געוועזן אין דעם „טשאַרטקאָווערס" תורה. ווי תורה, בכלל, פערנעהמט ווייניג פּלאַץ אין דעם ריזשי־נערס מלוכה־פיהרונג. דער עיקר איז דאָ די „עבודה" — דער פייערליכער צערעמאָניאַל. דערין האָט דער אַלטער „טשאַרטקאָ־ווער" פּאָלקאָם איבערגענומען די ירושה פון דעם ריזשינער'ס סיסטעם. אַלץ איז דאָ נאָך דעם אַלטען שניט. ביי יעדער געלע־גענהייט האָט מען דערצעהלט פון דעם ריזשינער'ס פיהרונגען, דעם ריזשינער'ס תורה, דעם ריזשינער'ס ווערטער, ווערטלאַך, מעשיות.

ר' משה דוד'ל האָט גראָד געלעבט לאַנג. וואָס עלטער ער איז געוואָרען, אַלץ ערנסטער האָט ער זיך בעצויגען צו זיין בערוף, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרען זיין גלויבען אין זיך. ער

איז געווען די שטאַרקסטע פּערזענליכקייט צווישען אַלע קינדער פונ'ם ריזשינער. האָט אויך אין דער גאַנצער חסידישער וועלט געהאַט מעהר אָנזעהן. סאַדיגור איז אין גאַנצען פּעדרונקעלט געוואָרען פון טשאָרטקאָוו. טשאָרטקאָוו איז צעהנדליגע יאָהרען געשטאַנען, ווי א צייבערלעגענדע אין דער יודישער וועלט. דער פרעכטיגער פּאַלאַץ, דער פּאַנטאָן אין רבינ'ס הויף; די מערק־ווירדיגע רייכקייט און פּוץ פון די זאַלען; דער שענער פּאַרק אינ'ם רבי'ס הויף; די ברייטקייט, די פייערליכקייט פון די פּיהר־רונגען אין די געהויבענע טעג; די פּרעכטיגע, טייערע קליידער פון די הויזפרויען; דער גרויסאַרטיגער ארויספאָהר אויף די טייערע פערד. דאָס אַלץ האָט געוועקט די בעוואונדערונג פון דער גאַנצער וועלט. און ווען מ'האָט גערעדט פון דעם גלאַנץ און פּראַכט פון די גאַליציישע רביאישע הויפען, האָט מען איינגעשט־ליך גערעדט וועגען טשאָרטקאָוו.

דאָס אַלץ איז פערשטאַרקט געוואָרען הויכ'ן גלייבען אין דער בערירמטער יחוס־אָבשטאַמונג פון דעם רעזשינער'ס „גוע“. ר' הערש'ל האָט פעסט געגלויבט, אז איהם זיין מאַמע, דעם רי־זשינער איז ניט בעשערט געווען צו זיין דער ערלייזער פון די יודען, וועט די דאָלע פון משיח'ן איבערפאַלען גערויס איהם. מ'זאָגט אויך, אז דער ריזשינער האָט איהם דערין פערזיכערט, בשעת ער האָט געהאַלטען ביים שטאַרבען.

ניט אומזיסט טראָגט ער דעם נאָמען פון דוד המלך... זיין פּנים, צו די עלטערע יאָהרען האָט געמאַכט א טיעפען איינדרוק אויף רעם, וואָס האָט איהם געזעהן. עפּעס פערקלערטעס, ניט ערדישעס איז געווען איינגעזאַפּען אין די שטריכען פון זיין געזיכט. אז ער פלעגט דיכטעהן אין מאריענבאַד, וואוהין דעם רבי'ס פאמיליע פאָהרט אַלע יאָהר, נאָך פונ'ם ריזשינער'ס צייטען, — פלעגען זיך אַלע קורגעסט אָבשטעלען מיט בעוואונדע־רונג קוקען. וואָס פאַר אַנזעהענעס ער האָט געהאַט אין גאַנץ עסטרייך, בעווייזט דער פאַקט, אז הערצל האָט געהאַלטען פאַר נויטיג צו שיקען צו איהם א דעפּוטאַציע, אום צו פּאָראינטערע־סירען איהם מיט'ן ציוניזם (דער אַלטער טשאָרטקאָווער איז געשטאָרבען מיט א 5—6 יאָהר פאַר הערצל'ס טויט). די דע־

פּאָמאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון דר. אויערבאַך און דר.
זאַלץ — צוויי ווילנער ציוניסטישע טוער אין גאַליציען —
האָט פערבראַכט אין טשאָרטקאָוו אייניגע מאָנאַטען. זי האָט
אָבער גאָר נישט נע'פּועל'ט. ע"ה, רבי דוד'ל, וואָס איז גע־
ווען, לויט זיין מיטפבען גלייבנגן, אליין א גלגול פון דוד המלך,
וואָס גאָר איהם אליין האָט געפּאַסט צו זיין דער „משיח", האָט
מסתמא געקוקט מיט א שמייכעל אויף די שטרעבונגען פונ'ם
אפּיקורוס הערצעל צו זיין דער ערלייזער פון די יידען.

נאָר דער אַלטער טשאָרטקאָווער איז געווען דיפּלאָמאַט
גענוג נים צו אָבזאָגן גלייך דער דעפּוטאַציע פון דר. הערצל.
דער זוהן, דער טראַנגבאַלנער — איטינגער רבי — האָט דער
דעפּוטאַציע, וואָס מען, געגעבען אַנצוהערענעם דורך זיין גבאי,
אז דער רבי וואָלט פיליכט צושטעהן צום ציוניזם. ס'איז אבער
געווען אז די „שקלים" וואָלטען געהן דורך טשאָרטקאָוו...

אָבער אָבגעבען די פינאַנצען הייסט אָבגעבען אין גאַנצען
די מאַכט. דאָס וואָלט הייסען איבערגעבען דעם שליסעל פונ'ם
ציוניזם אין די הענד פון דעם חסידישען רבין. אויף ד ע ם,
נאַטירליך, האָט דר. הערצעל נים געקענט איינגעהן. דער „שדוך"
איז אַלזאָ נ י ם ג ע ו ו א ר ע ן געשלאָסען.

דער איצטיגער רבי פון טשאָרטקאָוו, ר' ישראל'ניו, איז
דער עלטסטער זוהן פון דעם אַלטען טשאָרטקאָווער, ר' משה
דוד'ל. נאָך א צייט פאַר דעם אַלטענס פּטירה איז ער געווען
באַשטימט צו זיצען אויפ'ן טאַטענס טראָן.

ווען עס וואָלט איצט נים געווען אַנדערע צייטען, וואָלט
טשאָרטקאָוו פאַר'ן איצטיגען רבי'ן, דערגרייכט דעם העכסטען
רוהם. אין דער גוף פונ'ם מעזריטשער מגיד איז פילייכט
קיין מאָל נים געווען קיין מענש, מיט א גרעסערן טאַלאַנט צו
זיין א רבי, ווי דער איצטיגער טשאָרטקאָווער. אין זיין שטאַל־
צען, באַפעהלערישען קול, אין זיינע רייד, מאַיעסטעטישע
באַוועגונגען, אין זיין גאַנצער הויכער און ברייטער פיגור איז
איינגעגאָסען עפּעס פירשטליכעס. אין קיינעם פון דעם רוזשי־
נער'ס קינדער און אייניקלאך האָט זיך נים אזוי פערקערפּערט
די כיבעס פון דעם ערשטען באַרימטער רבי'ס גרויסאַרטיגען

פיהרונג, ווי אין אַט דעם נרעסטען און לעצטען פיהרער פון גאַליציאַנער חסידות.

יע, דעם לעצטען. ווארום ניט זיינענדיג בעקאַנט אפילו מיט דעם אינגערליכען צושטאַנד פונ'ם איצטיגען חסידישען לע־בען אין גאַליציען, קען דער לעזער לייכט זיך אַנשטויסען, פער־גלייכענדיג אויפ'ן בילד דעם רבי'ן, ר' ישראלנ'ן, מיט זיינע צוויי זיהן, און זיין אייניקעל, אז מיט איהם, מיט רבי ישראל'ניו, ענדיגט זיך די שטאַלצע און גלענצענדע רבייאישאַפט לויט דער אידעע און פאַרשטעלונג פון דעם „ריזשינער“.

---

ביים טשאַרקטאָווער רבי איז מיר ניט געווען שווער צו קריגען אן אוידיענץ. איך בין שוין געווען בעקאַנט מיט זיין טאָכטער, די יונגע חוה'לע, און מיט זיין איידעם, חוה'לעס מאן, א צווייג פון ראחמיסטראָווקער און טאַלנער רבייאים. דאָס איז געווען א פרייטאג צו נאכט. חוה'לע האָט זיך גענומען אויף מאָרגען אבענד, שבת צו נאכט מיר צו אראנזשירען די אוידיענץ. א פּאָר ווערטער וועגען חוה'לען אליין. דאָס איז נאָך דעם רבי'ן, די איינציגע פּערזאָן אין הויף, וואָס איז אונ־געהייער פּאָפּולער אין שטעדטעל. פון אלע קינדער דעם רבי'ס איז זי די איינציגע, וואָס איז שטארק געראַטען אין איהם, ווי אויסערליך, אין פנים, אזוי אינערליך — גייסטיג. וואָלט זי געווען ניט קיין טאָכטער, נאָר א זוהן, האָט דער רבי געקענט זיין רוהיג מיט זיין טראַנספּאָלגער. זי איז אבער א טאָכטער, און די צייט ווען דעם רבינ'ס פרוי אָדער טאָכטער, האָט רעגירט מיט דער מאכט פונ'ם רבינ'ס שטעקען (ווי צ. ב. ביי ר' מאיר'ל פּרימישליאַנער) איז שוין אוועק. דערצו איז חוה'לע א פּראָג־רעסיווע, איז, אויב ניט סיסטעמאַטיש געבילדעט, דאָך פיין ענטוויקעלט. זי לעזט ניט בלויז די דייטשע ליטעראַטור, נאָר איז אויך בעקאַנט מיט דער יודישער. לעזט יודישע ערנסטע זשורנאַלען. וויים פון אלע פראַגען, וואָס שטעהען אויף דער טאַגעס־אָרדנונג אין יודישען לעבען. איז בעקאַנט מיט די קלאַ־סישע יודישע שריפטשטעלער. מיט איינציגע פון זיי — פּער־

זעגליך, דורך מאריענבאד. איהר ענטוויקלונג און ערציהונג האט זי בעקומען דורך איהרע א לעהרערין, א זעהר אינטעליגענטע גאליציש־יודישע מיידעל, א ווארימע נאציאנאליסטקע, וואס האט איהרע שטימונגען און מיינונגען געסטארעט זיך איבערגעבען איהר געהויבענער שילערין. דאס איז געווען אין יענע טעג, ווען גאליציען איז געווען שטארק בעלעבט אונטער דעם איינפלוס פון דער רוסישער רעוואלוציע.

חוה'לע איז געשטימט שטארק ציוניסטיש. זי וואלט אויך געוועז, ווי איך פערשטעה, עמפפענגליך פאר מעהר דעמאקראטישע אידעען, ווען אין שטעדטעל וואלט געווען א דעמאקראטישער יוגענד־קרייז.

מ'קען לייכט פערשטעהן, אז דער לעבען אין רבינ'ס הויף, דער גאנצער רבייאישער רעזשים הארמאנירט ניט שטארק מיט חוה'לעס מאדערנער וועלט־איינשויאונג. מ'קען זיכער זאגען, אז איהר ווייטערדיגער לעבען וועט געהן אויף א גאנץ אנדער שניט. בפרט, אז איהר מאן איז פאלקאם איינשטימיג מיט איהר. ער אליין איז פון דרום־רוסלאנד. אויב ער האט זיך ניט בעטיילינט אין דער רעוואלוציאנערער בעוועגונג, ווי די אייניקלאך פון ביאלער און לאדיער רבייאים, האט ער זיך דאך געפונען, צום טייל, אונטער דעם איינפלוס פון יענער מערקווירדיגער עפאכע. ווארום אין יענע טעג איז בוכשטעבליך קיין מענש, קיין ארט ניט געבליבען אויסער דער ווירקונג פון דער רוסישער רעוואלוציע.

דער קאמפף, וואס חוה'לע האט צו פיהרען אין הויף ווערט אבער געלינדערט דורך איהר געזעצטען כאראקטער, קלוגען טאקט און — דער עיקר — דורך דעם רעספעקט און ליבע, וואס זי האט צו איהר פאטער, צום רבי'ן. דערפאר איז זי אויך, זאגט מען, דעם רבי'ס ליבלינג. זי איז, אזוי צו זאגען, זיין געהיימראט אין וועלטליכע זאכען, כאטש זי איז נאך זעהר יונג — ניט עלטער פון צוואנציג יאהר*).

די טעכטער, ווי בעוואוסט, געניסען, בכלל, אין די רביי־

*) געשריבען אין יאהר 1913.

אישע הויפעז, א סך מעהר פרייהייט, ווי די זיהן. חוה'לע האט נאך מעהר פרייהייט. מ'גיט ניט שטארק אכטונג, ווער עס קומט צו איהר אין שטוב, מיט וועמען זי האט בעקאנטשאפט. דער־צו איז דער איצטיגער טשארטקאווער רבי אליין א מענש מיט א ברייטער'ן קוק אויפ'ן איצטיגען לעבען, איז א מענש א וועלט־ליכער. ווען די ראלע פון א רבי'ן שטערט איהם דירעקט צו האבען פערבינדונגען מיט דער ברייטער וועלט, אויסער זיין הויף, איז ער דערפאר זעהר גערן צו וויסען אלץ. וואס דארטען קומט פאר, דורך דער פערמיטלונג פון זיין טאכטער. מ'זאגט, אז חוה'לע לעזט איהם אדער גיט איהם איבער אלץ, וואס זי האט אליין געלעזען, געהערט און געזעהן אינטערעסאנטעס. דער רבי נעהמט דאס איבער, פערשטעהט זיך, אויף זיין שטויגער, נעהמט דאס אבער אלץ אריין אין זינען. די טראדיציאנעלע זומערדיגע מאריענבאד־רייזע ווירקט אויך א סך ברייטער צו מאכען דעם רבי'ס, ווי אויך דעם גאנצען הויה'ס קוק אויפ'ן לעבען. דארטען קומען זיך צוזאמען הסידים פון די פערשיידענסטע מינים, פון פערשיידענע לענדער. יעדער גיט איבער, וואס ס'טוט זיך אין זיין לאנד, אין זיין שטאדט, אין זיין קרייז, אין זיינע געשעפ־טען. יעדער דערצעהלט זייגע איבערלעבונגען. מאריענבאד דינט די לעצטע יאהרען, אפט, פאר די חסידים, אלס א פלאץ פון צוזאמענריידען זיך אין אינערליכע חסידישע זאכען, אבער אויך — אין ברייטערע, אלגעמיין־יודישע אינטערעסען. ס'פער־שטעהט זיך: די בעראטונגען, די בעשלוסען ווערן אנגענומען אין חסידישען, אין שטרענג רעליגיעזען זין. ס'איז אבער א פאקט, אז די חסידים און די רבייאים זענען די לעצטע יאהרען געצוואונגען ארויסצוגעהן פון די „פיער איילען" פון זייערע ענג חסידישע ענינים. דער ציוניזם, דער סאצ'אליזם, דער פאליטי־שער און נאציאנאלער קאמפף אין רוסיש־פוילען און גאליציען, און טאקע די פרנסה אליין, די ברייטערע עקאנאמישע אינטע־רעסען, וואס ווערען מ'ט יעדען יאהר אלץ מעהר פערוויקעלט און פערקניפעלט מיט די נאציאנאלע, סאציאלע און פאליטישע פראגען פון לעבען, דאס אלץ פאדערט אן ענטפער. ניט ווייניגער פון דאס אלעס, און פיליכט מעהר פון די אלע פראגען, ארט

איצט שטארק דעם חסיד — די ערציהונגס־פראגע. דער סאָציאַ־ליזם, דער ציוניזם און מעהר פון זיי ביידען — די אסימילאציע רייסט אוועק פון חסיד זיינע קינדער. דער רבי איז דער גרעסטער אויטאָריטעט. ער מוז זיך צו דאָס אלץ צו האָרכען. ער מוז געבען אן עצה. ער אליין איז אין דעם מיט לייב און לעבען פער־אינטערעסירט. ווארום די ווינטען פון דער נייער צייט האָבען זיך אויך אין זיין הויף שוין לאנג ארייננעריסען. דעם חסיד׳ס צרה איז זיין צרה.

און אזוי ווערט אין מאריענבאד געלעגט דער פונדאמענט פון אָרגאניזירען די גאנצע יודישע אָרטאָדאָקסיע. דער „פיינד" איז צו שטארק. דיזעלבע וואונד, דערזעלבער וועהטאָג ביי די חסיד׳ם, ווי ביי די פרומע מתנגדים. די אלגעמיינע צרה פער־בינדט די געגנער און פיינד אין קאמפף געגען א נאָך גרעסערן און שטארקערן פיינד.

אַט אזוי ווערט געגרינדעט מיט עטליכע יאָהר צוריק די „כנסת ישראל", וואָס האָט שיין א ברייטערן כאראקטער, ווי די פריהערדיגע „מחזיקי הדת". זי הויבט אָן אריינצונעהמען אין איהר פראָגראם נאַציאָנאלע און עקאָנאָמישע פראגען. ווערט אָבער באלד חרוב דורך די קאָנטראסטען פון איהר פראגראם און עלעמענטען. די פראָגראם און אָרגאניזאציע פון די אָרטאָ־דאָקסען מאכען דורך פערשיידענע גלגולים. די ערשטע פרובען גיבען זיך נ׳ט איין. דער דעוויז: „אָרטאָדאָקסען פון אלע לענדער פעראייניגט אייך!" קלייבט ניט לייכט צונויף גרויסע מחנות. די נויטיגקייט אין אָרגאניזאציע פיהלט זיך אבער שטארק. בע־גוגענט מען זיך דערווייל מיט דעם שלאגוואָרט: „רבנים פון אלע לענדער פעראייניגט אייך". עס ווערט בעשאפען מיט א פאָר יאָהר צוריק די „אגודת הרבנים". אונטער איהר פאָהן קו־מען זיך צוזאמען, ווי די גרונדזיילען פון חסידות — דער משאָרקטאָווער, דער גערער, דער ראדזימירער, אזוי אויך דער גרעסטער אויטאָריטעט פון די רוסישע רבנים — דער בריס־קער רב — ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק. דער „אגודת הרבנים" האָט זיך ווירקליך איינגעגעבען ארייננעהמען די גרעסטע רבנים פון דער גאנצער וועלט.

איינעם פון די וויכטיגסטע פלעצער, און פיליכט דעם וויכטיגסטן פלאץ פערטרעט, ווי מ'האט געזאגט, אין אט דעם רבנים־פערבאנד דער טשארטקאווער רבי. ער איז דער גרעסטער קאמפראמיסלער. נאך זיין מיינונג איז נויטיג די בעשאפונג פון דער רבנים־ארגאניזאציע ניט בלויז צוליב קאמפף, נאר אויך עפעס צו טאן, עפעס צו בעשאפען. כדי צו קעמפפען מיט דער וועלטליכער שולע בעשליסען די רבנים צו גרינדען אומעטום אייגענע ארטאדאקסישע שולען. דער טשארטקאווער רבי מיינט, אז דאס איז ווייניג. די שולע מוז פערבונדען ווערען מיט א האנדווערק־שולע. עס זאל זיין „תורה עם מלאכה“, ווי אונזערע חכמים האבען געדרשנט. די שולען פון די פרומע דארף זיך ניט אונטערשיידען מיט קיין זאך פון די אלגעמיינע שולען.

נאך דער וואס וויים די איצטיגע בעדינגונגען פונ'ם חסידי־שען ערציהונג אין גאליציען און רוסיש־פוילען, קען אבשאצען די אונגעהייערע בעדייטונג פון דעם טשארטקאווער רבי'ס רע־פארם. איך שטעל דעם ווארט ר ע פ א ר ם ניט אין פאר־סעקלאך, ווייל איך בין מיט דער מיינונג, אז דעם טשארטקא־ווער רבי'ס אידעע פערדינט מ'זאל זיך צו איהר ערנסט בעצי־הען. די פעראייניגונג פון דער עלעמענטארער פאלקסשול מיט א האנדווערקשול איז די פאדערונג פון דער נייסטער פעדאגא־גיק. אין אט דער הינזיכט שטימט דעם טשארטקאווער רבי'ס אידעע פאלקאם מיט די נייע ערציהונגס־רעפארמען אין דער לעצטער צייט. פאר גאליציען און רוסיש־פוילען אבער, ווי אויך פאר דער גאנצער יודישער ערציהונג, האט אט דער פראיעקט אן אונגעהייערע בעדייטונג. דער גרעסטער אונגליק פון יודי־שען לעבען אין גאליציען און רוסיש־פוילען בעשטעהט אין דעם, וואס די מלאכה פאלט דארט שרעקליך ביי יודען.

דעם טשארטקאווער רבי'ס פראיעקט אליין, בעשטעטיגט, מיט דער מאכט פון אזא אונגעהייערן אויטאריטעט, ווי ער (דער רבי) איז אין דער ארטאדאקסישער וועלט, צוויי גרויסע זאכען: ערשטענס — דעם איבערגאנג פון דער אלטפרענקישער תלמוד־תורה אין א מאדערנער פאלקסשול; צווייטענס — די פאראייניגונג פון דער פאלקסשול מיט א האנדווערק־שול. אמת

פראָגרעסיווע עלטערן, וואָס שטעהען אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז רעליגיאָן איז אַ פּריוואַט־זאַך, און דעריבער דאַרף זי אויסגעשלאָסען ווערען פון דער שולע, ווילען זייערע קינדער אין אַזאַ שולע ניט שיקען. אַבער פרומע יודען זענען אין גאַליציען, אין רוסלאַנד און אפילו אין אַמעריקע נאָר זעהר, זעהר אַ סך. זיי ווילען נאָך לאַנג ניט שיקען זייערע קינדער אין אַזאַ שולע, וואו רעליגיאָן איז דאָרט אויסגעשלאָסען פון דער ערציהונג. פאַר זיי איז דעם טשאָרטקאָווער רבי'ס פּראָיעקט אַ ריזיגער שריט פאָרווערטס. ס'פערשטעהט זיך: ניט דערמיט, וואָס ער האָט אין זיך עפּעס נייעס, נאָר דערמיט, וואָס ער איז דעם טשאָרטקאָווער רבי'ס, וואָס ער בעלאַנגט צו אַ מענשען וועלכער האָט דעם גרעסטען אויטאָריטעט אין דער חסידישער וועלט.

איך האָב זיך אויף דער יודישער ערציהונגספראַגע און אויף דעם טשאָרטקאָווער רבי'ס פּראָיעקט געמוזט לענגער אָבשטעלען, איידער איך שילדער פאַר'ן לעזער מיין וויזיט ביין טשאָרטקאָווער רבי'ן. וועגען דעם פּראָיעקט האָב איך געוואוסט פריהער. מיין בעזוך האָט דאָ אַלזאָ געהאַט מעהר בעדייטונג פאַר מיר, ווי דער וואונש צו בעטראַכטען דעם רבי'ס פּערזענליכקייט. איך האָב געוואָלט מיט איהם פּערזענליך ריידען, וויסען, ווי שטעלט ער זיך פאַר די יודישע ערציהונגס־פּראַגע און וואָס האָט ארויסגערופען זיין שול־פּראָיעקט. מיין נייגיריגקייט צו זעהן איהם (דעם רבי'ן) איז אַלזאָ געווען גרעסער, ווי די נייגיריגקייט צו זעהן אַן אַנדער רבי'ן.

אין דער בעשטימטער צייט בין איך אריין אין רבי'ס שטיבעל. אַ סך חסידים האָבען געוואַרט אויף זייער רייה „פּראָווען זיך" ביין רבי'ן*). נאָר איך בין שוין געווען בעקאַנט מיט איינעגע הויפּט פּערזאָנען פון רבי'ס הויפּשטאַאט. מ'האָט מיך באַלד אריינגעלאָזען.

דעם רבי'ס אוידיענץ־קאַבינעט שטעלט פאַר אַ גאַנץ ברייי־

*) „פּראָווען זיך" הייסט אויף חסידישען לשון קריגען ביין רבי'ן אַן אוידיענץ, אריינגעלאָזען ווערען צו איהם.

מען און שענעם זאל. ארום די ווענט — א זאפע מיט ווייכע שטוהלען. קיין גבאי אינעווענינ, אזוי ווי אין סאדיגער און אין בעלז, איז נישטא. דער טשארטקאווער רבי דארף ניט האבען דעם גבאי׳ס הילף ביי זיינע אויפנאמען. דאס ווייזט אויף זיין שטאלץ, אויף זיין מאכט.

איך האב מיך ניט געדארפט פארשטעלען פאר׳ן טשארט־קאווער: ווער און וואס איך בין און צוליב וואס איך בין גע־קומען. חוה׳לע האט דאס מיר פערשפארט. דער רבי האט מיר, זיצענדיג ביים טיש אויסגעשטרעקט איבער׳ן טיש די האנד, אבער מיט א גאנץ פריינדליכען פנים און אנווייזענדיג מיר אויף א דערבייאיגען שטוהל, געבעטען זיצען.

נאכ׳ן „שלום עליכם“ און זעצענדיג זיך אויפ׳ן שטול, ביים טיש, געגענאיבער דעם רבי׳ן, בין איך גלייך צוגעטראטען צו דער טעמע, וואס מיך האט אינטערעסירט. עס האט זיך אבער ארויסגעוויזען, אז דער טשארטקאווער האט ניט זעהר גערן גע־וואלט ארייין אין פרטים וועגען זיין רעפארם־פלאן.

די מעשה איז, אז ווי נאר די „אגודת הרבנים“ האט אנ־געהויבען צו ווייזען סמנים, אז זי בויגט זיך אביסעל צו דער זייט פון קאמפראמיסען מיט׳ן לעבען, האט זיך אנגעהויבען געגען איהם א קאמפף. פון איין זייט איז ארויסגעטראטען מיט א פייערדיגען אויפרוף צו די חסידים — דער בעלזער רבי; פון דער אנדער זייט האט זיך דערשראקען פאר די „רעפאר־מען“ איהר אויפטוער אליין — דער בעריהמטער פאנאטיקער, דער פראנקפורטער דר. ברייער. ער איז ארויסגעטראטען פון דעם רבנים־פערבאנד און האט געגרינדעט א נייעם פעראיין „אגודת הרבנים החרדים“, ד. ה. א פעראיין פון אמת־פרומע רבנים. אין אלגעמיין בעקומט זיך זעהר אן אינטערעסאנט בילד: א חסידישער רבי אלס רעפארמער און א דאקטאר פילאזאף אלס קעמפפער געגען אלע רעפארמען..

דער רבי האט מיר אבגעלייקענט דעם פאקט, אז דער פרא־יעקט פון שולען פאר רעליגיעזער ערציהונג, בילדונג און מלאכה צוזאמען שטאמט פון איהם. אבער ער סימפאטיזירט מיט איהם שטארק. דאס גלייכען, ווי ער האט מיר ערקלערט, האט ער אויף

ניט גענומען קיין בעזונדער שטארקען אנטייל אין גרינדען די „אגודת הרבנים". אבער ער שטימט אויך מיט איהר נויטיגקייט. ער ווייס אויך, אז אידען בעלי מלאכות ליידען א סך דערפון, וואס זיי ווייסען שלעכט די ארבייט. דער לעבען איז ניט אזוי פשוט ווי אמאל. ביי די רבנים גופא איז פאראן א סך פראגען צוליב וואס זיי מוזען זיך פעראייניגען.

איך האב איהם געזאגט, אז איך ווייס, אז דער בעלזער איז קעגען זיין פלאן.

— יע, — זאגט ער, — צוליב דעם טאקע מיש איך זיך איצט ווייניג. איך וויל אויסמיידען מחלוקת. דאס וואס איז נויטיג, וועט מסתמא זיין. מ'דארף אביסעל אויסווארטען.

דער טשארטקאווער רבי איז בכלל א רוהיגער מענש. א שטארקע פערזענליכקייט און א דיפלאמאט, מישט ער זיך פונדעסטוועקען ווייניג אין פאליטיק. יעדע פאליטיק פיהרט צו מחלוקת און ער וויל לעבען מיט דער וועלט בשלום. פונדעסטוועגען הארכט ער זיך צו אליץ צו, האט פאר אליץ אינטערעס. ער איז כמעט דער איינציגער חסידישער רבי אין איצטיגער צייט, וואס געניסט פיעל אנזעהן אין אלע קרייזען. דער בעריהמטער פוילישער פירשט לובאמירסקי קומט צו איהם אין א וויזיט דורכשמועסן זיך איבער פאליטישע פראגען. דער בעוואוסטער ציוניסט דר. טריטש פראיעקטירט מיט עטליכע יאהר צוריק א נייע טעריטאריע, דעם אינזעל ציפערן, האלט ער פאר נויטיג צו פאהרען צום טשארטקאווער, געווינען איהם פאר זיין פראיעקט. דר. יונג וויל גרינדען א יודישע גימנאזיע; דר. רופין — פערוואלטער פונ'ם ציוניסטישען נאציאנאל־פאנד—מאכט א פארשונגס־רייזע; דר. זאליץ פראיעקטירט א נייע קאלאניע אין ארץ ישראל — אלעם געהט צום רבי'ן און ער הערט אלעמען אויס.

איך האב נאך מיט'ן רבי'ן פערבראכט א היבשע צייט. איך האב איהם איבערגעגעבען מיינע איינדריקען פון מיין רייזע איבער גאליציען. מיר האבען גערעדט איבער דעם שווערען קריזיס, וואס גאליציאנער יודען לעבען דורך, איבער דעם עקאנאמישען אנטיסעמיטיזם פון יודישע פאבריקאנטען אין רוסיש־

פוילען און גאליציען. איך האָב איהם געזאָגט, אז נאָך מיין מיי־נונג קען געהאָלפען ווערען נאָר דורך א גרינדליכע ענדערונג און דער ערציהונג פון דער יודישער יוגענד. די חסידישע רביים שטעהען צופ על אַן א זייט פון לעבען. זיי האָבען געקענט א סך ווירקען אויף די פּרוכיע יודען, ווען זיי וואָלטען זיך צוקוקען געהענטער צום יודישען לעבען.

איך קען זיך ניט בעריהמען, אז איך האָב געהאַט א גע־וויסע ווירקונג אויפ'ן טשאָרטקאָווער. איך בין אויך צוליב דעם ניט געקומען. דער רבי האָט זיך געהאלטען זעהר פאָר־זיכטיג. אבער זיין געשפּרעך מיט מיר איז געווען מעהר, ווי אַן אָפּיציעלער. עס איז קענטליג געווען, אז די אויסענוועלט אינטע־רעסירט איהם שטארק. צום שלום פון אונזער געשפּרעך האָט ער געהאַלטען פאר נויטיג איבערצו'חזר'ן, אז דער פּראָיעקט פון שולען שטאַמט ניט דירעקט פון איהם, און אז ער בעטייליגט זיך איצט ווייניג אין דער „אגודת הרבנים". איבער די פראגען פון יודישען לעבען אינטערעסירען איהם. ביים געזעגענען זיך האָט ער מיך בעגלייט ביז צום טיר, און מיר עטליכע מאָל געדריקט ווארם די האנד.

אויף מאָרגען האָט מיר חוה'לע אויסגעוויזען דעם רבי'ס פּאלאַץ, די גרויסארטיגע זאַלען, די פּראכטפאָלע מעבעל, הויז־געשיר, בילדער, בעפּוצונג. דאָס אלעס מאכט א שטארקען איינ־דרוק דורך דעם פיינעם, אריסטאָקראטישען סטיל, וואָס ליגט אויף יעדער זאַך. דורך דער ברייטקייט, רייכקייט און שטרענגע אָרדנונג, וואָס הערשט אומעטום. בעזונדערס אינטערעסאנט איז דער שלאָפצימער פונ'ם אלטען רבי'ן ר' משה דוד'ל. עס שטע־הען נאָך די צוויי בעטען, איינפאכע הילצערנע לאקירטע בע־טען, פּערבעט; ווי זיי וואַרטען נאָך אויף איהם, אז ער וועט קומען און לעגען זיך דארין. דערביי — זיין זופּעצע, זיין שטריי־מעל, זיין שטעקען — אלץ ניט געריהרט, אין דער זעלביגער אָרדנונג, ווי בעת ער האָט געלעבט.

ברייט און שען איז אויך דעם רבי'ס הויף און דער גרויי־סער גאָרטען ארום דעם פּאַלאַץ. דאָס אלץ איז ניט פערשלאָסען, ניט פערריגעלט פאר שטעדטעלדיגע און זייטיגע מענשען, ווי

אַן אמת'ער קעניגליכער און פּירשטליכער שלאָס. דאָ, און אין גאַרטען, איז דער שטעדטעלדיגער שפּאַציר־אָרט. שבת נאָך וואַרמעס קומען אהער יודען, ווייבער, קינדער אויסרוהען זיך אויפ'ן גראָז, אונטער'ן רבי'ס פענסטער. אין די אַלטען פּונ'ם גרויסען גאָרטען מאַכען שטעדטעלדיגע בחורים און מיידלאָך זייער ליבעס־זעהענעסען. קיין חרם ווערט אויף זיי ניט ארויפגעלעגט. קיינער ווערט ניט געשטערט. דער רבי מישט זיך ווענינ אין אינערליכען לעבען פון זיין שטעדטעל. א קאַמ־פּראָמיס צווישען השכלה און חסידות א'ז דאָ שוין לאַנג אויסגע־קעמפּפט. א פּייערדיגער שאַפּירניק איז דער הויף־בלעבער ביין רבי'ן. א בעוואוסטער אמאָל אפּיקורס — דער בוכפיהרער אין געשעפט פון דעם רבי'ס זיהן.

# ביי די סאַדאַגורער רבּיים׳לאַך אין א וויזיט.

אָנגעהויבען האָב איך פון דעם איננסטען. דאכט זיך ר׳ מענדעלע רופט מען איהם. געקומען ב׳ין איך אפריהער צום שבת׳דיגען טיש. מיין אריינקומען האָט ניט געמאכט קיין בע־זונדער איינדרוק. דעם רבי׳ס טיש איז שטענדיג אָפען פאר יע־דען: א שטערטעלדיגער צו א פּרעמדער, א חסיד צו א „דייטש". איהר דארפט זיך נאָר בעציהען ערנסט, ניט לאכען, קימערט מען זיך דאָ נ ט וועגען אייך. מ׳האָט מיך זאָגאר מקרב געווען: איינגעלאַדען זיך זעצען אויפ׳ן באנק, נעהענטער צום רבי׳ן. נאָר איך האָב גערעכענט פאר זיך בעקוועמער צו בעטראכטען דעם „טיש" פון א זייט.

אויף די בענק, ארום טיש און ביי די זייטען, זענען געזעס־סען און געשטאַנען א דריי, פיער מנינים חסידים. נעהענטער צום רבי׳ן — עטלכע שענערע יודען. דאך, א פּנים, ניט זעהר קיין געהויבענע. א פייערליכע שטילקייט האָט געהערשט אין שטיבעל. אויף די פּנים׳ער איז געלעגען אן ערוואַרטונגספולע שטימונג. אלעמענס אויגען זענען געווען געווענדט אין דער זייט פונ׳ם רבי׳ן.

דער „רבי" — אייגענטליך א רבי׳לע: מ׳האָט איהם פון ווייטען מעהר ניט געקענט געבען, ווי א יאָהר דרייצעהן, פערצעהן, —איז געזעסען אין א נייער שווארץ־אטלעסענער זופּעצע מיט א גרויסער, א הויכער שטריימעל — א פּנים א ירושה פונ׳ם טאַטען — געזעסען איינגעגורעט טיעף דעם פּנים און אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אויף די איילענבויגענס. עס האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט זיך פערטיפט אין גרויסע מחשבות, שוועבענדיג, בשעת מעשה, ערגעץ אין אנדערע וועלטען, און נאָר ניט קימערנדיג זיך וועגען דעם, וואָס טוט זיך ארום.

א לאנגע צייט האָט געדויערט אָט די פּאַוזע. דערנאָך האָט זיך דער רבי׳לע, אזוי ווי אויפגעכאַפּט: צוריק אראָבגעלאָזען זיך פון יענע הויכע עולמות אויף דער זינדיגער ערד, א טיעפען זיפץ געטאָן און אויך אזוי שטיל גענומען זיך שאָקלען, דבקען אלץ מיט אראָבגעלאָזטע אויגען, מיט אַן איינטאָניגען „אי־אי־אי“, פריהער לאנגזאם, לאנגזאם, דערנאָך פארנאנדערשאָקלענדיג זיך אלץ שטארקער און פער׳דבק׳ענדיג זיך אלץ הארציגער, רחמנות׳דיגער, טיעפער.

די ארומיגע האָבען אלץ ניט אבגעקעהרט פון איהם די אויגען, ארויסלאָזענדיג צייטענווייז א זיפץ און ווארטענדיג אויף עפּעס, ווי עס האָט געדארפט פּאסירען וואָס אונגעוועהנליכעס.

איינינגע מינוטען האָט געדויערט אָט די צווייטע אבטיילונג פון׳ם שבת׳דיגען טיש. דאַן איז ווידער איינגעטראָטען א פּאוזע. די ארומיגע, איבערהויפּט די, וואָס זענען געזעסען נעהענטער צום רבי׳לען, האָבען ארייננעשפּארט אין זיין זייט די אויגען נאָר אין א מעהר שפּאַנענדער ערוואַרטונג.

אין מיטען האָט דער שמש דערלאַנגט צום טיש: חלה און עטליכע קליין געשניטענע שטיקלאך פיש. דער רבי׳לע האָט אויסגעשטרעקט אויך אזוי פייערליך און לאנגזאם, ווי ער האָט זיך פריהער גע׳דבק׳עט, צוויי פינגער, גענומען פון איין טעלער א שטיקעל חלה (געוואַשען זיך און קידוש געמאכט האָט ער א פּנים, פריהער, ביי זיך אין דער היים).

אין דערזעלבער סעקונדע האָבען זיך, ווי א פייל פון בויגען, א לאָז געטאָן פוןביידע זייטען טיש א צעהן פּאָר הענד, און דער טעלער איז מאָמענטאל לעדיג געוואָרען. ווידער א פּאוזע. דער רבי׳לע האָט נאָך אמאָל אזוי ווי פריהער, אויסגעצוינגען די פינגער, דאָס מאָל גאָך א שטיקעל פיש. און ווידער איז, אין דערזעלבער סעקונדע, דער טעלער געבליבען לעדיג פון פיש. דאָס זעלבע האָט פּאסירט מיט פלייש, מיט די צימעס.

אָט די טיש־צערעמאָניע הייסט כאַפּען „שיריים“. דער „שיריים־כאַפּען“ איז געבויט אויף דעם גלויבען, אז דעם רבי׳ס פינגער זענען הייליג. צו וואס ער ריהרט ז׳ך צו, אין דאָס געהט איבער זיין געטליכע קראַפט און דעריבער איז דאָס הייליג, איז

דאָס אַ סגולה אַריינצובעקומען אין זיך די **נצוצות**, — **פונקען**— פון דעם רבי׳ס געטליכקייט.

פון מיין אויג איז אָבער ניט ענטגאַנגען, אַז איינער פון די חסידים האָט געפּאַלשעוועט אין די „שיריים“. וואו ער האָט אַהין געטאָן — די שטיקלאַך פיש, פלייש, און אַז. וו. האָב איך ניט געוואוסט. נאָר איך וואָלט שווערן, אַז אין מויל האָט ער זיי ניט געלעגט.

איך האָב אויפמערקזאַם געמאַכט אויפ׳ן פאַלשען חסיד מיין בעגלייטער, אַ סטודענט פון טשערנאָוויצער אַקאַדעמישען יודישען קולטור־פעראיין. ד ע ר האָט מיר ערקלערט, אַז דאָס איז ניט קיין זעלטענהייט. עס זענען דאָ חסידים — דרעלי־קאַטע נאַטורען, וואָס זיי עקעלט נעהמען אין מויל די עסענץ, וואָס אַנדערע האָבען איבערגעטאַפּט און איבערגעקנאָטען מיט די פינגער. ניט כאַפּען — פּאַסט ניט. דאָס וואָלט געהייסען אַ בעליידיגונג פאַר די חסידים און, אפילו, פאַר׳ן רבי׳ן אַליין. דאָס וואָלט דאָך געווען אַן עפענטליכער לייקענען אין דעם רבי׳ס הייליגקייט. בענוצען זיי זיך מיט דעם אַלגעמיינעם טו־מעל פון דער כאַפּעריי און וואַרפען אַריין די שיריים אין אַ פּאַפּיר, וואָס זיי האָבען שוין פון פריהער אָנגעגרייט אין קע־שענע, דערנאָך וואַרפען זיי עס אַרויס.

קיין תורה האָט דער רבי׳לע ניט געזאָגט. נאָכ׳ן עסען האָט מען מכבד געווען איינעם פון די חסידים, וואָס זענען געזעסען די נעהענטסטע צום רבי׳ן — אַ פּנים אַ חשובער אורח — מיט בענטשען. נאָכ׳ן בענטשען, וואָס האָט לאַנג ניט געדויערט, האָט זיך דער רבי אויפגעהויבען, אין בעגלייטונג פון **זיינע צוויי** גבאים, וואָס זענען געשטאַנען ביי איהם די **גאַנצע צייט פון** ביידע זייטען, און האָט זיך מיט לאַנגזאַמע טריט, **מיט נרויס** ווירדע, אין פייערליכען שווייגען, געלאָזען **אין זיינע חדרים.**

מיר האָט זיך געדוכט, אַז, אַריינקומענדיג, **צו זיך אין** שטוב, און פיהלענדיג זיך פריי פון דעם שטייפען עטיקעט, וואָס די רבי׳ישאַפט האָט דעם יונגען אינגעל אָנגעצוואונגען, האָט דער פריהער ערנסטער, פערגלאַצטער און פערדבק׳עטער „רבי“, אַראָפּגעוואָרפען פון זיך די שווערע שטריימיל און נאָך שווע־

רערע, לאנגע אטלעסענע זופּעצע, און שטיפעריש צושריען זיך:
„מאמע! ניב אן עפעל!“

איבריגענס איז דער „ינוקא“ שוין מעהר קיין קינד ניט געוועזן. ער האָט שוין געהאַט א ווייב. אמת, ניט קיין ווייב, נאָר — א ווייבעלע. ביי איהם איז שוין אפּ־לו א פּאָר יאָהר נאָך דער חתונה. חתונה האָט ער געהאַט פאר'ן זעצען זיך אויפ'ן טראָן. ביי רבייאים האָבען די קינדער, אין אלגעמיין, פריה חתונה. נאָר מיט'ן „ינוקא“ האָט מען זיך נאָך מעהר צוגעאיילט, ווייל א רבי טאָר ניט זיין קיין בחור. א בחור קען אמאָל האָבען זינדיגע מחשבות און א רבי דארף זיין ריין פון זינד, דארף זיין הייליג.

אין אבענד, שבת צו נאכט, בין איך געוועזן ביים רבי'לע אין א וויזיט. מ'האָט מיר געראָטען איך זאָל זיך אויסגעבען פאר א דאַטש — א חסיד פון רוסלאנד, צי פון אמעריקא. נאָר מיך האָט גראָד אינטערעסירט צו זעהן, ווי אזוי מ'וועט קוקען אין רבי'ס הויף אויף א מענשען, וואָס קומט ניט אלס חסיד, נאָר דוקא אלס שריפטשטעלער, און קומט דערצו אָהן א פּדיון. איך האָב מיך דעריבער ניט געוואָלט פארשטעלען. האָב געזאָגט דעם אמת: ווער און וואָס איך בין, און אז איך קום אין גאליציען צו שטודירען דאָס יודישע לעבען.

געפעלען איז אָט דער פּשוט'ער אמת ניט זעהר. אין רבי'ס הויף, ווי אין אלע „הויפען“ האָט מען ניט שטארק ליב אונזערע ברידער. דאָך האָט דער טיר־גבאי געפּיהלט, אז ער וועט בעקומען זיין „מטבע“ שפּעטער און האָט מיר אריינגעלאָזען צום רבי'ן.

דער רבי'לע איז געזעסען אויף א ווייכען לעהנשטוהל אין א ווינקעל, קעגען טיר. דער אויפנעהם־חדר איז געוועזן ניט קיין גרויסער, אבער שענער, מיט ווייכע מעבעל בעפּוצטער צימער. נעבען איהם איז געשטאַנען דער הויפּט גבאי — א רויטער אייזערנער יוד, נאָהענט צו פונפציג, מיט אן ענערגישען, דורכגעטריבענעם פּנים. ס'איז קענטיג געווען, אז דער רעכטער הערשער איז ער און דער רבי'לע איז ביי איהם אין שפּאָן.

דער טיר־גבאי האָט זיי — דעם גבאי־ראשון און דעם רבי׳לע, שוין פריהער פון מיר דערצעהלט. דער לייב־גבאי האָט מיר אויסגעשטרעקט די פינגער מ ט קענטיגער אונצופרידענ־הייט, געבענדיג מיר „שלום" און פרעגענדיג מיט א קאלטען, אַפּיציעלען טאָן: וואָס איך פערלאַנג.

פיעל ווארימער איז אבער געווען דער „קבלת־פּנים" פונ׳ם רבי׳לע אליין. ער האָט מיך אָנגעקוקט מ׳ט זעהר נייגיריגע, פריינדליכע אויגען, ווי א מענשען, וואָס איז געקומען צו איהם פון אן אנדער, איהם גאנץ אונבעקאנטער וועלט.

איך האָב איצט געהאט די געלעגענהייט גוט צוקוקען זיך צום רבי׳לע. ער האָט מיר אויסגעוויזען עלטער ווי אין דער פריה ביין טיש, אבער נאַטירליכער, מענשליכער. אין אמת׳ן איז ער אלט א יאהר זעכצעהן־זיבצען. אויף זיין פּנים איז גע־ווען או־סגעוואקסען א מערקווירדיגע צארטקייט, „זייד," ווי מ׳זאָגט אין פאָלק. בעזונדערס איז אין זיינע שווארצע, רונ־דע, געדיכט בעברעמטע אויגען, געלעגען א מין אריסטאָקראַ־טישער אדעל, און דערצו — א פיינע אָנגעבארענע אינטע־ליגענץ.

אין מיין געזיכט האָט ער, אפנים, אויך ניט בעמערקט קיין שום פערדעכטיגס. נאָך אן איינגעהאלטענעם, אבער גאנץ פריינדליכען „שלום" האָט ער מ׳ך געבעטען זעצען זיך אנטקע־גען איהם אויפ׳ן צווייטען לעהנשטול. די שטייפע, אנגעקראכ־מעלטע, אַפּיציעלע רבייאישע האלטונג איז כמעט אין גאנצען אַראָב. ער האָט מיט גרויס נייגיריגקייט מיך אויסגעפרעגט ווע־גען דער לאגע פון יודען אין רוסלאנד, וועגען בייל ס׳ען, וועגען די גזרות און גירושים אויף יודען, און האָט שטארק בעדויערט די רוסישע יודען.

עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דער רבי׳לע איז, בכלל, גאָר ניט אזוי אונוויסענד אין וועלט־זאכען. ער לעזט די „נייע פרייע פּרעסע", לע׳ט אפנים, אפשר בעהאלטענערהייט, נאָך עפּעס: איז בעקאנט ניט שלעכט מיט דער פּאָליטישע לאגע, מיט די נאַציאָנאַלע פראגען א׳ן עסטרייך, מיט דער עקאָנאָמישער לאגע פון יודען אין גאליציען, מיט דעם שווערען קריזיס, וואָס

זיי לעבען דורך. קורץ, כאטש קיין ערנסטע שפורען פון בילדונג האט מען ביי איהם ניט געקענט ענטדעקען, אבער אין איהם איז אונבעדינגט קענטיג געווען א שטרעבונג צו וויסען מעהר, ווי ער ווייס פון דער ברייטער אויסערליכער וועלט, פון וועלכער די חסידות, די ראלע פון א רבי'ן האלט איהם אבגעצאמט.

ווען ער האט מיר, אין אונזער געשפרעך, בעמערקט, אז אין דער שווערער לאגע, וואס יודען לעבען דורך אין רוסלאנד, זענען שולדיג די יודען אליין, די יודישע יוגענד, ווייל זי איז רעוואלוציאנער, האב איך, דעריבער געהאלטען פאר נויטיג איהם געבען אן אפענע ערקלערונג.

— די יודען אין רוסלאנד, — האב איך געסטארעט זיך איהם געבען צו פערשטעהן, — ווערען ניט פערפאלגט דערפאר, וואס זיי זענען רעוואלוציאנער, נאר זיי זענען רעוואלוציאנער דערפאר, וואס זיי ווערען פערפאלגט. איהר זייט שלעכט בעקאנט מ ט דער לאגע פון יודען אין רוסלאנד. זי איז עקאנאמיש א סך בעסער, ווי אמאל. די אינדוסטריע, דער האנדעל ענטוויקעלט זיך דארט האסטיג. דער ארויספיהר, דער אריינפיהר פון סחורות, א גאנצע רייה בראנזשעס פון מסחר אין לאנד גופא — דאס אלץ איז אין יודישע הענד. אין גייסט־געזן לעבען שטעהען זיי אויך הויך. די פרעסע איז גרעסטענטיילס אין זייערע הענד. יודען זענען פול אומעטום, שפילען א וויכטיגע ראלע אין אלע ווינקלען פון לעבען. יודען זענען אין רוסלאנד א מאכט. די רוסישע רעגירונג איז ניט אין שטאנד ארויסצושטופען זיי פון די פאזיציעס, וואס זיי האבען פערנומען אין לאנד. דאס אלץ מאכט זיי, איבערהויפט די יוגענד, שטארק פיהלען די פאליטישע רעכטלאזיגקייט, וואס איז פאלקאם אין קאנטראסט מיט זייער ראלע אין עקאנאמישען און קולטורעלען לעבען פון לאנד. ערביטערן און טרייבען אין פערצווייפלונג אזא עלעמענט, וואס איז פארשפרייט איבער'ן גאנצען לאנד און ווירקט אומעטום, ווא הויוועז, איז פאר דער רעגירונג געפעהרליך. איבערהויפט ביי דער אונצופרידענהייט, וואס הערשט אונטער אלע אונטערדריקטע נאציאנען פון רוסלאנד. ווארום די יודען זענען ביי דער רעגירונג ניט די איינ־

ציגע וועמען זי אונטערדריקט און פערפאַלגט. די איצטיגע אָרד־
נונג אין רוסלאַנד קען זיך ניט האַלטען לאַנג. די צייט איז ניט
ווייט, ווען אַלע פעלקער אין רוסלאַנד וועלען בעקומען פריי־
הייט. צוזאַמען מיט זיי יודען אויך.

איך האָב איהם ווייטער געזאָגט, אַז אויך אין גאַליציען,
ווי בכלל אומעטום אין איירָאָפּאַ, מוז די מעהר ענטוויקעלטע
יודישע יוגענד האַלטען מיט די סאָציאַליסטען, ווייל די סאָציאַ־
ליסטען זענען די איינציגע פּאַרטיי, וואָס נעהמט זיך אומעטום
אָן פאַר יודען.

דער לעזער קען זיך לייכט אנשטעלען, וואָס פאַר א פּנים
דער גבאי האָט געשניטען, בשעת איך האָב געפיהרט אזא מין
שמועס מיט'ן רבי'לען, וואָס האָט מיך, ווי איך האָב בעמערקט,
גאַנץ גוט פערשטאַנען. ער איז געשטאַנען ווי אויף הייסע קוילען,
האָט געקוקט אַלע ווייַלע אויפ'ן וואַנדזייגער און אויפ'ן טיר,
הינטער וועלכער עס האָבען געוואַרט חסידים, אורחים. עס איז
שוין טאַקע געווען ניט פריה: באַלד האַלבע נאַכט.

איך האָב זיך אויפגעהויבען פון שטוהל און געגעבען דעם
רבי'ן די האַנד.

נאָר דער רבי'לע האָט מיר ניט געלאָזען אוועק. „זיצט,
זיצט, נישט קשה", — האָט ער מיר אָנגעוויזען מיט'ן האַנד
אויפ'ן לעהנשטול, — זיצט!

איך האָב מיך ווידער געזעצט און מיר האָבען גערעדט
וועגען די יודען אין דער בוקאָווינא און נאָך אַנדערע זאַכען.
ער האָט געשיינט זעהר צופרידען, וואָס איך רייד צו איהם,
ווי צו א פּשוט'ן מענשען, ניט ווי צו א רבי'ן. פיליכט אויך
דערפון, וואָס איך בעציה זיך צו איהם, ווי צו א דערוואַקסענעם
מענשען, ניט ווי צו א א נגעל. אין געשפּרעך מיט מיר האָט
ער אין גאַנצען פאַרגעסען זיין ראָלע פון א רבי'ן; געהאַלטען
זיך איינפאַך, נאַטירליך, ווי א מענש רעדט מיט א מענשען. אזא
צופאַל האָט ער געהאַט, פיליכט, דעם ערשטען מאָל אין זיין
לעבען.

נאָר דער גבאי האָט דעמאָנסטראַטיוו די אויגען פון זיינער
ניט אַראָבגעלאָזען. פון יענער זייט טיר האָט זיך געהערט אַן

אונגערולדיגע בעוועגונג. איך האָב זיך אויפגעהויבען א צוויי־טען מאָל און געלאָזט זיך צום טיר. דער רבי׳לע האָט מיר זעהר פריינדליך נעגעבען די האַנד און געוואונשען ערפאָלג.

אויף מאָרגען בין איך געווען ביים צווייטען רבי. דאָס איז דעם ערשטענס א פעטער. דעם פערשטאָרבענעם רבי׳ס א אינגערער ברודער. ער האָט אויסגעזעהן א יאָהר 24־25 — ניט מעהר. מיט א בערדעל, העכער אביסעל, ווי זיין פלימעניק, בריי־טער, נאָר אויפ׳ן געזיכט — שטארק עהנליך צום לעצטען. ער האָט מיר אויך גאנץ פריינדליך צוגענומען. נאָר אין געשפרעך האָט א שטארקען אנטייל גענומען דער גבאי. דאָס האָט מיר גע־שטערט צו געבען דעם שמועס א מעהר אינטימען כאראקטער. דער איינדרוק פון אַט דעם רבי׳ן איז אויך געווען ניט קיין שלעכטער. עס האָט מיר אויסגעזעהן, אז ביידע רביאים, אי דער ערשטער, אי דער צווייטער, ווייסען ווענינ פון די הויף־אינטריגעס, און וואָלטען געווען פ לייכט מעהר צופרידען צו זיין אין דער ראָלע פון פשוטע מענשען, ווי צו זיצען אויף די „טראָנען“ דורך דער מאכט פון די רביצינס און גבאים און ריי־סען זיך מיט־אנאַנדער.

דער הויף איז אמאָל, זאָגט מען, פאר דעם „ריזשענער“ און זיין זוהן, ר׳ אברהם יעקבנ׳ו, געווען מעהר עהנליך אויף א פאלאץ, ווי איצט, אלץ איז אבגעלאָזען, שמוציג. און נאָר די טורם־שפיצען און די שענע געביידע פון דעם ריזשינער׳ס קלויז, דערמאָהנען אן אמאָליגען גלאנץ.

א זכר פון „יענע טעג“ איז אויך דער מערקווירדיגער 500־יאהריגער פרוכת, וואָס איך האָב געזעהן אין סאדיגורער הויף. ער איז בעזעצט מיט דימענטען, סאפפירען און רובינען, און וואונדערליך קינסטלעריש געארבייט. דער גבאי האָט מיר דערצעהלט די געשיכטע פונ׳ם פרוכת. דער פרוכת שטאַמט פון שפאניען. ער האָט בעלאנגט צו אן אונטערערדישער שול פון די מאראַנען — די געטויפטע יודען און זייערע קינדער, וואָס זע־נען נאָר עפענטליך קריסטען געווען, אין געהיים אבער זענען זיי געבליבען טריי זייער אלטען גלויבען. דער פרוכת איז פערקויפט געוואָרען אויף אן אויקציאָן אין פעטערבורג, נאָכ׳ן טויט פון א

בעריהמטעז רוסישעז פירשט, אדער גראף. יענער האט איהם, צוזאמען מיט אנדערע אנטיקען, אין אויסלאנד, אויף אן אויקציאן געקויפט. רייכע פעטערבורגער חסידים האבען דעם פרוכת פאר 20 טויזענד רובל בעקומען און איהם געגעבען א מתנה דעם ריזשינער. איצט גיט מען פאר׳ן פרוכת צוויי הונ־דערט טויזענד רובל. נאך דעם ריזשינער׳ס ירושה ווערט גע־האלטען טייער און מ׳וועט עס פאר קיין געלד ניט פארקויפען.

# א דראמע אין רבינ׳ס הויף.

אין יאהר 1869 האט א גוואלדיגע פאסירונג אין דער יודי־שער וועלט אויפגעשטורמט די יודישע און אפילו די אלגעמיינע פרעסע פון רוסלאנד, גאליציען און דייטשלאנד. איינער פון די גרעסטע חסידישע רביים פון גאליציען, דער ליאָוער רבי ר׳ בערעניו, א זוהן פון דעם „ריזשינער", אן אייניקעל פון דעם „מלאך", אן אור־אניקעל פון דעם „מגיד", ר׳ בער מעזעריטשער אליין, איז פלוצלונג און כמעט אויף דער עלטער „נתפקר גע־װאָרען." ער האט זיך אבגעזאגט פון זיין חסידישען טראָן, פער־לאָזען ווייב, פערלאָזען זיין משפחה און ערקלערט זיך אפען פאר דער גאנצער וועלט אלס פריידענקער. און ניט בלויז ערקלערט זיך, נאָר אויך פאקטיש געוויזען דעמאָנסטראטיוו, דערמיט, וואָס ער האט גערויכערט אום שבת, געגעסען אהן א ברכה, אהן א הי־טעל און אהן געוואשען, אין א געזעלשאפט פון „אפיקורסים" און גויים; געטרונקען מיט זיי וויין, און געטאָן נאָך אזעלכע אפיקורסישע זאכען. עס זענען אפילו פערשפרייט געוואָרען קלאנגען, אז ער, דער ליאָוער רבי ר׳ בערעניו, האט זיך גע־שמד׳ט.

די דאָזיגע ידיעות האָבען געמאכט אן אונגעהייערן רושם אויף אלע קרייזען פון דער יודישער געזעלשאפט און אפילו פון קריסטען. דער סאדאגורער טראָן איז דאן געווען דער גלענ־צענדסטער פון אלע רביאישע טראָנען. דער „ריזש׳נער" וואָס איז ניט לאנג צוריק געשטאָרבען, א׳ז געווען א טאלאנטפולער לי־

דער, א מענש מיט א גוואלדיגער אמביציע און מיט א גרויסען געשמאק צו אלע גענוסען פון לעבען. ער האט געוואוסט ארומ־צורינגלען זיין הויף מיט אזא פראכט און כמעט פירשטליכען פאמפ, אז דער „וואוגדער־ראבי פון סאד גור" איז, אפילו אין דער קריסטליכער וועלט, נאך פאר זיין לעבען, א לעגענדע גע־ווארען. אין דער יודישער וועלט האט ער געהאט דעם גרעסטען אנהאנג מעהר פון אלע חסידישע רבייאים. זיינע חסידים זענען געווען די רייכסטע, די אנגעזעהענסטע אין גאליציען, פוילען און וואהלין. די איבעריגע „גוטע יודען" האבען אויף „סאדיגער" געקוקט מיט גרויס קנאה. זיי האבען זיך אבער פאר איהם, פאר דעם ריזשינער, געמוזט בויגען און לאזען איהם פרייוויליג דעם ערשטען פלאץ.

צו דערזעלבער צייט איז אין גאליציען גופא און אויך אין פוילען, ליטא און וואהלין געווען די גילדערנע וואך פון דער „השכלה". דער קאמפף צווישען „השכלה" און „חסידות" איז געווען אין רעכטען ברען. א סך פון די משכילים זענען אין די פריהערדיגע יאהרען אליין געווען חסידים, און טאקע ריזשינער. גאטלאבער אליין, דער בעריהמטער העברעאישער דיכטער, איי־נער פון די גרעסטע השכלה־קעמפפער אין יענער צייט, איז אין דער יוגענד, געווען א פייערדיגער ריזשינער חסיד.

מ'קען זיך אלזא פארשטעלען, וואס פאר א מורא'דיגע באמבע דער פאל מיט דעם ריזשינער'ס בעליבטעסטען זוהן איז געווען פאר דער חסידישער און משכילישער וועלט. די משכילישע קרייזען האבען שטאלץ אויפגעהויבען דעם קאפ. פון קיעווער סטודענטען, פון קישענעוו, פון אנדערע שטעדט, זענען געפלויגען אין טשערנאוויץ, וואוהין דער געוועזענער רבי און איצטיגער „אפיקורס" איז אנטלאפען, בריעף מיט פייערדי־גע בעגריסונגען. מיט ברענענדער אונגעדולד האט מען איינער דעם אנדערען געפרעגט: וואס הערט זיך? די פערזאן פון'ם העלד פון'ם טאג, פון דעם ליאוועער רבי'ן אליין, זיין אייגענע דראמע, האט דעם עולם וועניגער געקימערט. דער עיקר איז גע־ווען די סענסאציע און די נקמה אן די רבייאים. וועלוויל זבארזשער, דער בעריהמטער גאליציאנער פאלקסזינגער פון יע־

נער צייט, האט, צוליב דער געשעהעניש, פערפאכט פיער סאַ־טירישע ליעדער, וואס זענען גלייך אויפגעכאפט און פערשפרייט געוואָרען איבער גאנץ גאליציען און ווייט אויף יענער זייט גרעניץ — איבער רוסלאנד.

א קורצע צייט האט געשטורמט די יודישע וועלט. אבער באלד איז שטיל געוואָרען. די חסידים האבען אנגעשטרענגט אלע קרעפטען צו דער־שטיקען די „רעוואָלוציע" און זיי האבען זי דערשטיקט. דער העלד פון דער דראמע איז באלד אראב פון דער סצענע און איז פערשוואונדען. דער ברייטער עולם האט זיך אפילו ניט אינטערעסירט צו וויסען: מיט וואס זשע האט זיך די גאנצע טראגעדיע געענדיגט.

---

ווען איך האב בעזוכט גאליציען און די בוקאָווינא מיט א קורצע צייט צוריק (דאס איז געווען ערב דער מלחמה) האב איך זיך אבער איבערצייגט, אז ר' בערעניו, דעם ליאָווער רבי'ס דראמע, איז אויף דעם אָרט, וואו זי איז געשעהן — ניט פער־געסען. עס לעבען נאך פערזאָנען, וואס גערענקען זי. עס לעבט נאך דער דאָקטאָר רייטמאן, איינער פון די טשערנאָוויצער אינ־טעליגענץ. פון די משכילים — אסימיליאטאָרען פון יענער עפּאָ־כע, וואס האט געשפּילט א גרויסע ראָלע אין ר' בערעניו'ס דראמע. אין דער חסידישער וועלט טאר ר' בערעניו'ס נאָמען ניט דערמאָהנט ווערען. דערפאר בעצ'הט זיך צום אנדענקען פון דעם רבי־אפּיקורס די גאליצישע און בוקאָווינער יודישע יוגענד מיט גרויס צערטליכקייט און בעטראכט איהם, ווי א מארטי־רער. מערקווירדיג איז אבער, אז אלע, וואס מ'דערצעהלט אייך פון דעם ליאָווער רבי'ס דראמע, טראגט א לעגענדארען כאראק־טער. כאָטש עס זענען פאראן, ווי געזאגט, פערזאָנען, וואס גע־דענקען אי דעם רבי'ן רבי בערעניו, אי זיין דראמע, האבען זיי אבער זעהר א נעבעלדיגע פארשטעלונג וועגען איהר. די סבה דערפון איז, וואס דער קאמפּף צווישען דעם רבי ר' בערעניו אין דעם סאדיגורער הויף איז געווען זעהר א פערוויקעלטער און א דונקעלער. די געהיימע פעדים האבען נאר געוואוסט צוויי פער־זאנען, וואס זענען געווען נאהענט צום רבי'ן־אפּיקורס. איינער

פון זיי — דער אויבען דערמאָהנטער דאָקטאָר רייטמאַן, איצט א זקן פון נאָהענט צו אכציג יאָהר, וואָלט געקענט געבען דעם בעסטען מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע פון יענער דראַמע. דער פּרעזעס פון דער יודישער אקאַדעמישער יוגענד אין טשערנאָ־וויץ, וועלכער איז בעוואוסט פון דעם וויכטיגען קולטור־היסטאָ־רישען ווערט, וואָס דער מאַטעריאַל פאַר דעם ליאָווער רב'ס דראַמע האָט געקענט האָבען, האָט אויף מיין פאָרשלאַג זיך גע־ווענדעט צום דאָקטאָר מיט א בקשה, ער זאָל איהם מיטטיילען זיינע ערינערונגען וועגען יענער פּאַסירונג. דר. ר. האָט אבער, ווי דער פּרעזעס פונ'ם יודישען אקאַדעמישען פעראיין האָט מיר שריפטליך געמעלדעט, זיך ארויסגעמאַכט פון צו רעדען אויף אָט דער טעמע.

מיט גרויס מיה האָט זיך מיר איינגעגעבען דאָך צו געפי־נען אין דער בוקאָווינא איינציגע פּערזאָנען און, דער עיקר, דאָ־קומענטען, וואָס האָבען פאַר מיר געקענט ווארפען מעהר ליכט אויף דער טראַגעדיע פונ'ם ליאָווער רבי'ן. אויף דעם גרונד פון אָט די דאָקומענטען און פּערזענליכע שילדערונגען פון פער־טרויענסווערטע מענשען, וועל איך דאָ איבערגעבען דעם לעזער די טרויעריגע געשיכטע, וואָס איז צו דערזעלבער צייט א וויכ־טיגער שטיק קולטור־געשיכטע פון אונזער ניט לאַנגיגען עבר, פון יענער עפּאָכע, די זיבציגער יאָהרען פונ'ם פאָריגען יאָהר־הונדערט, וואָס איז בכלל געוועזען איינע פון די מערקווירדיגסטע עפּאָכען אין דער יודישער היסטאָריע.

---

איידער איך געה דערצעהלען די דראַמע פונ'ם ליאָווער רבי'ן, וויל איך — אום דער לעזער זאָל האָבען אויף איהר דעם ריכטיגען קוק — זאָגען א פּאָר ווערטער וועגען דער ענטוויק־לונג פון „חסידות“ און „גוטע יודען“ אין פאָריגען יאָהרהונ־דערט.

וועגען „חסידיזם“ בכלל האָבען מיר נאָך ניט אזא ווערק, וואָס זאָל געבען דעם איצטיגען יודישען יוגענד־לעזער דעם ריכ־טיגען שטאַנדפּונקט אויף אָט דער אלענפאַלס מערקווירדיגער בעוועגונג, וואָס האָט געשפּילט אזא גרויסע ראָלע אינ'ם יודישען

לעבען פונ׳ם ענדע 18טען און דעם גאנצען 19טען יאהרהונדערט. איהר ראָלע אינ׳ם לעבען פון די אבגעשטאַנענע יודישע מאסען האָט זי נאָך אפילו איצט ניט אויסגעשפּילט, כאָטש עס זענען פאראן קענטיגע סמנים, אז די דאָזיגע בעוועגונג דערלעבט איה־רע לעצטע יאהרען. אין יעדען פאל אָבער, וועלען די שפּורען איהרע נאָך לאנג לעבען אין דער יודישער נשמה, אזוי טיעף איז געווען די ווירקונג פון חסידות און קבלה אויף דער ערציהונג פון גאנצע דורות יודען.

עס איז, צום ביישפּיל, ניט קלאָר גענוג דער עקאָנאָמישער און פּאָליטיש־סאָציאַלער אונטערשלאג פון „חסידיזם". און מיר ווייסען דאָך איצט, אז אָט די צוויי פונקטען פערנעהמען דעם וויכטיגסטען פּלאץ אין יעדער געזעלשאפטליכער בעוועגונג. און חסידיזם איז ניט בלויז געווען א גייסטיגע בעוועגונג. ביז עס איז געקומען די רוסישע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג איז דער חסידיזם געווען די מעכטיגסטע סאָציאַלע, אָדער ריכטיגער, קול־טור־סאָציאַלע בעוועגונג ביי יודען.

ניט ארייןלאָזענדיג זיך אין לאנגע טעאָריעס, קען מען זאָ־גען, ניט מורא האָבענדיג ארייןצופאלען אין א טעות, אז אויפ׳ן „חסידיזם" האָבען געווירקט א גאנצע רייה גאנץ פערשיידענע סבות. ער איז אזוי צו זאָגען, געוועזן צוזאַמענגעשטעלט פון עט־ליכע שטראָמען. איין שטראָם האָט זיך געצויגען אזש פון דער מעסיאַניסטישער שבתי־צבי־בעוועגונג, וואָס איז שפּעט ארייג־געקומען אין פּוילען און האָט שטארק בעהערשט די גייסטער אינ׳ם יודישען געטאָ.

א צווייטער שטראָם איז, אָהן א ספק, געווען — אן אבקלאנג פון דער פראנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס האָט אויפגעטרייסעלט גאנץ אייראָפּא און האָט אין די פערוואָרפענע ווינקלאָך פון פּוי־לען, גאַליציע און וואָהלין, אפילו פון דער ניכטערנער ליטאָ, אויך אויפגעריסען די גייסטער פון דרימעל און אויף פערשיי־דענע קרייזען, פערשיידען געווירקט.

א דריטע סבה א״ז אויך געוויס געווען די עקאָנאָמישע אויפ־לעבונג אין יודישען געטאָ, וואָס האָט, פון איהר זייט, געפיהרט צו א העכערן קולטורעלען צושטאנד. די בעדערפעניס אין א

העברן גייסטיגען לעבען האט אין יודישען געטא נאר אין איינצעלנע, זעלטענע פאלען געקענט האבען א נארמאלע בעפרידיגונג. אין אלגעמיין האט זי געמוזט געהן אויף געדרייטע וועגען, אנגעהמען פערקריפעלטע פארמען צוליב דער אוננארמאלער פאליטישער און סאציאלער לאגע פון די עסטרייכער, פוילישע און רוסישע יודען. לעבענדיג צווישען האמער און שמיד־אייזען, צווישען פריץ און פויער, האט דער יוד אונמעגליך געקענט אנטגעהן דער קולטורעלער ווירקונג פון אט דיביידע עלעמענטען. די שגעון'דיגע „יא־יעסטעם" גאוה, די שטארקע הערשאפט פון דעם פריץ האט זיך געמוזט אויף וועלכען ס'איז אופן אבשפיגלען און ווירקען אויף דעם יודען, וואס איז געווען נאהענט צום פריץ. ניט ווענינ יודען האבען אנגעקליבען עשירות, געווען שטאלץ און געזוכט צו הערשען. אזוי ווי קאנקורירען מיט'ן פר ץ אין זיין הערשאפט איבער'ן פויער האט דער יוד ניט געקענט, ניט געוואגט, האט ער געזוכט א בעפרידיגונג פאר זיין אמביציע און הערשזוכט אין די אייגענע יודישע מאסען. די יודישע מאסען אבער, וואס זענען געשטאנען נעהענטער צום פויער, אדער האלב פערשקלאפטען, אויך, אזוי ווי דער פויער, אונוויסענדען, אבערגלויבישען און טעמפען קריסטליכען קליינבירגערטום, זענען געשטאנען ניט קיין סך העכער פון זייערע שכנים אין דארף און אין שטאדט: זענען געווען, פונקט אזוי ווי יענע, דונקעל, ארים און דערשלאגען.

אט די אלע אומשטענדען האבען געשאפען א גינסטיגען באדען פאר דער ענטוויקלונג פון חסידיזם, וואס האט, א חוץ דעם, בעפרידיגט די שטארק געווארענע שטרעבונג, סאי אין די מיטעלע קלאסען, סאי אין די מאסען, צו סאציאלער ארגאניזירונג, צו א העכערן געזעלשאפטליכען לעבען. ס'איז א פאקט, אז די בעוועגונג האט בעריהרט די מעהר בעגאבטע, די אריגינעלערע נאטורען, און ארייננעצויגען זיי אין שטראם.

די „גוטע יודען", די בעשאפער פון דער בעוועגונג זענען געווען אלענפאלס מענשען מיט גרויסע טאלאנטען פון פאלקספיהרער, מיט א העכערער אינטעליגענץ. צום טייל זענען דאס געווען, דיכטערישע נאטורען, נשמה־יתרה־יודען, וואס האבען

געשטרעבט צו א העכערן לעבן; צום טייל — מענשען מיט א גוואלדינגער אמביציע און הערשזוכט, וואס האבן געשטרעבט צו וועלטליכער מאכט. אזוי ווי די ערדישע הערשאפט איז שווי־ גערווען פארנומען פון אנדערע, פון עשו'ס קינדער, האבן זיי זיך אויסגעקליבן די הימלען, וואו זיי האבן נאך געקענט פאלקאם געוועלטיגען. די הימלען זענען אבער געווען ניט קיין אמת'ע, נאר איינגעבילדעטע, בעוואוסטזיניג, אדער אונבעוואוסטזיניג. דורך די הימלען האט מען געשטרעבט צו געוועלטיגען אויף דער ערד, אויף די מענשען. די „גיטער פון דער ערד" זענען געווען דער ציעל, ווי פון די גוי'אישע, אזוי אויך פון די יודישע הערש־ זיכטיגע מענשען. ס'זענען אבער אויך געווען, דעם אמת מוז מען זאגען, אנדערע מענשען. מענשען מיט דעם טאלאנט פון לידערם און — צו דערזעלבער צייט — גרויסע פאלקס־פריינד, פאלקס־אידעאליסטען, וואס האבן ליעב געהאט דאס פאלק און מקריב געווען זייער לעבען פאר איהם.

דעם ריזשינער'ס הויף האט זיך אויסגעצייכענט פון אלע רביאישע הויפען, מיט זיין שטארקער נייגונג אויב ניט צו וועלטליכער מאכט, איז צו וועלטליכער פראכט און גענוס. דער־ מיט האט ער אויפגעבראכט געגען זיך אנדערע רבייאים. ווי בע־ וואוסט איז בכלל ניטא קיין שלום צווישען פארשיידענע רבייאים. ניט זעלטען פערפאלגען איינע די אנדערע מיט די שארפסטע קאמפפסמיטלען, ווי די ביטערסטע פיינד. חסידים פון פארשיידענע רבייאים זענען איינע מיט די אנדערע פייער און וואסער. א חסיד פון איין רבי רעדט אוים אויף דעם רבי'ן פון א צווייטען חסיד, וואס אין קארט שטעהט. דער קאמפף איז צו מעהרסט א שטילער, אבער פארביסענער. נאר אין געווי־ סע מאמענטען ברעכט אוים דער שטילער קאמפף אין א שטורם. אזא שטורם איז אויסגעבראכען אין קורצען נאך דעם רי־ זשינער'ס טויט.

שוין פאר זיין לעבען האט ער געהאט א סך געגנער און שונאים. זיין אנטלויפען פון רוסלאנד; די מאסען צרות, וואס ער האט געהאט אויסצושטעהן ביז ער האט זיך פעסט בעזעצט אין סאדיגור, האט ער געהאט צו פארדאנקען זיינע געגנער

און פיינד, סאי פון דעם משכילישען, סאי אפילו פון דעם איי־גענעם חסידישען לאגער. נאָר א דאנק זיין פערזענליכער ענער־גיע און גרויסע טאַלאנטען פון א לידער, האָט ער, דער ריזשי־נער, אלע שטערונגען בעזיגט און פערענדיגט זיין לעבענס־קאַ־ריער מיט גלאַנץ.

זיינע קינדער אבער האָבען בעזעסען א סך וועניגער טאַ־לאנט פון זייער טאטען. א חוץ דעם זענען זיי אויך אין תורה, אין לומדות געווען פיעל שוואכער. די פרויען אין סאדיגורער הויף האָבען זיך געפיהרט גאנץ פריי און מיט גרויסען לוקסוס. ניט זעלטען זענען פאָרגעקומען אין הויף ליעבעס־דראמעס, גאנץ נאַטירליכע ביי געוועהנליכע מענשען, אבער די חסידישע וועלט איז דערצו ניט געווען געוואוינט.

דאַן איז די קנאה און די שנאה צווישען דעם ריזשינער׳ס קינדער און אנדערע רבייאים געוואָרען שטארקער. דער קאמפף הייסער און עפענטליכער. בעזאָנדערס איז ארויס געטראָטען גע־גען סאדיגור — דער סאנדזער רבי. סאנדז האָט, פון אלע ו׳בייאי־שע הויפען, דערהאלטען שטרענגער די טראדיציע פון אמאָליגער חסידות, מיט איהר גאנצען ברען, התלהבות און דבקות. מ׳דארף אויך צוגעבען אז ר׳ חיים האלבערשטאם, דער סאנדזער רבי איז צו יענער צייט געווען דער טאַלאנטפולסטער כמעט פון אלע חסידישע רביים. עו איז אויך געווען א גרויסער למדן און דאָס פאָלק האָט געגלויבט אין איהם, אז ער איז א גרויסער „בעל מופת“. סאנדז, אזוי ווי בעלז, האָט ניט געוואוסט פון קיין שום וועלטליכע תאוות און לוקסוס. סאנדז איז געווען פרעמד פון הערשזוכט. אין סאַנדז איז געווען דער פיהרונג איינפאַך איג׳ם שטרענגען גייסט פון דעם בעל שם׳ס תורה.

דער קאמפף צווישען סאנדז און סאדיגור איז אלץ געוואָרען שטארקער און הייסער. אבער נאָך איז ער ניט ארויס פון די גרענעצען פון א געוועהנליכען קאמפף צווישען צוויי הויפען, וואָס איז, ווי געזאָגט, ניט געווען קיין זעלטענהייט. סאדיגור האָט געהאט איהרע חסידים, רייכע, אריסטאָקראטישע, צום טייל וועלטליכע, וואָס האָבען, פונקט, ווי זייער רבי, געוואָלט אויך געניסען פון דער וועלט און האָבען שו־ן ניט געקענט פארטראַ־

נען דעם צו שטרענגגען רעזשים פון אנדערע רבייאים. די יונגע־רע חסידים פון די דאזיגע רבייאים זענען אויך געווען גענייגט צו „עולם הזה“ און זיי האט שטארק צוגעצויגען דער אויסער־ליבער גלאנץ פון סאדיגורער פיהרונג. דער קאמפף צווישען סא־דיגור און אנדערע הויפען האט פ ליכט געהאט אונטער זיך א פשוט׳ען עקאנאמישען באדען; דעם קאמפף פאר עקזיסטענץ.

נאר ווי די מעשה איז, באלד איז פארגעקומען א געשע־ענים, וואס האט געגאסען בוימעל אויפ׳ן פייער פון דעם קאמפף צווישען סאדיגור און סאנדז. גענען סאדיגור איז ארוים־געטראטען אן איינענער פיינד. טאקע דעם אלטען ריזשינער׳ס איינענער זוהן. דער מיטעלסטער זוהן ר׳ בערעניו, אדער, ווי ער האט געהייסען, נאך זיין שטעדטעל אין רומעניען, וואו ער איז געווען רבי, דער ליאוועֿר.

פון אלע קינדער דעם ריזשינער׳ס, איז רבי בערעניו, דער מיטעלסטער זוהן, געווען, אהן א ספק, דער פאסענדסטער פאר דער ראלע פון א רבי׳ן. ער האט בעזעסען א דיקטערישע נאטור, א סך אמת׳ע התלהבות צו דער תורה פונ׳ם בעל שם. ער איז בכלל געווען א בעגאבטע, גראדע נאטור. ער האט זיך בעצווי־גען צו זיין בערוף ערנסט.

איהם איז אבער געווען פרעמד די שטרעבונג צו וועלטלי־כען גענוס און פראכט, וואס האט געהערשט ביי זיין טאטען אין הויז. ער האט אנדערש פארשטאנען דעם בערוף פון א רבי׳ן. צווישען איהם און זיינע ברידער איז גאנץ וואהרשיינ־ליך, שוין פון קינדערשע יאהרען אן ניט געווען קיין גוט לעבען.

און דאס איז געווען ניט קיין צופאל געווען, וואס זיינע איבריגע דריי ברידער האבען אלע בעקומען רבייאישע טראנען אין גאליצען גופא און אין דער בוקאווינא, און איהם, דעם פע־הינסטען, דעם בעגאבטעסטען און דערצו — דעם בעליבטעס־טען זוהן פון דעם ריזשינער איז אנגעקומען א קליין שטעדטעל אין רומעניען. זיין קוק אויף חסידות, אויף דעם בערוף פון א רבי האט נעקענט זיין שעדליך דעם גאנצען שניט פון דעם רי־זשינער׳ס הויף. און מ׳האט איהם דעריבער נעדארפט האלטען פון ווייטען.

א סך יאהרען האט דער „ליאָווער" פערלעבט אין זיין דר־מענישער שטעדטעל. זיין לעבען דארט, זיין אויפפיהרונג איז וועניג בעקאנט דער ברייטער וועלט. ער האט געהאט ניט קיין גרויסען קרייז חסידים. צו זיי האט בעלאנגט דער בעסערער טייל פון זיין טאטען'ס, דעם ריזשינער'ס אנהענגער, וואס האָבען געוואוסט, אז ער איז געווען דעם ריזשינער'ס ליבלינג און האבען נאר איהם אנערקענט, אלס יורש פון דעם חסידישען טראָן. א חוץ אט די פלעגט צו איהם פאהרען דער חסידישער המון פון רומעניען און גאליציען, פשוט'ע יודען, וואס דער ליאָווער האט זיי צוגעצויגען מיט זיינע תמימות, אויפריכטיגקייט און פשוט'ן בענעהמען זיך.

אזוי האט געקענט דער ליאָווער פארלעבען זיין גאנצען לעבען אין זיין שטעדטעל, אין דער שטיל. נאר, ווען אויסערליך איז געווען ביי איהם שטיל און רוהיג, האט זיך אין זיין אינער־ליכען פאמיליען־לעבען געקליבען א שטורם. זיין ווייב, די רביצין, א טאכטער פון א געהויבענעם רבי אין וואהלין, האט געהאט א שטארקע אמביציע צו שפּילען די ראלע פון א קעניגין אין א חסידישען הויף, מיט א רייכען שטאאט און פּוץ פון גבאים, קוויטלאך, פדיונות און גרויסארטיגען ארויספאהר, פונקט ווי דארטען, אין סאדיגער, און אין טשארטקאוו. איבער־הויפּט, ווען זי האט געוואוסט, אז פון דעם ריזשינער'ס אלע קינ־דער איז איהר מאן דער בעגאבטעסטער, דער פאסענדסטער פאר דער ראלע פון א רבי'ן. פיליכט אויך דער פאקט, וואס ער האט מיט זיין פרוי קיין קינדער ניט געהאט, האט גרעסער גע־מאכט דעם ריס אין דעם ליאָווער'ס פאמיליען־לעבען. קורץ, מ'ווייס ניט אקוראט, וואס עס האט געווירקט מעהר אויף דער ענדערונג אין דעם ליאָווער'ס ביז אהער רוהיגען לעבען. אבער ער האט בעשלאסען אויפצוגעבען די רבי'אישאפט, לעבען ווי א פריוואטער מענש, פיהרען זיך נאך זיינע אינערליכע איבער־ציינגונגען, ניט רעכענענדיג זיך מיט קיינעם, ניט אנפרעגענדיג ביי קיינעם.

דער דאזיגער בעשלוס, דעם ליאָווער'ס, האט אנגעמאכט א געוואלדיגען שטורם, א צווייענדיגען שטורם אי ביי די חסידים,

וואָס האָבען אמת געליבט און געשעצט זייער רבי'ן, אי אין זיין פאמיליע. דער קאמפף מיט זיין פרוי איז געוואָרען בע־זונדערס שטארק און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אז דער ליאָ־ווער האָט בעשלאָסען מיט איהר זיך צו גט'ן. זיין אייגענע הויז איז איהם געוואָרען פרעמד. נאָך פרעמדער זענען געוואָרען איהם זיינע ברידער — די חסידישע רביאים פון גאליציען. די איינ־ציגע, מיט וועמען ער האָט מיטלייד געהאט, זענען געווען די חסידים, דאָס פשוטע פאָלק, וואָס פלעגט צו איהם קומען. אבער העלפען זיי אויף זייער שטויגער, לעבען צווישען זיי און מיט זיי, שטיצענדיג זייער אבערגלויבען אין זיין געטליכקייט, בשעת ער האָט אויף זיך געקוקט, ווי אויף א פשוט'ן מענשען, אזוי ווי זיי זענען, איז פאר איהם געווען אונמעגליך. אלעס וואָס ער האָט געוואָלט איז: מ'זאָל איהם לאָזען צורוה. ער זאָל קענען לעבען פאר זיך אליין, ניט פארבונדען מיט קיין שטאָאט, מיט קיין פּאָליטיק.

אָבער אָט דער געזעצליכער, לייכט אויספיהרבארער וואונש פון א פשוט'ען מענשען, איז גאָר ניט אזוי לייכט פאר א חסידי־שען רבי'ן. ער האָט אנגעריהרט די לייב־אינטערעסען פון א גאנצע רייהע מענשען, וועמעס שיקזאל איז געווען פארבונדען מיט זיין חסידיש־רבייאישען טראָן. און מעהר פון אלעמען מיט זיין ווייב — א פרוי פון שטארקע ליידענשאפטען און אמביציע. דער קאמפף איז געוואָרען גרעסער און שארפער און האָט געמוזט פיהרען צו קאטאסטראָפע. די קאטאסטראפע איז געווען נאָך אונפערמיידליכער צוליב דעם דאָפּעלדיגען פון צוויי געגענזעצ־טע עלעמענטען צוזאמענגעזעצטען כאראקטער פונ'ם ליאָווער רבי'ן.

פון איין זייט איז דאָס געווען א גראדע, תמימות'דיגע נאַטור, וואָס האָט ניט געקענט פארטראָגען קיין שום מאסקע, קיין שום פּאָליטיק, קיין שום קאָמפּראָמיסען מיט דער ארומיגער וועלט, פון דער אנדער זייט איז צו שטארק געווען איינגע־וואָרצעלט אין זיין נאַטור די לעבענסלוסטיגקייט פון זיין טאַ־טען און זיינע ברידער. דערצו האָט ער זיין גאנצען אינערליכען קאמפף געמוזט דורכמאַכען מיט זיך אליין, אָהן א שום זייטיגע

הילף, און דורכמאכען זי שוין כמעט צו די עלטערע יאהרען, ווען ער איז געווען א מאן ווייט אריבער פערציג.

די לעגענדע, וואס די פערביטערסטע געגנער און פיינד פון דעם ריזשינער און זיינע קינדער האבען זיך געסטארעט צו פאר־שפרייטען וועגען דעם ליאָוויער, אז א מיסיאָנער פארשטעלט פאר א חסיד, האט זיך אריינגעקליבען צו איהם און האט איהם אראָבגעפיהרט פון וועג, האט קיין שום פאקטישען גרונד ניט. דערפאר איז זעהר וואהרשיינליך דער נוסח וואס אן אלטער מאן, א געוועזענער חסיד דעם ליאָווער'ס, האט מיר דער־צעהלט. לויט זיינע ווערטער האט דעם ליאָווער אראָבגעפיהרט פונ'ם דרך זיינער א שכן — אן אפטייקער. דעם רבינ'ס גאָר־טען האט זיך געגרענעצט מיט דעם גאָרטען פונ'ם אפטייקער. דאס האט געפיהרט צו א נאָהענטער בעקאנטשאפט פוןביידע שכנים. צום אָנהויב איז די בעקאנטשאפט געווען אן אויבער־פלעכליכע. בלויז : „גוט מאָרגען" — „גוט יאהר !" וואס מעהר אבער דעם ליאָווער'ס דראמע האט זיך ענטוויקעלט און דער תהום צווישען איהם און זיין פאמיליע איז געווען טיעפער, איז דעם ליאָווער'ס בעקאנטשאפט מיט'ן אפטייקער געוואָרען אינ־טימער. ער פלעגט אין דונקעלע נעכט, אין געהיים, דורך זיין גאָרטען, אוועקגנב'ענען זיך צום אפטייקער און פארברענגען מיט זיין פריינגעזאָנענעם שכן גאנצע נעכט.

דער אפטייקער, ווי אלע יודישע אפטייקערס פונ'ם אלטען שניט, איז נאטירליך געווען א פרייער, אבער קנאפ געבילדע־טער, פון יענע משכילים־אסימיליאטאָרען, וואס האבען געקענט צעשטערן און ניט געווען פעהיג צו בויען. זיין גייסטיגער באַ־נאזש איז געווען אן אָרימער און זיין ווירקונג אויפ'ן ליאָווער איז געווען בלויז אין איין זייט. דער ליאָווער האט געשטרעבט מיט אלע קרעפטען ארויסרייסען זיך פון זיין קרייז און לעבען פריי און לוסטיג, ווי אלע מאָדערנע מענשען לעבען.

די חסידות, די מאָראלישע און רעליגיעז־רעפאָרמאטאָרישע אידעע איהרע, איהר פאָעטישע זייט — איז איהם, דעם ליאָווער, געווען פרעמד. צו נאָהענט זענען איהם געווען איהרע דונקעלע זייטען, צופיעל האט זי איהם געמאכט צו ליידען. דערצו האט

דער ליאָוועך ניט בעזעסען געגונג, ניט דעם גייסט פון א לידער.
ניט די בעדערפענים אין א פילאָזאָפּישער דענק־אַרט.
אַלס גראדע, אונגעקינסטעלטע נאַטור האָט ער נאָר גע־
האַלט אייך זאָך: בעקומען זיין פולע רעכט אויף זיך,
אַז קיינער זאָל זיך ניט מישען אין זיין פּריוואַטען לע־
בען, אַז קיינער זאָל קיין רעכט ניט האָבען איהם זאָגען א דעה ווי
צו דענקען, ווי צו פיהרען זיך. דערצו איז ער ניט געווען א מענש,
וואָס איז פעהיג צום קאַמפּף מיט די ארומיגע אומשטענדען. ער
איז געווען הילפלאָז אין זיינע תמימות און שוצלאָז אין זיין
איינזאמקייט. אזא נאַטור, ווי ר׳ בערעגיו׳ם, האָט געמוזט פאלען
א קרבן ביין ערשטען צוזאַמענשטוים מיט די פּערוויקעלטע אומ־
שטענדען פון׳ם לעבען.

איהם האָט זיך אבער איינגעגעבען כאַטש אויף א קורצע
צייט צו דערגרייכען זיין ציעל: ארוים אין אָפענעם קאַמפּף מיט
זיין סביבה, צערייסען מיט זיי אין גאנצען דעם בונד און לעבען
פאַלקאָם פריי. דאָס האָט זיך איהם אבער איינגעגעבען נאָר א
דאנק דעם, וואָס צופעליג האָבען זיך אריינגעמישט אין זיין
שיקזאל דריי מענשען: דער העברעאישער דיכטער גאָטלאָבער;
א יודישער לעהרער, א משכיל פון׳ם בעסערן שניט — אָרענ־
שטיין; און דער אויבען דערמאָנטער טשערנאָוויצער דאָקטאר
רייטמאַן.

פאר דעם דאָזיגען קורצען גליקליכען מאָמענט אין זיין לע־
בען, האָט אבער דער ליאָוועך טייער בעצאָהלט. די קאַטאַסט־
ראָפע איז בלויז אבגערוקט געוואָרען אויף א פּאָר יאָהר. זי איז
אבער געווען אונפערמיידליך.

נאָר איך וויל ניט פאָרלויפען אפריהער.

דער ערשטער צוזאַמענשטוים איז געקומען „יום כפור"
צו „כל נדרי" פון יאָהר 1868. דער ליאָוועך האָט בעשלאָסען מאַ־
כען איין מאָל פאַר אלע מאָל א סוף צו די רייסענעם פון זיין
נשמה, צו דער דראַמע פון זיין פערזענליכען לעבען. ער האָט גע־
מעלדעט זיין פרוי און זיינע שטוביגע, פעסט און ענטשלאָסען,
אַז ער וועט מעהר, ער קען מעהר ניט פיהרען אָט דעם דאָפּעלטען
לעבען, וואָס צערייסט זיין נשמה.

זיין מעלדונג האט אבער גאר נישט געהאלפען. זיין ווייב און די גבאים האבען איהם ווידער מיט אלע מיטלען געפרובט אבווענדען פון זיין בעשלוס.

עס איז געקומען „ערב יום כפור.״ דעם ליאווער׳ס הויף און קלויז זענען געווען געפאקט מיט חסידים, וועלכע, פיהלענדיג זייער רבי׳ס גייסטיגע דראמע, האבען זיך געשפארט נעהענטער צו זיין חדר, געגארט מיט א ברענענדיגער דורשטיגקייט, צו זעהן זיין פנים, הערען פון איהם א ווארט.

אבער אט איז שוין געקומען די צייט צו זאגען „כל נדרי״ און דער רבי איז ניטא. די ווייב און די גבאים זענען אין פער־צווייפלונג אריין צו איהם אין חדר. אבער ע ר האט זיי ענט־שלאסען געמעלדעט, אז ער וועט אין שוהל ניט געהן.

ערביטערט און פארצווייפעלט ביז צו דער לעצטער מדרגה, האבען די ווייב און די גבאים איהם גענומען שלעפען אין קלויז. ראנגלענדיג זיך מיט איהם, האבען זיי אויף איהם צעריסען דעם טלית און מיט גוואלד, פאר דער גאנצער עדה חסידים אין די אויגען, איהם איינגעשלעפט אין קלויז.

די חסידים האבען זיך ניט געקענט פארשטעלען די זאך באטירליך, און זיי האבען אויף זייער שטויגער אויסגעטייטשט די דראמאטישע סצענע, וואס זייערע אויגען האבען צוגעזעהן. דער רבי האט גאר נישט פארלארען אין זייערע אויגען דערמיט, וואס ער האט ניט געוואלט געהן צו „כל נדרי״ אין קלויז. פאר־קעהרט, ער איז ביי זיי נאך העכער, נאך טייערער געווארען. זיי האבען בעשיינפערליך געזעהן, ווי דער ס״ם וויל ארייכקריגען זיין נשמה, מסתמא איז זייער רבינ׳ס נשמה גאר פון א הויכער מדרגה.

און אלעמענס בליקען זענען געווען צוגעשמידט צו יענעם ארט, וואו ר׳ בערעניו איז געשטאנען אראבגעלאזען דעם קאפ, שווייגענדיג און טרויעריג אין זיין צעריסענעם טלית.

אויף מארגען נאך „יום כפור״ האט רבי בערעניו געמעלדעט זיין ווייב און די גבאים, אז אויב זיי וועלעו איהם ניט לאזען מעהר צורוה, וועלען איהם פייניגען און פערפאלגען, האט ער קיין אנדער וועג ניט פאר זיך, ווי שמד׳ן זיך...

ס׳איז קיין שום ספק ניט, אז די ראַזיגע דראָהונג איז מעהר ניט געווען ווי א דראָהונג און האָט ניט געקענט אָנגענומען ווער־רען ערנסט. אבער אויף די פריינד און פיינד פון דעם ריזשינער׳ס „גזע“ האָבען אָט די ווערטער געמאכט א מורא׳דיגען איינדרוק. ווי א בליץ האָבען זיי זיך פארנאנדערגעטראָגען איבער׳ן שטאָדט. דעם ליאָווער׳ס חסידים האָבען נאָך מעהר פארהייליגט זייער רבי׳ן און זייער צובונד און ליעבע צו איהם איז געוואָרען נאָך שטארקער. אבער די לאַגע פון דעם סאדיגערער הויף, פון דעם ריזשינער׳ס גזע איז געווען ניט בלויז א פערצווייפעלטע. זי איז געווען א געפעהרליכע.

סאנדזער חסידים, די שטענדיגע פארביסענע פיינד פון דעם ריזשינער און זיינע קינדער, האָבען ענטוויקעלט א מורא׳־דיגען קאמפף געגען סאדיגער. זיי האָבען פארשפרייט בריעף און געדרוקטע פלוג־בלעטער אין די טויזענדער. אין די פלוג־בלעטער האָבען זיי דערצעהלט די אונגלויבליכסטע לעגענדעס און פאנטאַזיעס, וואָס האָבען זיך אין פאָלק אָנגעהויבען צו וויק־לען ארום ר׳ בערעניו׳ס דראמע. צווישען אנדערע זאכען האָ־בען זיי איבערגעגעבען, אז ר׳ בערעניו האָט זיך פארליבט אין א שיקסע; האָט זיך צוליב איהר, דער שיקסע, געוואָלט שמד׳ען. שפּעטער, אז רבי בערעניו איז אנטלאָפען אין טשערנאָוויץ און איז געזעסען ביי דעם דאָקטאר רייטמאַן אין שטוב, האָבען די־זעלבע סאנדזער ווייטער פארשפרייט וועגען ר׳ בערעניו ראָ־מאנטישע קלאַנגען, אז ער האָט זיך פארליבט אין דעם דאָק־טאָר׳ס שענע טאָכטער און זי האָט איהם בע׳כשופט מיט איהר שענהייט, מיט איהר זינגען און שפּילען.

נאָר ווי פערצווייפעלט ר׳ בערעניו׳ס פאמיליע איז ניט געווען וועגען די אלע קלאַנגען, מ׳האָט געלאָזען רבי בערעניו צורוה ביז איבער סכות. דערווייל האָבען די ווייב און די גבאים צוזאמען מיט סאדיגער געוועבט אין דער שטיל א פערשווערונג געגען דעם ליאָווער. די פערשווערונג איז בעשטאנען אין דעם: צו ערקלערן איהם פאר דער וועלט פאר משוגע און איינשפּארע איהם אין א חדר אין סאדיגער.

דאָס איז אבער ניט געווען קיין לייכטע זאך או׳סצופיהי׳

רען. דער קאָך וועגען דעם איז שוין ווייט ארויס איבער די גרע־נעצען פון גאַליציען און רומעניען. עס האָבען געקאָכט דערמיט די צייטונגען אין רוסלאַנד, דייטשלאַנד און עסטרייך. די גאַנצע אידישע משכילישע וועלט איז געווען אויף. מ'האָט געדראַפּט זיין זעהר פּאַרזיכטיג. אבער אויך אָבלעגען די זאַך האָט מען ניט געטאָרט אויף איין מינוט. מיט יעדען טאָג איז די לאַגע גע־וואָרען געפעהרליכער.

אום איינצושלעפּערן די פּערדעכטיגקייט פון'ם ליאָווער האָט מען איהם כלומרשט אין גאַנצען געלאָזען צורוה. ר' בערע־ניו איז געווען נאַאיוו גענוג צו גלויבען, אז ער האָט אויסגע־פיהרט. נאָך יום טוב, אין א שענעם פריה־מאָרגען האָט ער גע־לאָזט איינשפּאַנען זיין קאָטש און געפאָהרען שפּאַצירען. אויפ'ן וועג האָט ער בעגעגענט זיין בעקאַנטען דאָקטאָר און האָט איהם געבעטען זעצען זיך מיט איהם און פאָהרען אביסעל אויף א שפּאַציר. דער דאָקטאָר האָט זיך געזעצט. ער האָט געהאַלטען אין האַנד עפּעס א פלעשעלע. אין איינינגע מינוטען ארום האָט דער רבי אָנגעהויבען צו פיהלען עפּעס א טויטליכע מידינקייט אין אלע זיינע גליעדער. ער האָט זיך ארונטערגעלאָזען. אין דערזעלבער מינוט זענען אויסגעוואַקסען ווי פון אונטער דער ערד עטליכע מענשען. מ'האָט דעם ליאָווער געבונדען מיט שטריק, אריבערגעוואָרפען אין א בויד און געלאָזען זיך מיט איהם שנעל אריבער דעם רומעניש'שען גרעניץ אין סאַדיגור, צו זיין עלטערן ברודער דעם דעמאָלטדיגען סאַדיגערער רבי'ן ר' אברהם יעקעניו.

די גאַנצע געשיכטע איז געהאַלטען געוואָרען שטאַרק אין געהיים. אבער די וועלט האָט ניט געשלאָפען. אין רוסלאַנד האָט זיך מעהר ווי אלע מיט דער ליאָווער'ס דראַמע אינטערעסירט דער דיכטער גאָטלאָבער, וואָס איז אליין, ווי געזאָגט, זיין גאַנצע יוגענד ביז צו די מיטעלע יאָהרען געווען א ריזשינער חסיד. א חוץ דעם האָט ער זיך אינטערעסירט מיט דעם חסידיזם פון דער וויסענשאַפטליכער זייט. ער האָט דעמאָלט געהאַט אָנגעשריבען א בוך וועגען דער ענטשטעהונג און געשיכטליכער ענטוויקלונג פון חסידות. צו איהם, פריהער ווי צו די גאַליציאַנער משכילים

איז אנגעקומען דורך פארשיידענע קוועלן די ידיעה וועגן דעם, אז מ'האָט דעם ליאָווער, געשמידט אין קייטן, איינגעשפּארט אין א חדר אין סאדיגערער הויף.

גאָטלאָבער האָט ניט גערוהט און ניט געראסט. האָט געשריבן בריוו צו טשערנאָוויצער משכּילים. אויף זיין אָנרעגונג איז דער אויבן דערמאָהנטער ארענשטיין, בסודי סודות אוועק אין סאַ־דיגער און דורך זיינעם א פריינד, א „געשטרויכעלטן" חסיד, טאקע דעם אויפזעהער אויפ'ן רבינ'ס הויף, זיך דערוואוסט די גאנצע טרויעריגע געשיכטע.

ער איז אוועק צוריק אין טשערנאָוויץ און האָט איבערגע־געבן אלעס, וואָס ער האָט זיך דערוואוסט, צום טשערנאָוויצער געריכט. דאָס געריכט האָט אין דער שטיל געשיקט א קאָמיסיע אין סאדיגער אויספארשען די זאך. די קאָמיסיע האָט ווירקליך געפונען דעם ליאָווער איינגעשפּארט אין א חדר. זיין עלטערער ברודער, דער סאדיגערער רבי ר' אברהם יעקיניו, האָט ער־קלערט פאר'ן פּראָקוראָר, אז זיין ברודער איז משוגע און האָט געוויזן א צייגנים פון א דאָקטאָר. די קאָמיסיע האָט אבער דעם ליאָווער בעפרייט, און אויף זיין בעגעהר איהם געבראכט אין טשערנאָוויץ.

אין טשערנאָוויץ איז געוואָרען א פראגע: וואָס זאָל מען טאָן מיט דעם בעפרייטען רבי'ן. איבערלאָזען איהם אליין איז געווען ניט זיכער. ר' בערעניו איז געווען שוצלאָז געגען א ווייַ־טערדיגער פערשווערונג פון דעם אלמעכטיגען סאדיגערער הויף מיט די חסידים. אין טשערנאָוויץ גופא זענען אויך געווען א סך חסידים. דערצו איז דאך טשערנאָוויץ בלויז איניגע מינוטען פון סאדיגער.

דער נאטירליכער וועג איז געווען איבערצוגעבען ר' בערע־ניו צו די טשערנאָוויצער משכילים. נאָר די טשערנאָוויצער יודי־שע אינטעליגענץ איז שוין לאנג געווען אויסגעוועבט פון יעדען גייסטיגען אינטערעס. דאָס זענען אלע געווען ד פלאָמירטע קאַ־ריעריסטען און אסימיליאטאָרען, וואָס האָבען ניט געקענט, ניט פארשטעהן, ניט פיהלען די הארצרייסענדע דראמע, וואָס האָט זיך אָבגעשפּילט פאר זייערע אויגען און וואָס האָט אויפגערו־

דערט האלב אייראָפּאַ. איינער פון זיי, דר. פעכנער, זעהר אַן אנגעזעהענע פּערזאָן אין טשערנאָוויץ, איז אפילו געווען דער אדוואָקאַט פונ׳ם רבי׳ס הויף. איבערגעבען ר׳ בערעניו׳ס שיקזאל אַזא מענשען איז געווען געפעהרליך. אנדערע האָבען זיך ניט געוואָלט מישען.

בלויז איין מענש איז געווען אין טשערנאָוויץ, אַן אמת׳ער משכיל, א תלמיד פון „יוסף פּערל“ דעם גאַליציאַנער מענדעלסאָן. דאָס איז געווען דער אויבען דערמאָהנטער דר. רייטמאַן, אויך אַן אדוואָקאַט. ער האָט איינגעשטימט אריינצונעהמען צו זיך ר׳ בערעניו און — ווען עס וועט זיין נויטיג — פערטיידיגען איהם געגען זיין פאמיליע. די אָרטיגע עסטרייכישע רעגירונג און דער געריכט האָבען פון זייער זייט געקוקט מיט סימפּאַטיע אויף דעם קאַמפּף פון דעם ליאָווער מיט זיין פאמיליע. זיי האָבען געשטעלט ביי דעם דאָקטאָר רייטמאַנ׳ס טיר א פּאָליציי־אַ שע וואַך, צו בעשיצען דעם „ראבי“ און זיין גאַסטפריינדליכען באַלעבאָס געגען גוואַלד־מעשים מצד די חסידים.

באַלד נאָך דעם, ווי ר׳ בערעניו האָט זיך בעזעצט אין דר. רייטמאַנ׳ס הויז און האָט זיך געפיהלט זיכער און רוהיג, האָט ער געלאָזט אנשרייבען א בריעף אין „המגיד“, וואו ער האָט גע־לייקענט די קלאַנגען, וואָס האָבען זיך אומעטום פארשפּרייט, אַז ער האָט זיך געוואָלט שמד׳ען. ער איז טריי דער רעליגיאָן פון זיין פאָלק אַזוי ווי פריהער. זיין קוק אויף דער ראָלע פון א „גוטען יורען“ און פון חסידות, האָט זיך אבער געביטען און ער וויל מעהר נישט איין זאַך: מ׳זאָל איהם לאָזען צורוה. ער וויל לעבען, ווי זיין גייסט און געוויסען דיקטירען איהם, לעבען פריי־וואָט און אין דער שטיל. אין זיין בריעף איז ער, נאַטירליך, אויך שאַרף ארויסגעטראָטען געגען חסידות און קבלה בכלל און בע־זונדערס געגען זיין פאמיליע.

די ערקלערונג אין „המגיד“ האָט געשריבען ניט ער אליין. ער האָט קוים געקענט לעזען א צייטונג. שרייבען האָט ער נאָך ווייניגער געקענט. פאַר איהם, אין זיין נאָמען, האָט געשריבען זיין רעטער, דער אויבען דערמאָנטער לעהרער אָרענשטיין, וואָס איז פון איצט אָן געוואָרען זיין פריינד און טעגליכער בעזוכער.

כדי אבער די חסידים זאָלן דעם בריעף, וואָס איז געווען א וויכטיגער דאָקומענט, ניט קענען אבלייקענען, האָט ארענשטיין געפאָדערט, אז ר׳ בערעניו זאָל איהם איבערשרייבען מיט זיין אייגען האנד. אבער אויך דאָס איז געווען פאר׳ן ליאָווער רבי׳ן זעהר א שווערע ארבייט, און ווי אָרענשטיין פערזיכערט, איז דער געוועזענער רבי, איבערשרייבענדיג די ערקלערונג, ממש גע־ווען בערעקט פון אויבען ביז אראָב מיט שוויים.

א בעזונדער פריינד האָט דער ליאָווער געפונען אין דר. דייטמאנ׳ס צעהן יעהריגער טעכטער׳ל, וועלכע האָט מיט איהר קינדערשער נשמה פארשטאַנען ר׳ בערעניו׳ס דראמע. זי האָט זיך געמיהט מיט אלע קרעפטען איהם אונטערהאלטען. זי האָט פאר איהם געזונגען, געשפּילט פיאנאָ; האָט איהם געלערנט לע־זען און שרייבען דייטש; איז שטענדיג געווען גרייט איהם צו טאָן א געפעליגקייט. די ארומיגע האָבען איהר גערופען: „דער קליינער גבאי“. די ליבליכקייט פון דער צעהן־יאָהריגער מיי־דעלע צום אונגליקליכען רבי׳ן האָט געגעבען א גרונד צו פער־שיידענע לעגענדען. אין דער חסידישער לעגענדע איז דאָס קליי־נע קינד אויסגעוואקסען אין א גרויסער מיידעל. און ניט קיין פּראָסטע מיידעל, נאָר א מכשפה, א „לילית“, וואָס האָט פאר־כשופט דעם רבי׳ן, געהאלטען איהם געפאנגען אין איהר צויבער־נעץ. די דאָזיגע לעגענדע האָט אויך געגעבען א דייטשען, צי א יודיש־דייטשען דראמאטורג אין בערלין, צי אין אן אנדער דייטשער שטאָדט, אנצושרייבען א דראמע־ראָמאן וועגען דעם רבי׳ן ר׳ בערעניו. פון אלע זייטען עסטרייך און דייטשלאנד זע־נען געקומען געהויבענע פּערזאָנען, קריסטען, פון דער ליטעראַ־רישער און קינסטלערישער וועלט בעקאנט ווערען מיט דעם העלד פון אָט די אלע לעגענדעס — דעם „וואונדער־ראבבי“. וואָס האָט פארלאָזען אזא גדולה און איז געוואָרען א פריידענקער. זיי האָבען אלע גערעכענט צו בעגעגענען אן אויפגעקלערטען מענ־שען, א פילאָזאָף, א דענקער, און זענען געוואָרען זעהר ענט־טוישט, ווען אָנשטאָט א געבילדעטען מאן, א שארפען קאָפּ, האָבען זיי געפונען א מענשען, וואָס האָט כמעט ניט געהאט קיין שום רעאַלען בעגריף פון דער אויסערליכער וועלט; וואָס האָט

קוים יעצט, מיט גרויסער שווערקייט, אויסגעלערנט פון א קינד אונטערשרייבען זיין נאָמען אין דייטש; וואָס איז אפילו אין יודישער וויסענשאפט געווען אין גאנצען אונוויסענד.

דער לעהרער אָרענשטיין האָט דעם ליאָוווער געבראכט פערשיידענע השכלה־ספרים, ווי צ. ב. יצחק ערטער'ס, דעם בעריהמטען גאליציאנער יודישען סאטיריקער'ס, ווערק, ספּ נאזא'ס פילאזאפישע ביכער; ביכער וועגען דער פראנצויזישער רעוואָלוציע. צו די אלע ווערק, איבערהויפּט צו די היסטאָרישע, וועגען דער פראנצויזישער רעוואָלוציע, האָט ר' בערעניו ארויסגעוויזען א שטארקען אינטערעס. ער האָט ארויסגעוויזען גרויס חשק צו לערנען זיך, צו בילדונג. מ'האָט בעשלאָסען ביין דאקטאר רייטמאַן צו בעקומען דעם רבי'ס געלד, פערציג טויזענד רובל, וואָס ער האָט געלאָזען אין דערהיים אין זיין אייזערנעם שראנק. מיט דעם דאָזיגען קאפיטאל האָט דער ליאָוווער געקענט זיך לעבען רוהיג ערגעץ אין אן אייראָפּעאישער שטאָדט. דעם דאָזיגען אויפטראג האָט מען געקענט פארטרויען נאָר דר. רייטמאַן אליין. ער איז אוועק אין דער רומינישער שטעדטעל ליאָווע, ר' בערעניו'ס פריהערדיגע רעזידענץ. מיט דער שריפטליכער בעפאלמעכטיגונג פון ר' בערעניו. נאָר דאָרטען האָט ער שוין קיין געלד ניט געפונען. ר' בערעניו'ס ווייב און פאמיליע האָט, גאנץ נאַטירליך, דאָס געלד ארויסבעקומען פריהער.

דערמיט איז געוואָרען די לאגע פון דעם ליאָוווער א סך ערגער. ער איז יעצט מאַטעריעל געוואָרען אבהענגיג פון דער משכיל'שער געזעלשאפט, וועלכער, א חוץ דעם דר. רייטמאַן, איז געווען גאנץ גלייכגילטיג צו זיין דראמע. זיין פּלאַן: דערלעבען ערגעץ דעם רעסט פון זיינע יאָהרען אין א פריידענקענדער סביבה און ארבייטען דאָרט אויף זיין זעלבסטבילדונג, האָט ניט געקענט פערווירקליכט ווערען.

דערווייל האָט זיין פאמיליע, האָבען די חסידים ניט געשלאָפען. עס האָבען אויך ניט געשלאָפען די סאנדזער, די בלוטפיינד פון דעם ריזשינער'ס גזע. זייער קאמפּף האָט געהאַט אן ערפּאָלג. טויזענדער חסידים האָבען אָנגעהויבען אבצופאלען פון סאדיגער, פון טשאָרטקאָוו, פון הוסיאטין, וואו עס זענען געווען

פארפלאנצט די צווייגען פון דעם ריזשינער׳ס גזע. די משכילים אין רוסלאנד, עסטרייך און דייטשלאנד האבען בכלל געריבען די הענד פון שמחה, זעהענדיג אין דעם פאקט א טויט־קלאפ פאר חסידות און „גוטע יודען."

סאדיגער און טשארטקאוו האבען געמוזט אנשטרענגען די לעצטע קרעפטען צו בעקומען ר׳ בערעניו פון זיין מקום מקלט. פון דעם אפיקורס רייטמאנ׳ס הויז, צוריק אין סאדיגער. די משכילישע געזעלשאפט אין טשערנאוויץ, וואס האט זיך בעצויגען, בכלל, צו דער גאנצער געשעהענים, גלייכגילטיג, איז ניט געווען אזא שטער צו זייער פלאן, ווי די בעציהונג פון די אפיציעלע קריסטליכע קרייזען, וואס האבען גענומען ר׳ בערעניו אונטער זייער פליגעל. אגב האט דעם ליאווער׳ס ווייב און ברידער געדראהט א קרימינעלער פראצעס, וואס איז בעזונדערס געווען געפעהרליך פאר דעם סאדיגערער רבי ר׳ אברהם יעקעניו, וועלכער איז שוין איין מאל געזעסען אין טורמע אויף דער בעשולדיגונג פון מאכען פאלשע רוסישע מטבעות. דערצו האבען די הויכע פרומע קריסטליכע קרייזען דא געוויזען א בעזונדער אינטערעס. זיי האבען געגלויבט, אז זיי וועט זיך ווירקליך איינגעבען צו בעקעהרען ר׳ בערעניו׳ן צום קריסטענטום. און דאס וועט נעבען א געלעגענהייט צו פאנגען אסך יודישע נשמות.

דורך גרויסע שתדלנות גאר אין די הויכע פענסטער און, פילייכט, אויך ניט אהן ריזיגע כאבארען, האט זיך ענדליך די חסידים איינגעגעבען צו געווינען אויף זייער זייט דעם טשערנאוויצער שטאטהאלטער. די פרומע קריסטען איז זיי געלונגען צו איבערציינגען, אז די איבערקעהרענעם פון דעם ליאווער האט אנגעמאכט א גרויסע שמחה ביי די אפיקורסים און דאס קען שאדען די אינטערעסען פון רעליגיאן בכלל. עס שיינט, אז די קריסטליכע ריכטער פון טשערנאוויץ האבען איינגעשטימט מיט דער מיינונג, און זיי האבען אראבגענומען פון דעם אפיקורסישען ראבבי זייער שוץ־פליגעל. די ראלע פון דאקטאר רייטמאן אליין איז אונבעקאנט. די אינטערעסען פון פריידענקערייי און די אינטערעסען פון אמת און יושר האבען אויף קיין פאל ניט

געקענט ערלויבען איבערצוגעבען דעם ליאָוועאר אין די הענד פון זיינע פייניגער. דאָס וואָס זיין בעשיצער ביז איצט האָט ניט געזוכט קיין מיטלען צו ברענגען ר׳ בערעניו אין א זיכערן פּלאַץ און געבען איהם די מעגליכקייט צו לעבען נאָך זיינע איבערצייגונגען, האָט געגעבען א גרונד צו דעם קלאַנג, אז דר. רייטמאַן האָט זיין שוצלינג און גאַסט פערראַטען און פערקויפט. כאָטש קיין פאַקטען, וואָס זאָלען בעשטעטיגען אָט דעם חשד זענען ניטאָ.

ווי די מעשה איז, די חסידים האָט זיך ענדליך איינגעגעבען צו בעקומען דעם ליאָוועאר אין זייער רשות. אמת: די ברידער זיינע האָבען געמוזט צוזאָגען, אז מ׳וועט איהם ניט איינשפּאַרען, ניט פערפאָלגען, און ערלויבען איהם צו לעבען פריי נאָך זיינע רעליגיעזע איבערצייגונגען. בלייבענדיג אָהן מיטלען, אָהן א שום שוץ פון אימיצען, האָט ר׳ בערעניו געמוזט נאָכגעבען זיינע ברידער און אומקעהרען זיך אין זייער קרייז.

ביי די חסידים איז געוואָרען ששון ושמחה. סאַדיגער און טשאָרטקאָוו האָבען טרומפּירט. מ׳האָט אין דעם ליאָוועאר׳ס נאָמען געדרוקט אינ׳ם זעלבען „המגיד“ א חרטה־בריעף, וואָס האָט צוריקגערופען זיין ערשטען בריעף. אין דעם דאָזיגען חרטה־בריעף האָט ער כלומרשט, דערקלערט. אז יענעם בריעף, דעם ערשטען, האָט ער געשריבען אין א פינסטערער שעה, ווען זיין פערשטאַנד איז פערדונקעלט געווען. איצט האָט זיך זיין פערשטאַנד צו איהם צוריקגעקעהרט און ער איז א חוזר בתשובה.

ווען ר׳ בערעניו וואָלט באמת געווען א „חוזר בתשובה“ האָט ער געקענט איצט ווערען דער גרעסטער, דער סאַמע פערגעטערטער רבי אין דער וועלט. ביי זיינע חסידים איז ער נאָך קיין מאָל ניט געווען אזוי הייליג און טייער, ווי איצט. דער קראַנץ פון לעגענדעס ארום זיין פּערזאָן איז געוואָרען נאָך גרעסער און פערוויקעלטער. חסידים האָבען איבערגעגעבען, אז זיי האָבען בפירוש געהערט פון דר. רייטמאַן׳ס קריסטליכער דינסט׳ס מויל, אז בשעת זי האָט דערלאַנגט צום טיש וואַרמעס, נאַטירליך, טרייפע מאכלים, איז געקומען אן אלטער מאַן אין א זופּיצע און גאַרטעל (דאָס איז געווען אליהו הנביא) און האָט

ר׳ בערעניו׳ס טעלער צוגענומען און פארביטען זי אויף אן אנ־דערע. אן אנדער חסיד האט אויך איבערגעגעבן, טאקע פון דערזעלביגער קריסטליכער קעכינ׳ס מויל, אז, דער „ראבבי“, וואס איז געווען ביי זיי אין שטוב, איז גאר באמת ניט גע־ווען קיין מענש, נאר א שד. זי האט אליין געזעהן, אונטער זיין קאפאטע פיס פון א האהן... א דריטער חסיד האט געשווארען, אז דער ליאווער איז ביי איהם אזוי הייליג איצט, אז ווען ער זעהט איהם עסען חזיר, וועט ער אליין אויך עסען חזיר.

דער רבי ר׳ בערעניו אליין האט אבער גאר ניט געוואוסט פון אט די אלע לעגענדעס און האט זיך ווענען זיי ווייניג גע־קימערט. ער האט נאר געוואלט לעבען פריי און אליין. פון אנ־הויב האט מען איהם געגעבן א פלאץ ביי זיינער א שוועסטער אין א דערפעל „זשוטשקא“, ניט ווייט פון סאדיגער. עס שיינט אבער, אז זיין פרייע או פפיהרונג ביי דער פרומער שוועסטער האט געמאכט פאר איהם אונמעגליך צו לעבען ביי איהר ווייטער. און ער האט געדונגען פאר זיך א פויערשע שטיבעל, וואו ער האט געלעבט איינזאם און פארשלאסען פון דער ארומיגער וועלט, סאי פון די חסידים, סאי פון די משכילים.

אין אזא צושטאנד האט אבער דער לעבענסלוסטיגער און פראטעסטירענדער גייסט פונ׳ם ליאוועור ניט געקאנט לאנג או־ס־האלטען. און ווירקליך: אין א קורצער צייט ארום האבען זיך פארשפרייט קלאנגען, אז דער ליאוועור איז געשטארבען. זיין טויט איז פארצויגען מיט א נעבעל פון געהיימנים. מ׳ווייס ניט: צו ער איז געשטארבען אויף א נאטירליכען אופן — פון איינזאמקייט, הארצקלעמענעס און פערצווייפלונג, צו מיט א פערגוואלדיגטען טויט. מ׳ווייס אפילו ניט, וואו זיין קבר איז. א טייל זאגען, אז ער איז אנטלאפען פון זיין נייער געפענגנים אין וויען און דארט איז ער געשטארבען.

דעם ליאוועור׳ס טויט האט ניט געמאכט קיין שום רושם אין דער וועלט. נאך דעם, ווי אין „המגיד“ איז געדרוקט געווען זיין צווייטער בריעף, וועלכען די משכילים האבען ערנסט גע־גלויבט, האט זיין פערזאן פערלארען דעם אינטערעס אין די

קרייזן פון געבילדעטע און פריידענקער. מ׳האט איהם איבער־געלאזען אליין זיין שיקזאל. דערצארענט און ערבימערט האט „דער ליאווער" אין זיין נייער „פריוויליגער" געפאנגשאפט זיך אויפגעפיהרט אזוי, אז זיין פאמיליע האט געמוזט זוכען מיט אלע מיטלען פון איהם לויז צו ווערען. ער האט מיט זיינע ברי־דער גאר נישט געוואלט האבען צו טאן. איז ניט געגאנגען אויף זייערע קינדערשע שמחות. איז ניט געגאנגען אין שול, ניט שבת, ניט יום טוב. האט פסח ניט געפראוועט קיין סדר. פלעגט קו־מען צום פריץ פונ׳ם דארף, וואו ער האט געוואוינט, מיט איהם פארברייינגען און ביי איהם עסען אום פסח. זיין ניט פרומקייט האט ער ארויסגעוויזען דעמאנסטראטיוו שוין דעם ערשטען מאל, ווען מ׳האט איהם א געבונדענעם געבראכט פון זיין שטעד־טעל ליאווע צו זיין ברודער אין סאדיגער. ווען זיין עלטערער ברודער ר׳ אברהם יענקעניו איז אריין צו איהם אין צימער— דאס איז געווען פרייטאג צו נאכט — און איהם מיט טרערען אין די אויגען גענומען מוסר׳ן, וואס ער פארשוועכט זיין טאַ־טענ׳ס און זיידענ׳ס אנדענקען און איז מחלל השם פאר דער גאנצער וועלט, האט ר׳ בערעניו דערויף געענטפערט מיט דעם, וואס ער האט פאר איהם, פאר׳ן ברודער אין די אויגען, גע־נומען און אבגעשנייצט דאס ברענענדיגע ליכט. ר׳ אברהם יענ־קיניו איז געפאלען צו דער ערד, און מ׳האט איהם ארויסגעטרא־גען א גע׳חלש׳טען.

אט די מאניפעסטירענדע ניט פרומקייט האט דער ליאווער ארויסגעוויזען אויך ביי׳ן דר. רייטמאן אין הויז. און דאס האט אפילו אויף זיינע פריידענקער־פריינד געמאכט א שווערען איינ־דרוק. אזוי, אז אפילו דער לעהרער ארענשטיין, זיין רעטער און פריינד, איז שפעטער געווארען צו איהם קאלט.

בכלל איז „דער ליאווער" געווען א קאמפליצירטע, סתירות׳דיגע נאטור. די געזעלשאפט פון זיין צייט, סאי אין דעם רעכטען, סאי אין דעם לינקען לאגער, האט איהם ניט גע־קענט פארשטעהן. ער איז געפאלען א קרבן מעהר פון אט דער סתירות׳דיגקייט אין זיין נאטור, ווי פון די ארומיגע אומ־שטענדען.

א פאָטאָגראַפיש בילד איז געבליבן פון איהם, פון דער צייט, ווען ער איז געזעסען ביי רייטמאַנען אין הויז. די דאָזיגע בילדער האָט זיין פאמיליע געסטאַרעט זיך מיט אַלע מיטלען אויסצוקויפען און פארניכטען. מיר האָט זיך אבער איינגעגעבען אין זלאָטשוב (גאליציען) איין בילד, פיליכט דאָס איינציגע בילד פונ'ם ליאָווער, צו זעהן. אין די שטריכען פון זיין פּנים איז ניט קענטיג קיין ק ע מ פּ פ ע ר. דערפאר אבער איז אויסגעזאָגט אין זיי א מאדנער גייסטיגער אדעל, אינטעליגענץ און הייליג־קינדישע אונשולד.

אין די גאליצישע רבייאישע הויפען רעדט מען זעהר ניט גערן פון דעם „געשטרויכעלטען" רבי בערעניו. דערפאר אבער האלט נאָך ביז היינטיגען טאָג טייער זיין אנדענקען די חסידישע מאסע. זי וויל ניט גלויבען, אז ער, זייער פערגעטערטער, זייער געליבטער רבי איז אן אפיקורס געוואָרען. דאָס איז אלץ געווען א פארשטעלענעס, א שפּיצעל פון דעם ס"מ. יעצט, ווי אמאָל איז זיי הייליג און טייער די ריינע, געלייטערטע נשמה פון זייער ר' בערעניו, דעם ליאָווער רבי'ן, דעם מארטירער.

# בּיין בּעלזער רבּי'ן.

# ביי׳ן בעלזער רבי׳ן.

אין בעלז בין איך געפאָהרען מיט א ציטערנד האַרץ. מ׳האָט מיך א ן טשאָרטקאָוו, אין לעמבערג — אומעטום אין גאַליציען, שטאַרק אַנגעשראָקען.

„דעם בעלזער רבי׳ן זעהן? איך זאָל זיך דאָס גאָר ניט חלום׳ן!

איהר קענט זיך שוין שעצען גליקליך, ווען איהר וועט ארויס פון בעלז מיט גאַנצע ביינער!

מ׳וועט אייך בעסער גאָר ניט אַריינלאָזען אין בעלז!"

אַט אַזוינע ענטפערים האָב איך בעקומען, ווען איך האָב דערצעהלט גאַליציאַנער יונגע לייט וועגען מיין פּלאַן צו פאָהרען אין בעלז. אַנדערע זענען ניט געווען אַזוי פּעסימיסטיש געשטימט צו מיין נסיעה. אלא וואָס דען? זיי האָבען מיר געראָטען איך זאָל וואַרטען אביסעל; פאַרלאָזען באָרד און פּאות, אַנטאָן א זופּעצע מיט א גאַרטעל און צו גרייטען טאַקע א פּעטען פּדיון. עס זענען אויך געווען גרעסערע אָפּטימיסטען. דער עיקר, זאָגען זיי, איז טאַקע דער פּדיון און ניט דוקא קיין פּעטער. עס קומען אויך „דאַאַטשען" צום בעלזער. אבער, אז „דאַאַטש" — דאַרף זיין „דאַאַטש", און ניט האַלב דאַאַטש און האַלב ליטוואַק, ווי איך בין...

נאַר... א גויאיש ווערטעל זאָגט: „או לודזעי פּיטאַי, א סוואָי ראָזום מאַי", ס׳הייסט: „ביי לייטען פרעג, און געה דיין אייגען וועג". איך האָב זיך געלאָזט אויף „קדוש השם", געזעצט זיך אין לעמבערג אין וואַגאָן, ווי איך שטעה און געה, ניט צוגרייטענדיג, ניט קיין טענות, ניט קיין פּדיון, ניט ענדערנדיג מיין באָרד און פּאות, ניט מיינע מלבושים. אויף יעדען פאַל

האָב איך נאָר גענומען ביי א לעמבערגער סאציאַל־דעמאָקראַט אַן אדרעס צו אן ארבייטער־סאָציאַליסט. אויב עס ווערט, וואָס „טרעפען“, זאָל כאָטש איינער וויסען: וואו מיינע ביינער ווע־לען אהינקומען...

אַז דער לעמבערגער סאציאל־דעמאָקראַט האָט מיר גע־זאָגט, אַז אין בעלז עקזיסטירט א סאָציאַליסט און ניט בלויז איין סאָציאַליסט, נאָר א גאנצע סאציאַליסטישע ארגאַניזאַציע, האָב איך דאָס מיר ניט געקענט פאָרשטעלען ווארום איהר דאַרפט וויסען, וואָס בעלז איז! בעלז לעבט ניט אין 20־טען יאהרהונ־דערט! אין בעלז איז ניטאָ קיין איין יודענע, וואָס זאָל זיך ער־לויבען געהן אין א פּארוק! (ווענען אייגענע האָר איז אָבגע־רעדט!) אלץ, וואָס ווייבליך איז, מוז פון דעם מאָמענט, ווען זי געהט ארויס פון אונטער דער חופּה, געהן דעם קאָפּ געגאָלט, און פאַרוויקעלט אין א פאַטשיילקע. קיין איין מיידעל טאָר זיך אין שטעדטעל ניט בעווייזען אין א היטעלע אויפ׳ן קאָפּ...

א נאָזטיכעל טראָגען אין קעשענע איז ניט בלויז שבת, נאָר אָנדערוועכען א פאַרברעך. זינט בעלז איז בעלז האָט נאָך קיינמאָל ניט געוואגט צו געהן שפּאַצירען. דאָרט א בחור מיט א מיידעל ניט געוואגט צו געהן שפּאַצירען. א בעלזער יונגעל האָט קיין מאָל ניט געטאָרט געהן אין א שולע און ניט וויסען וואָס איז דקדוק. אלץ, וואָס מענליך איז, מוז געהן אין א לאַנגע קאַפּאָטע און אין לאַנגע, לאַנגע געקרייזעל־טע פאות׳ן. פון יעדערנס אויפפיהרונג אין שטעדטעל ווערט דעם רבי׳ן אָבגעגעבען דין וחשבון. אז א יוד ,צי א יודענע טוט אַן עברה אפילו אין טיפסטער נאַכט און אין די פערבאָרגענ־סטע ווינקלאך, רופט מען איהם צום רבי׳ן און ער מוז זיך מודה זיין און ארויסנעהמען א תשובה. פאר׳ן רבי׳ן איז ניטאָ קיין שום פערבאָרגענע זאך. אלץ לעבט אין בעלז נאך זיין בע־פעהל, אלץ ציטערט פאר זיין קוק, אלץ דורשט נאך זיין בליק, נאך זיינעם א וואָרט.

איצט פערשטעהט איהר, פאר וואָס איך האָב דוקא גע־וואָלט זיין אין בעלז. און — איך בין געווען!

איך בין ניט נאָר געווען אין בעלז, איך בין אויך ביי׳ן רבי׳ן געווען! און ניט בלויז ביי׳ן רבי׳ן, אפילו ביי דער רבצין

אַז אוידיענץ געהאַט. און אַז עדות האָב איך דעם... שטיק טאָרט, וואָס די רביצין האָט מיר צום אָנדענק געגעבן. דער שטיק טאָרט איז שוין איצט שטאַרק אויסגעטריקנט. אָבער ער האָט זיך גוט דערהאַלטן ביי מיר אין רייזענזאַק און איז ביי מיר איינע פון די אינטערעסאַנסטע ערינערונגען אַן גאַליציען, אַן בעלז.

נאָר... איך וויל ניט פאַרלויפן א פריהער און דערצעהל ווייטער וועגן מיין נסיעה אין בעלז נאָכ׳ן סדר.

# איך פאָהר צום רבי'ן — מיט'ן רב'ן.

איך האָב געוואָלט אָנקומען אין בעלז אויף שבת און בין ארויסגעפאָהרען פון לעמבערג פרייטאָג ארום האַלבען טאָג. אין וואַגאָן איז געווען רוהיג. איך האָב זיך געזעצט אין א ווינ־קעל און געטראַכט: וואָס וועט זיין, אז מ'וועט מיך אין קיין איינפאָהר־הויז ניט אריינלאָזען? קיין האָטעלס איז אין בעלז ניטאָ. דאָס האָב איך פריהער געוואוסט. און אז מיר וועט אָב־גליקען, מ'וועט מיך שוין יע אריינלאָזען, — וואָס וועט זיין, אז מ'וועט מיך נעהמען אויפ'ן פערהער? וועל איך קענען אויס־האַלטען פרינצ־פּ: ניט פערשטעלען זיך, ניט געבען קיין פדיון?

אין אזוינע און עהנליכע געדאַנקען בין איך אָבגעפאָהרען עטליכע סטאַנציעס. אויף יעדער סטאַנציע זענען צוגעקומען צו עטליכע חסידים, וואָס זענען געפאָהרען אויף שבת צום רבי'ן. דאָך אָבער אַלץ איז געווען רוהיג. נאָר א פּאָר סטאַנציעס פאַר בעלז, ביי איין אָבשטעל פונ'ם צוג, האָב איך בעמערקט אַ שטאַרקע אונרוהיגקייט. באַלד איז געוואָרען א גערודער, א גע־לאָף. די פּאַסאַזשירען פון מיין וואַגאָן לויפען אריין און ארויס, סוד'ען זיך, שושקען זיך צווישען אַנאַנדער. ענדליך האָב איך געהערט דייטליך:

— ער פאָהרט דאָ מיט אונז...

— ווער?

דער רבי... דער בעלזער...

— דאָ מיט אונז? אין ד ע ם צוג?

— דאָרט אין לעצטען וואַגאָן, איך זאָג אייך אמת... אין ראַווא האָט מען איהם (דעם וואַגאָן) צוגעטשעפּעט צו אונזער צוג.

דער צוג איז געגאַנגען. איך האָב ארויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער פונ'ם וואַגאָן. נאָך אַנדערע פּאַסאַזשירען האָבען זיך

געשפארט צו די פענסטער, ארויסגעלאפען פון וואגאן אין א צווייטען און אריינגעלאפען. גאר זיי האבען גאר ניט געקאנט מאכען, דעם רבינ׳ס וואגאן איז געוועזן צום לעצטען, און מ׳האט צו איהם ניט געקענט צוקומען. וואגאנעס פון ערשטען און צווייטען קלאס האבען פארשטעלט. דער רבי איז געפאהרען, אזוי ווי מיר — אין דריטען.

מיר האבען געמוזט ווארטען מיט געדולד, ביז דער צוג וועט זיך אבשטעלען ביי דער נאהענטסטער סטאנציע — די לעצטע פאר בעלז. איך האב אין געדאנק געזוכט מיטלען, ווי אזוי צו קריגען די מעגליכקייט צוקוקען זיך צום רבי׳ן. ווארום אויף זעהן איהם אין בעלז האב א־ך דאן קיין שום האפנונג ניט געהאט.

איך געדענק ניט, ווי די סטאנציע הייסט, ביי וועלכער דער צוג האט זיך אבגעשטעלט. ארויסקוקענדיג פון פענסטער האב איך געזעהן, ווי דער גאנצער פלאץ אויפ׳ן סטאנציע איז שווארץ־בערעקט מיט מענשען. אלע זאלען פון וואקזאל געפאקט — חם דים, חסידים... אלטע, יונגע, אינגלעך — קיין ווייבער ניט: אן אשה טאר זיך ניט ווייזען פאר׳ן רבי׳ן.

אך מיין גאט! וואס זענען דאס געוועזן פאר א חסידים! איך בין שוין אויסען געוועזן רבייאישע הויפען, האב זיך אנגעזעהן חסידים, אבער אזוינע האב א־ך ניט געזעהן. דאס זענען געוועזן חסידים, גאר פון אן אנדער מין! בעלזער חסידים...

שפעטער האב איז זיך דערוואוסט ווי מ׳רופט זיי. דאס זענען „פאנטאפעל־חם־דים" חניאקעס... לאפצעדריגעס: הויכע, דארע, או סגעבויגענע, מיט צוריסענע איילענבויגענס, צוריסענע בריליקעס, צוריסענע פאנטאפעל. אלע — צעווייקטע פנים׳ער, פארזשמורעטע אויגען, וואס קוקען אין דער ערד און אליין זענען זיי גאר אין הימעל. מיט לאנגע, לאנגע קאפאטעס: א פאה — א קלאפטער, ווען מ׳זאל זיי פארנאנדערגרייזלען. אזוי אבער שלעפט זיך אויף יעדער פאה אראב אויפ׳ן אקסעל. אלץ איז געוועזן אין משונה׳דיגע התלהבות. דער פנים האט געפלאמט, האט געגארט, די הארץ, דער קאפ איז געוועזן פערנומען מיט איין געדאנק, מיט איין פערלאנג: אריינקוקען

דעם רבי׳ן אין פּנים אריין, בעריהרען מיט זיין האַנד דעם רבי׳ס האַנד... געבען איהם „שלום“.

עפּעס ווילדעס, משונה׳דיגעס, געצענגרינגעריש איז געווען אין אַט דער סצענע, וואָס איך האָב געזעהן דעם ערשטען מאָל אויף מיין לעבען. און דאָך... אריינקוקעדיג טיעפער, נאָך דער ערשטער איבערראשונג, איז אונמעגליך געווען ניט צוצוגעבען, אַז דאָ איז שוין געווען עפּעס אייגענאַרטיג־פאָלקסטימליכעס, קינדישעס, איך וואָלט זאָגען — הייליגעס. דאָס אונגעקינס־טעלט פאָלק וויים ניט פון קיין צערעמאָניאל. שטורעמדיג דריקט עס אוים זיין האַס, ווי זיין ליעבע.

דאָ זענען געווען די אר מסטע פונ׳ם פאָלק. די סאַמע דער־שלאָגענע, סאַמע פערהונגערטע און פערדורשטיגטע פון דער גאַליציאַנער יודישער מאַסע. און דאָך איז אפשר ביי קיינעם אין פאָלק ניט אַזוי שטאַרק ענטוויקעלט דער דורשט נאָך שענ־קייט, נאָך מאָראַלישע ריינקייט און הייליגקייט, ווי ביי זיי.

פאַר זיי איז געשטאַנען דער, וואָס האָט איז זיין פּערזאָן דאָס אלעס פערקערפּערט. און זיי האָבען זיך געבויגט פאַר איהם, געוואָלט, אריינקוקענדיג איהם אין די אויגען, אַנגעצונ־דען ווערן פון זיין שטראַהל; בעריהרענדיג זיין האַנד, אריינ־נעהמען אין זיך, דורך איהר, די וואַרעמקייט פון זיין גלויבען.

איך האָב זיך געסטאַרעט דורכשטופּען זיך אין דער מענגע און זעהן בעסער, וואָס עס פּאַסירט. אויף דער צווייטער רעל־סען־ליניע, וואָס האָט אָבגעטיילט אונזער צוג פון דער פּלאַט־פאָרם, האָט מען געוואַרט יעדע מינוט אויף א צוג. איבערגעהן די רעלסען, צוגעהן צו אונזער צוג איז אלזא געווען פערבאָטען. נאָר צעהנדליגע מענשען, ניט קוקענדיג אויפ׳ן שטרענגען פער־באָט, האָבען זיך דורכגעריסען, צוגעלאָפען פערשוויצט און פערסאָפּעט צום וואַגאָן־פענסטער, וואו דער רבי איז געשטאַנען און געשטופּט אין פענסטער די האַנד צום רבי׳ן. דער רבי האָט ערנסט, געלאַסען אראָבגעלאָזען זיין האַנד און צוגענומען דעם „שלום עליכם“. א טאַטע האָט שוין ־זליין געהאַט די זכיה: געגעבען שלום עליכם דעם רבי׳ן, האָט ער אָבער געלאָזען אויף יענער זייט אייזערנעם שטאַנקעט א קליין אינגעל און גאָר א

קליינציגען אינגעלע. לויפט ער, כאפט איינעם פאר׳ן הענטעל, דעם צווייטען אויפ׳ן האנד, רייסט זיך ווידער דורך דער מענגע, בויגט זיך ארונטער, אונטער דעם שטאנקעט, הויבט אויף דאס קליינע אפשר דריי־יעהריגע קינד צום פענסטער. דאס קינד רוקט דאס הענטעל דעם רבי׳ן. דער רבי נעהמט זי און מיט׳ן זעלביגען ערנסט, ווי די גרויסע האנד. דער טאטע שיינט; לאזט אראב אויף דער ערד דאס קליין קינד, כאפט אויפ׳ן אקסעל דעם עלטערן זוהנדעל. יענער שטעקט אויף גיך אויס זיין הענטעל דעם רבי׳ן.

איך האב זיך געוואלט איינקוקען אין רבי׳ס פנים. דאס האט זיך מיר ניט איינגעגעבען. ער איז געשטאנען אין סאמע פענסטער, נאר אביסעל אבגערוקט, מיט א זייט. איך האב איהם אבער, געקענט בעמערקען נאר פון דער זייט, ווייל צום סאמע פענסטער איז געווען אונמעגליך צוצוטרעטען. ער האט מיר אויסגעזעהן א גאנץ געוועהנליכער יוד. קוקענדיג אויף איהם האט מען, דאכט זיך, פאר קיין פאל ניט געקענט זאגען, אז דאס איז א רבי, און ניט גלאט א רבי, נאר דער גרעסטער, דער מעכטיגסטער, נאכ׳ן טשארטקאווער, אין דער חסידישער וועלט.

# אין בעלז.

אין בעלז גופא, אויפ'ן וואקזאל האט שוין געווארט אן עולם מענשען מקבל פנים זיין דעם רבי'ן און געבען איהם „שלום". אימיצער האט א כאפ געטאן מיין רייזענזעקעל און אנגעוויזען א פיהר וואו צו זעצען זיך. איך האב געוואלט פראטעסטירען, נאר האב זיך ארומגעזעהן, אז אלע פוהרען זענען שוין פערנומען. איך האב געמוזט געהארכען. אבער פאהרען איז מיר נ״ט אזוי גיך געראטען. קיין פוהר האט ניט געוואגט ריהרען זיך פון ארט, ביז דעם רבי'ס פערד האט זיך ניט געריהרט. דער רבי איז אויך געפאהרען מיט א פראסטען בעל עגלה. דער בעלזער האט ניט קיין אייגענע פערד, ניט קיין אייגענע וועגען, ביי דעם בעלזער איז אן אנדער פיהרונג.

באמת ב״ן איך געווען גערן צו זיצען אויפ'ן וואגען און ווארטען. איך האב געוואלט עפעס זעהן, נאר זעהן האט זיך נארנישט איינגענעבען. א גרויסע מענגע מענשען האט ארומגערינגעלט דעם רבי'ן און וואס אינוועניג, אין רעדעל, האט זיך געטאן, איז געווען אונמעגליך צו בעמערקען. ענדליך האט זיך אלץ א ריהר געטאן. דער רבי א פריהער, און מיר נאך איהם. אויפ'ן וועג האט זיך ארייגעכאפט צו מיר אין וואגען א אינגעלע, א צאציק, מיט א לאנגע קאפאטקעלע און ווי ביי אלעמען אין בעלז, לאנגע געקרייזעלטע פאה'קעלאך. דער פנים'ל בלאס, מאגער, אבער זעהר א שענער מיט קלוגע אומלויפענדיגע אויגלאך. דער אינגעלע האט זיך גערן ארייגעלאזען מיט מיר אין א געשפרעך. ער דערצעהלט מיר, אז דער רבי איז ערשט מיט איניגע טעג צוריק אוועקגעפאהרען. געפאהרען איז ער אין א שטעדטעל דא ניט ווייט. זיינער א שוואגער, דער דארטיגער רב איז געשטארבען. געבליבען א זוהן, וואס קען שוין אויך זיין רב, ס'איז געווארען א רייסעריי אין שטעדטעל צוליעב די רבנות.

איז ער געפֿאָרען מאַכען אַן אויסגלייך.

דאָס האָט געוויזען בעשיינפּערלאַך די גרויסע אַכטונג, וואָס דער רבי געניסט אין שטעדטעל. אַ פּאָר טעג ניט געזעהן איהם און מיט אַזאַ פֿייערליכקייט מקבל פּנים געווען.

איך האָב געבעטען מיין פֿוהרמאַן, ער זאָל מ ך פֿאַרפֿיהרען אין דעם בעסטען האָטעל אין שטעדטעל און ער האָט מיך אַריינגעפֿיהרט טאַקע... צו איהם גופא. דער צימער, וואָס מ'האָט מיר געגעבען איז גראַד געווען ניט קיין שלעכטער, פֿאַר בעלז, נאַטירלי ך. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס איז ווירקליך דער גרעסטער „האָטעל" אין שטעדטעל.

דער איינגעלע גופא האָט זיך אַרויסגעוויזען דעם פֿוהרמאַנס זוהנ'דל. זיין מאַמע — אַ טיעף סימפּאַטיש ווייבעל, אָבער פֿער'מאוסט דורך דעם געגאַלטען קאָפּ און שמוציגע טיכעל אַרום קאָפּ, האָט מי ך געפֿרעגט צו וועל איך עפּעס עסען, אָדער פֿריהער געהן געבען שלום דעם רבי'ן און מקבל שלום זיין פֿון רבי'ן. ס'הייסט: עס איז גאָר קיין אַנדער קלער ניט געווען, אַז איך בין געקומען נאָר צום רבי'ן. איך האָב איהר געזאָגט, אַז אַ ך וועל פֿריהער געהן דאַווענען מנחה צום רבי'ן אין קלויז. צום רבי'ן וועל איך שוין געהן מאָרגען, שבת צו נאַכט.

איך האָב טאַקע אַזוי געטאָן. לויט מיין שטענדיגען מנהג בין איך פֿריהער אַוועק אַליין אַרומבלאָנדזען איבערן שטעדטעל. איידער איהר זעהט זיך מיט מענשען אין אַ נייעם אָרט, אִיז דאָך תמיד אינטערעסאַנט אַליין כאַפּען דעם שניט, די אַלגעמיינע פֿיזיאָנאָמיע פֿון שטעדטעל.

און די שטעדטעל בעלז אַליין זעהט טאַקע אויס, ווי זי וואָלט לכתחילה, פֿון „ששת ימי בראשית" אָן געשאַפֿען געווען פֿאַר'ן בעלזער רבי'ן, פֿאַר בעלזער חסידים. אַזאַ אַלט פֿרענקיש, קוויטיג שטעדטעל וועט איהר זעלטען וואו קריגן, אפילו אין גאַליציען. גאַנץ שטעדטעל איז מאַרק. דערפֿאַר איז דער מאַרק גרויס און ברייט. די קראָמען זענען גרעסטענטיילס אויף די דירות, אָדער צוזאַמען מיט די דירות, אַלטע איינגעהויקערטע — מעהר עהנליך אוֹיף דאָרפֿישע שטעלכלאַך, ווי אויף שטעדטעלדיגע הייזער, אין די זייטען גיט אָבער אויך קליינע מויערלאַך.

פאראַן אויך עטליכע גרעסערע צוויי שטאָקיגע מויערן. דעם רבי׳ס הויף אַליין, די קלויז זענען געמויערטע.

איך בין אריין אין פּאַליש פון קלויז. דאָ איז געווען שטאַרק ריהרעוודיג פון עולם. דער פּאַליש איז מורא׳דיג הויך און אונגעהייער גרויס. אין פערשיידענע זייטען, אויף די בענק, אויף טישען זענען געשטאַנען בלעכענע סאַמאָווארען, מיט צו־בייסען דערצו: הערינג, אוגערקעס, קיכלאך, אנדערע גראָשענע „מזונות". דאָ זענען אויך געווען טישלאך מיט אנדערע מינים סחורות: סדורים, ציצית, ארבע־כנפות׳ן, נאָדלען, פּאָדים, און נאָך אזוינע ארטיקלען, וואָס א בעלזער חסיד קען בעדארפען, ווען ער קומט צום רבי׳ן. אין שטעדטעל איז ניטאָ קיין שענקען, קיין קאַפּיי־הייזער, קיין רעסטאָראַנס. פאַרטרעט דעם רבי׳ס פּאַליש אָט די אלע זאכען. עטליכע חסידים האָבען שוין פון דורות לאנג א חזקה, יעדער — אויף זיין ארטיקעל. קיין אנדער טאָר זיך דאָ ניט שטעלען. ניט קוקענדיג אויף דער מאָנאָפּאָל, איז דאָ פּודעסטוועגען אלץ ביליג. אין דעמזעלביגען פּאַליש פּראַוועט דער רבי „טיש", זאָגט תורה פאר די חסידים.

נעהענטער צו „קבלת שבת" איז דער מארק ארונטערגע־נומען געווארען פון פּאַליש. עס האָבען אָנגעהויבען צו קומען יונגע לייט, קליינע, „צאַציקלאך", וואָס האָבען שטארק קונ־דייסעוועט, אין וואָס די פּאה׳קעלאך און לאנגע קאַפּאָטקע־לאך האָבען גענומען א שטארקען אַנטייל.

„קבלת שבת" און „מעריב" האָבען זיך מיט גאר נישט אויסגעצייכענט פון דיזעלבע תפילות אין א געוועהנליכע חסידישע קלויז. דיזעלבע אומלויפענים הין און הער, דיזעלבע „דבקות" און „התלהבות". דאָ איז נאָר געווען ענגער, שטיקענ־דיגער. צוליעב דעם רבי׳ס אָנקומען פון „וועג" איז דאָ געווען גאנץ שטעדטעל. דעם רבי׳ן האָט זיך מיר ניט איינגעגעבען נע־העטער צו בעטראַכטען.

נאָך וועטשערע האָב איך זיך געלאָזען זוכען מיין סאָציַ־אַליסט. ביי דעם בעל הבית און בעל הבית׳טע פון מיין „האָטעל" האָב איך נאַטירליך אויף אזא נפש ניט געקענט נאָכפרעגען. דאָס וואָלט מיך דאָך „קאָמפּראָמענטירט". האָב איך זיך געלאָזען

איבער׳ן מארק. ס׳איז געווען פינסטער — קיין לאַנטערנעס זענען ניטאָ אין בעלז — דאָס איז אָבער געווען פאַר מיר נאָך בעסער. איך האָב מיך געמיהט קריגען א מענשען א אינגערן, מיט א ביסעל קירצערע פּאות, מיט א פּנים, וואָס מ׳קען איהם טרויען, אז ער וועט מיך ניט ארויסגעבען.

א לאַנגע צייט האָט געדויערט ביז איך האָב, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, אזא פּנים געקראַגען. איך האָב ביי דעם יונגען מאַן געפרעגט: צי וויים ער ניט, וואו וואוינט דער און דער. ער האָט טיעף אריינגעקוקט אין מיין געזיכט און האָט מיר ביי די שוואַכע שפּורען פון עטליכע בענשליכט, וואָס האָבען דאָ און דאָרטען דורך א פענסטער ארויסגעוואָרפען אביסעל שיין, מיר געוויזען ווי איך זאָל געהן און מיר אָבגעמאָלט דאָס הייזעל, וואו מיין סאַציאַליסט וואוינט. איך האָב ווייטער נע־בלאָנדזעט און האָב דאָך געטראָפען. נאָר אין הייזעל, אין די פענסטערלאָך ביי דער סאַמע ערד, איז געווען פינסטער. ס׳איז קענטיג געווען, אז מ׳האָט שוין דאָ געשלאָפען, אָדער קיינער איז אין שטוב ניט געווען, איך האָב פון יוצא זיין וועגען אָנגע־קלאַפּט. קיינער האָט ניט געענטפערט. איך האָב אביסעל גע־וואַרט און בין אוועק צוריק אין מיין האָטעל, בלאָנדזענדיג אין דער פינסטער דורך אנדערע געסלאך.

נאָר, אז איך בין אריין צו זיך, האָט מיר דער אינגעלע פון מיין גאַסטהויז געמעלדעט, אז דאָ איז געווען א יונגער מאַן און האָט מיך געפרעגט. איך בין געווען פערראַטען. אָבער אין מיין איבערראַשונג: ווי אַזוי האָט מיין סאַציאַליסט זיך דערוואוסט אז איך בין דאָ און וואו איך שטעה איין, האָב איך וועגען מיינע בעלי בתים ניט געקלערט. באַלד איז ער טאַקע אליין געקומען. און אין גיכען האָט זיך די מעשה דערקלערט. יענער, וועמען איך האָב בעגעגענט איז געווען טאַקע איינער פון קרייזעל. וועקגעהענדיג פון מיר האָט ער איהם בעגעגענט און האָט איהם דערצעהלט, אז אימיצער פרעגט איהם, ניט עהנליך אויף א חסיד. יענער האָט זיך אָנגעשטויסען, אז ס׳איז ניט גלאַט. ס׳איז דאָ מסתמא אן אורח פון די „אנשי שלומנו“ און האָט זיך גלייך געלאָזען זוכען מיך.

# דעם בעלזער רבי׳ס חסידים.

קיין רבי אין דער וועלט האָט ניט אַזעלכע אינטערעסאַנטע חסידים, ווי דער בעלזער. דער בעלזער אין זיין אויפפיהרונג, איז א גרויסער דעמאָקראַט. ער פאָהרט קיין מאָל ניט אין מאַריענבאַד, פאָהרט אפילו ניט אַרויס זומער אונטער שטעדטעל אויף פרישע לופט. נאָך בעלזער וועלטאַנשויאונג איז דאָס א זינד. ווארום דער לעבען איז ניט געגעבען אויף פערגניגענס. דער לעבען איז אן אבקומענים. דעריבער ווערט אין בעלזער קלויז, ביים בעלזער׳ס טיש געלערנט, געדאַווענט, געזאָגט תורה פורים און תשעה באב, יום כפור און שמחת תורה אלץ מיט איין טרויעריגען, טרויעריגען נגון. די טשאָרטקאָווער רופען דאָס „איכה־נגון". אויפ׳ן רבי׳ס הויף איז בלאָטע און חזירים באדען זיך דאָרט אפילו אין די טרוקענע זומערדיגע טעג. ניט פיל ריינער איז אויך אינווענדיג אין דעם רבי׳ס „פאָקאָיעס". פון רעסטווערגען וועט איהר ניט נעהמען דעם רבי׳ס הוצאה מיט א 80—70 טויזענד ריינדיש א יאָהר. אָהן עין הרע א געזינד! קינדער, אייניקלאָך, איידעמס, שניר. פוצען זיך טאָר מען ניט אין בעלזער הויף. די רביצין האָט אמאָל געמאַכט רויזעלען, דעם רבי׳ס שוועסטערל — א יונג מיידעל א קליידל מיט עפּעס א פוצעריי, האָט דער רבי צעשניטען די קליידעל מיט׳ן שוחט׳ס חלף פאר אלע חסידים אין די אויגען. אויף לערנען די מיידלאָך איז מען אויך קיין בעל הוצאות ניט. אמאָל האָט מען דערזעלבער רויזעלען געדונגען א לעהרערקע, זי זאָל איהר לערנען אנשרייבען אן אדרעס אויף דייטש. האָט דער רבי געמאַכט א הונגערסטרייק. ד. ה. עסען האָט ער גראָד געגעסען. אבער ניט פון דער רבצינ׳ס קיך, נאָר פון דער סקאָרבאָווער קיך, פון די עסענס, וואָס מ׳קאָכט פאר די „יושבים". (די „זיצער", דעם רבי׳ס

סוויטע). די רביצין האָט געמוזט נאָכגעבען. די לעהרערין האָט מען אנטזאגט, און רויזעלע האָט נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט אויסגעלערנט דעם גאנצען „א־בע־צע“.

עסען פון דעססטוועגען האָט מען אין הויף ניט גאָר פיינט. דערצו איז דאָך דאָס א הויף! טאָג־טעגליך געסט. שטענדיגע זיצער. גלאַט אָרימע לייט, אויף צדקה איז דער רבי א גרויסער בעל הוצאה! א סך אָרימע קרובים האלט ער אויס; גיט זיי אויף א שדוך טאָן, נאָך אזעלכע זאכען. קורץ: ווען מ'זאָל מאכען אן איינספיהרליכען רעכנונג וועט די סומע שטימען.

פון וואנען זשע בעקומט דער רבי אזוי פיעל געלד? דאָס רוב חסידים זענען אָרימע פליאסקעדריגעס. זייערע פדיונות זענען קליינע. אין בעלזער הויף בראקירט מען ניט מיט א רייניש — א פדיון, אפילו מיט א קראָנע.

איז דער תירוץ: ערשטענס האָט דער רבי א רייכען שווער אין קישענעוו. דערצו איז פאראן נאָך א רייכער קוואל און דאָס זענען — אונגארישע חסידים. ווי דער לעזער וועט באלד זעהן — איז דאָס גאָר א בעזונדער, א מערקווירדיגער טיפּ חסידים.

אַט קומט א שטויגער, א חסיד פון אונגארן צום רבי'ן. דער חסיד איז א יונגער מאַן, געהט אָהן א שטריימעל, אָהן א קאַפּאָטע, אָהן א גארטעל, אָהן געקרייזעלטע פאות, גאַנץ פּאַר־קעהרט: דאָס איז א דאַטש שבדאַטשען: די מאָרדע געגאָלט. אויף זיך טראָגט ער א צילינדער און א קורצען פראַק. ער קומט מיט אן ערנסטער שאלה, א פראגע פון לעבען און טויט איז דאָס ביי איהם.

ער האָט א כלה. שוין לאַנג, ווי ער האָט זי ליעב. איצט וויל ער מיט איהר חתונה האָבען. ווילען טאַטע און מאַמע ניט. בעט ער דעם רבי'ן, ער זאָל איהם געבען זיין ברכה און זאָל זעהן, אַז טאַטע מאַמע, וואָס פאָהרען אַפּט צום רבי'ן, זאָלען געבען זייער איינשטימונג צום שדוך.

דער רבי אינטערעסירט זיך: צו האָט אפשר די כלה ניט א חסרון, מיט וואָס זי איז זיין טאַטען און מאַמען ניט געפעלען.

— א חסרון! — גיט א געשריי דער „חסיד“ — בעהיטע נאָט. א גערצטענע, איינע אין דער וועלט! נאָט, רבי, גיט א קוק איהר בילד, אויב איהר גלויבט ניט. איך זאָג אייך ס'איז ווייט צו זוכען אזוינע. ז י י, (טאַטע־מאַמען) געפעלט זי ניט! באשר וואָס? באשר זי איז א... שיקסע, „נון, ראבי, זי זינד יא איין פראָמער מאַי. זינד דען ניכט אלע מענשען גלייך? איין יודיש מעדכען, א שיקסע...

דער רבי ווערט ניט איבערראשט. דאָס איז ניט דער ערשטער אונגארישער „חסיד“ מיט אזא שאלה. ער האָרכט איהם אוים רוהיג און גיט איהם אן עצה, ער זאָל בעסער נעהמען א יודיש מיידעל. צווישען יודישע מיידלאך איז אויך פאראן שענע, נאָך שענערע, ווי די שיקסעס...

— אך, רבי! — שרייט אוים דער „חסיד“, — ווער זאָגט דען, אז ניט. אבער צו וואָס ברויך איך זוכען א כלה, אז איך האָב זי שוין. בין מיט מיין געליבטער צוזאמען אין דער שולע געגאנגען. חברים זענען מיר געווען, ווי ברידער און שוועסטער פון קינדערווייז אָן. איך קען ניט ליבען קיין אנדערע. איך מוז זי נעהמען, אז ניט שטארב איך.

דער רבי, פערשטעהט זיך, וויל ניט געבען זיין ברכה דער שיקסע, פרובט דעם חסיד'ס זוהן אבריידען. עס העלפט ניט. דער חתן געהט אוועק ברוגז.

א צווייטער אונגארישער „חסיד“ קומט צום רבי'ן און וואונדערט זיך, וואָס ביים רבי'ן אויפ'ן הויף געהען אום אזוי פיעל חזירים. ער אליין עסט חזיר, אבער פארטיגע, געקויפטע אין חזיר־קראָם. אז מ'טאָר ניט עסען חזיר, ווייס ער ניט. ער ווייס בכלל ניט, וואָס הייסט: „מ'מעג“, „מ'טאָר ניט“. און פרעגט תמימות'דיג: „זינד דיזע אלע שווינע פיר דעם ראבבי'ס געברויך?“...

א דריטער אונגארישער „חסיד“ קומט מיט זיין זוהן א יונגען בחור צום רבי'ן. ער איז, ווי דאָס רוב אונגארישע חסידים, א גביר, גיט א שענעם פדיון. דעריבער גיט מען איהם א שעהנע עליה, דאָס מאָל האָט ער זיך אפגים, מעהר ווי אלע מאָל, נעלאָזט צו דערקענען. איז מען מכבד זיין זוהן גלייך אויך.

— ווי רופט מען איהם? — פרעגט דער גבאי.
— אדאלף! — ענטפערט דער טאטע.
— אבער יודיש? — פרעגט דער שמש.
— יודיש... יודיש?... פערקלערט זיך דער טאטע. — נון יא, דאס זאל געווים אין יודיש „אהרן" הייסען. אבער ביטע רופען זי איהם אדאלף־אהרן, זאנסט ווירד דער בורש יא ניכט וויסען...

דער גבאי געדענקט דעם פעטען פדיון און רופט אויף דעם זוהן, ווי דער טאטע האט געבעטען: אדאלף - אהרן.

אבער דער „בורש" ריהרט זיך ניט פון ארט.

— פ... פיו...־אוי... — גיט דער טאטע א פייף צום זוהנדל און א ווינק ער זאל געהן אויפ'ן בימה.

א פערטען אונגארישען חסיד ווערט לאנגוויילינ אין קלויז שבת. ער געהט ארוים אין שטעדטעל. פרעגט: צו איז ניטא ערגעץ א קאפע־הויז? מ'זאגט איהם, אז אין בעלז גיט ניט אזעלכע זאכען. ער ווערט אין כעס, נעהמט דעם פעקעל, געהט אוועק צום באהן און פאהרט אוועק.

א פינפטער, א פנים גאר א געהויבענער אורח, ווערט גע־לאדען צום גבאי צום טיש. צוליב זיין כבוד קומט אויך דער רבי צום גבאי צו ווארמעס. דער שטייגער איז, אז דער רבי נעהמט בלויז א קליין שטיקעל פלייש פון זיין טעלער און ווי ער ריהרט זיך נאר צו, ווערט דאס איבריגע, די שיריים, באלד צוכאפט פון די חסידים. דא האט דער רבי ניט געווארט ביז דער אורח וועט „כאפען" און האט איהם אליין מכבד געווען מיט „שיריים". צו אזא עהרע איז זעלטען ווער פון די חסידים זוכה. אבער דער אונגארישער אורח האט זיך אבגעקעהרט מיט א פערקרימטען נאז:

— איך ליב נישט קיין לעבערקאך! האט ער געענטפערט אויף דעם כבוד.

א זעקסטען אונגארישען „חסיד" האט מען געוואלט אויפ־רופען און געפרעגט איהם: וואס איז ער? א כהן, א לוי צו א ישראל?

— נישט קיין כהן, נישט קיין לוי, נישט קיין ישראל, נאר א „פושע ישראל" — האט ער געוויצעלט.

א זיבעטער אונגארישער „חסיד" איז געקומען און, נאכ'ן „שלום עליכם", אבגעגעבן דעם רבי'ן אזא דעקלאראציע:

— איך בין נישט קיין חסיד, די מוטער האט מיך צו אייך געשיקט. האב איך געמוזט טאן איהר ווילען. איך אליין בין נישט פרום. איך פיהר זיך אזוי, ווי אלע יודען וועלען זיך פיהרען אין הונדערט יאהר ארום.

— טו וואס זשע קומסט דו אהער? — פרעגט דער רבי פערוואונדערט.

—איך גלויב אין זיע ניכט! — ערקלערט דער חסיד", הויבט זיך אויף און געהט אוועק.

אן אכטער... נאר איך מיין, אז אט די זיבען, וואס איך האב געבראכט, ווייזען גענוג דייטליך פון וואס פאר א מין די אונגארישע „חסידים" פון בעלזער רבי'ן זענען. א סך פון די אינגערע קומען, צו האבען שפאס; אנדערע פון נייגיריגקייט וועגען. ווידער אנדערע שיקט די מאמע, דער טאטע. א טייל, פער'גוי'טע, עם הארצישע אונגארישע יודען, ווייסען שוין לאנג ניט פון יודישקייט, זענען אבער אבערגלויביש און האלטען פאר זייער פליכט צו שטיצען דעם הייליגען „ראבי", בעזוכען איהם אויך אין א מאמענט פון שווערע פערזענליכע איבערלע־בונגען. אט די אלע סארטען „חסידים" צוזאמען זענען דאס די הויפט־קוועלע — און זעהר א רייכע קוועלע — פון וואנען דער בעלזער הויף ציהט זיין חיונה.

# בעלזער חסידים — „רעוואָלוציאָנערן.

אונבעגרענצט איז דעם בעלזער׳ס הערשאַפט און מאַכט אין זיין שטעדטעל. אבער אפילו דאָ און נאָך איידער די סאָציאַליסטען און ציוניסטען האָבען זיך געיאַוועט, זענען געווען רעוואָלוציאָנערן געגען בעלזער. און אַט די רעוואָלוציאָנערן זענען דוקא פרומע יודען, אָדער אפילו חסידים — נאָר חסידים פון אנדערע רביים.

דער לעזער דאַרף וויסען, אַז צווישען חסידים פון פערשיידענע רביים עקזיסטירט זעהר אָפט אַ ביטערער האַס, וואָס ברעכט, ניט זעלטען, אויס אין אַ בלוטיגען קאַמפּף.

ווי בעלז איז ניט אונטערגעבויגען אונטער דעם בעלזער׳ס יאָך, עס זענען אבער אין שטעדטעל פאַראַן יונגע לייט, וואָס מ׳האָט זיי פאַר איידעמס גענומען פון אנדערע שטעדטלאָך. ביי זיך אין דער היים זענען די יונגע לייט געווען חסידים פון אנדערע רביים. אַ שטויגער: טשאָרטקאָווער, סאַנזער חסידים. אַ „טשאָרטקאָווער", אַ „סאַנדזער" ווערט קיין מאָל ניט ווערן קיין „בעלזער". ווען די צאַהל פון די „איידעמס" האָט בעטראָפען עטליכע מנינים, האָבען זיי געקראָגען דעם מוט צו גרינדען פאַר זיך אַ בעזונדער שולכעל, און האָבען זיי אַ נאָמען געגעבען „ישרי-לב"-שולכעל. דאָס הייסט אַ שול פון עהרליכע לייט. געגען דער שולכעל האָבען די בעלזער חסידים אָנגעהויבען פיהרען אַ קאַמפּף. פריהער אַ שטילען. מ׳האָט געוואָרנט די עזות-פּנים׳ער מיט גאָט׳ס שטראָף. בשעת מ׳האָט גענומען גראָבען דעם פונדאַמענט, האָבען חסידים געזאָגט: ווער עס וועט אויסגראָבען ד'י ערשטע לאָפּעטע, יענער שטאַרבט. דאָס האָט אבער די „רעוואָלוציאָנערן" ניט אָבגעהאַלטען. בשעת מויערן האָט שמעריל דער חסיד געזאָגט צו די איבריגע חסידים: „זעהט,

קוקט זיך איין! עס ווערט נידעריגער. דער מויער זינקט". אז די געביי איז פארטיג געווארען, איז גראד געשעהן א שרפה אין שטעדטעל. דא האבען די חסידים געטאנצט פון שמחה, לויט זייער איבערצייגונג איז דער פייער אראבגעשיקט געווארען פון הימעל עקסטרא נאר צו פערברענען די ישרי־לב שולכעל, וואס איז געשטאנען נאהענט צו דער שרפה. דער סוף איז געווען, אז די שולכעל האט זיך נאך בעסער אויסגעטריקענט. די חסידים האבען געזעהן, אז גאט נעהמט זיך פאר זיי ניט אן, האבען זיי בעשלאסען אליין אבצורעכענען זיך מיט די „ישרי־לב׳ניקעס", און טאקע אויף זייערן חסידישען שטייגער. די ישרי לב׳ניקעס האבען אראבגעבראכט א חזן און געריכט זיך צו פראווען גאר א פיינעם „חנוכת הבית". די חסידים האבען צוגעהיט דעם חזן אויף דער באהן און — גע׳גנב׳עט ביי איהם דעם רענצעל. אויף מארגען איז דער חזן געגאנגען אין מקוה, האבען די חסידים גענומען זיינע קליידער און אריינגעווארפען זיין אין וואסער אריין. די שולכעל אבער עקסיסטירט פארט. די ישרי־לב׳ני־קעס זענען צומעהרסט עהרליכע בעלי בתים, געגנער פון יעדען רבי׳ן, נאך מעהר — פון׳ם בעלזער מיט זיין פיהרונג. אבער אויסגעקעמפפט זייער שולכעל, האבען זיי זיך דערמ׳ט בענו־גענט און לעבען פאר זיך. דאך, איינצעלנע חסידים פון אן אנדער רבי׳ן, איבערהויפט טשארקטווער און סאנדזער, ערלויבען זיך שארף ארויסצוטרעטען געגען רבי׳ן. אזוי צ. ב. האט א טשארט־קאווער, וועלכען א בעלזער האט געווארפען מיט א שטיין, גע־בראכט א זשאנדאר אין קלויז און צוגענומען דעם בעלזער פון עמוד. א צווייטער חסיד, א סאנדזער, איז געווען אן אבל. ער איז געקומען אין קלויז און זיך געשטעלט ביים עמוד דאוו־נען. שפעטער איז אונטערגעקומען דעם רבי׳ס זוהן. דערזעהענ־דיג דעם סאנדזער ביים עמוד איז דעם רבי׳ס „טראנפאלגער" צוגעגאנגען און גאר אהן צערעמאניעס, איהם אבגעשטויסען. אויף מארגען האבען דעם סאנדער׳ס קינדער געבראכען ביים רבי׳ס זוהן די שויבען. דער רבי האט דערפאר דעם סאנדזער געשאלטען. אויפ׳ן צווייטען טאג איז דער רבי געגאנגען פון מרחץ, דער סאנדזער חסיד האט איהם געוואלט ווייזען, אז ער

איז פריש און לעבעדיג — די קללה האט איהם ניט געשאדט.
געהט ער צו גלייך צום בעלזער און זאגט אנווייזענדיג אויף
זיין קוטשמע: אי, רבי, האט איהר מיר צעבראכען די
„שליאפאַ“*). דערביי איז געשטאנען אן אונגארישער חסיד.
זענענדיג זיכער, אז פאר אזא חוצפה וועט דער סאנדזער ניט
אויפשטעהן א לעבעדיגער, איז ער אויף מארגען גאנץ פריה
ארויסגעלאפען אין שולהויף און פרעגט ביי די בעלזער חסידים:
ווען וועט זיין די לויה?

אבער דער סאנדזער חסיד איז געזונד און שטארק און
קלערט גאר ניט צו טאן די בעלזער און אונגארישע חסידים
צוליב, אז זיי זאלען געהן נאך זיין לויה...

---

*) אין די פוילישע שטעדטלאך ביים רוסישען גרעניץ זענען
אפט אין געברויך רוסישע ווערטער.

# דעם בעלזער רבי"ס מופתים און סגולות.

די גרויסע מאכט, וואס דער בעלזער רבי האט איבער זיינע חסידים, שטאמט פון זיינע „מופתים" און „סגולות". דערין איז ער דער גרעסטער ספעציאליסט צווישן אלע רבייאים פון איצ־טיגער צייט. ער אליין גלויבט אויפריכטיג אין זיין כח צו ווייזען וואונדער און היילען קראנקהייטען. דאס האט ער בירושה נאך פון זיין טאטען ר' יהושיעלע און זיין זיידען ר' שלום'ל. זיין טאטע ר' יהושיעלע האט זיך גערעכענט פאר א ספעציאליסט ארויסצוטרייבען „דבוקים".

מ'זאגט, אז דער איצטיגער בעלזער האט אין זיך ווירקליך א היפנאטיזירענדע קראפט. אמאל ווירקט ער מיט אן אמת דורך זיין היפנאטישען איינפלוס. דאס רוב אבער געהען אוועק די קראנקע אזוי ווי זיי זענען געקומען. איינער האט מיר דער־צעהלט פון א פרימישליאנער בחור, א געלעהמטען, וואס איז געקומען מיט דריי יאהר צוריק צום בעלזער. ער איז אבגעזע־סען ביין רבי'ן א פאר וואכען און איז אוועק א געזונדער. דאגע־גען האט מיר אן אנדערער דערצעהלט, אז זיינע א שוועסטער האט געהאט א שווערע קראנקהייט. טאטע, מאמע — פרומע בעלזער חסידים, זענען אוועקגעלאפען צום רבי'ן. ער האט גע־הייסען מאכען וואנעס פון אלטע שוויץ־בעזימער. אין איינע פון די וואנעס איז די מיידעל געשטארבען. דעם בעלזער רבי'ס סגולות זענען איבערהויפט אזעלכע:

1. פאמעראנצען־בוימעל — פאר ברעכענעס אין רוקען.
2. וואנעס פון מרחץ־בעזימער פאר נערוועזע קראנקהיי־טען.
3. ניט עסען קיין מילכיגס.
4. אבשפרעכענעס. דער רבי שפרעכט אן מטבעות, טיב־

לאַך, גאַרטלען; דאָס בינדט מען אָן דעם קראַנקען. ער דאַרף דאָס טראָגען, ביז ער ווערט געזונד.

5. אָנגעשפּראָכענע חלות. דעם רבי'ס גבאי באַקט אָן א מאָסע חלות, דער רבי זאָל דאָס האָבען אָנגעשפּראָכען. די גבאים פערקויפען זיי פער גולדען א שטיק.

6. סוכה־עפּעלאַך, וואָס מ'העננט אָן פאַר א צירונג ביין רבי'ן אין סוכה, ווערן נאָך סוכות צושיקט איבער דער וועלט צו די חסידים און דינען פאַר א סגולה געגען געוויסע חולאת'ן.

7. דעסגלייכען ווערען פאַרנאַנדערגעשיקט איבער דער וועלט ערב פּסח קליינע מצה'לאַך פון רבי'ס פּאַד־ראַד. דאָס דינט פאַר א סגולה צו אַנדערע סאָרטען קרענק.

8. איינע פון די בעסטע סגולות איז יום כּפּור'דיגע היי פון אונטער דעם רבי'ס פיס. דאָס לעגט מען קליינע קינדער אין די וויגעלאַך, זיי זאָלען וואַקסען.

אָט די אַלע סגולות העלפען, נאַטירליך, ווי א טויטען באַנקעס. נאָר דער עולם גלויבט אין זיין שטאַרק.

בעסער העלפען וואָלט קענען דער בעלזער רבי דורך זיינע פּשוטע עצות. וואָרום ער איז זעהר א קלוגער און בעגאַבטער מענש. ווייל ער איז אָבער זעהר נאַאיוו און אַלטפרענקיש, ווייס ער ווייניג וואָס טוט זיך אויף דער וועלט. דעריבער העלפען זיינע עצות אַזוי ווייניג, ווי זיינע מופתים און סגולות.

אַזוי צ. ב. דערצעהלט מען מיר, אַז א געוויסער חסיד, מענ־דיל טאַרטיקעווער, האָט געהאַט א פּראָצעס. דער בעלזער רבי האָט איהם געראַטען, ווי אַזוי צו לעגען די טענות. ער האָט גע־פאָלגט און — געוואונען... 3 מאָנאַטען טורמע. א צווייטער חסיד, ביי יאַראָסלאַוו, האָט געהאַט א מיהל. גוים האָבען לעבען איהם געוואָלט מאַכען נאָך א מיהל. דער רבי האָט געהייסען געבען א פּאָר גויים געלד. די איבריגע האָבען געמאַכט א געשריי. דער מיהלנער האָט, א חוץ דעם צווייטען קאָנקורענץ־מיהל, געקראָגען נאָך אויף זיך א פּראָצעס.

דער רבי ווערט אָבער ניט נתפּעל, אויב זיינע א סגולה, אָדער אַן עצה העלפט ניט. דער תירוץ איז א פאַרטיגער: ס'איז אָן אָבקומענעס פאַר די זינד.

# סאציאליסטען, ציוניסטען און דער בעלזער רבי.

מיין בעלזער סאציאל־דעמאקראט, צו וועמען איך האב געהאט אן אדרעס, פערדינט איך זאל וועגען איהם זאגען א א פאר ווערטער. ער איז מעהר ווי א גרינדער פון א סאציאל־דעמאקראטישען קרייזעל אין א קליין שטעדטעל. זיין נאמען פערדינט אוועקגעשטעלט צו ווערן אין איין שורה מיט די גרעסטע קעמפפער פאר אויפקלערונג, וואס זענען ווען עס איז געווען אין א יודיש שטעדטעל.

ווארום איהר דארפט וויסען, אז בעלז איז ניט פשוט בעלז. בעלז איז א וועלט אנשויאונג. דער בעלזער רבי האט צעהנדליגע טויזענדער חסידים אין דער גאנצער וועלט. דא אין בעלז האט זיך פאראייניגט דאס דונקעלסטע , דאס טרויעריגסטע פון חסידות. בעלז נעהמט זיך פון דעם שרעקליכסטען דלות, טיפען אבערגלויבען, אונבעהאלפענקייט און האפנונגסלאזיגקייט פון דער יודישער מאסע. געבויט אויף דער מאסע און פון איהר גענעהרט האט בעלז אין זיך, ווי דער לעזער וועט ווייטער זעהן, אזוינע דעמאקראטישע שטריכען, וואס קיין חסידישער הויף אין דער וועלט האט דאס ניט. אבער די לעפעל דעמאקראטיזם ווערט בטל בששים אין דעם אונענדליכען ים פון פינסטערניס, פון פערגליווערטען, פער'עקשנ'טען און בלינדען פאנאטיזם. עס האט זיך געדאכט, אז די צייט, דער פארטשריט, דער 20טער יאהרהונדערט, — דאס זענען אלץ פוסטע ווערטער אהן א שום אינהאלט פאר בעלז. די וועלט האט זיך געמעגט איבערקעהרען — בעלז האט פון קיין זאך ניט געוואלט וויסען.

„ביי איך“, — האט דער בעלזער רבי געזאגט אין זיין אויפרוף וועגען דעם שולען־פראיעקט פון דעם טשארטקאווער, — ביי איך איז יודישקייט אין סכנה, דארפט איהר הא־

בען שולען אויפצוהאלטען, ראטעוועט די יודישקייט. ביי מיר אבער איז מען נאך יודען, ווי גאט האט געבאטען, דארפען מיר קיין שולען ניט. יעדוועדע נייעס, יעדוועדעס נאכטאָן די גויים שמעקט מיט אפיקורסות. כל זמן איך לעב, וועל איך דאס אין מיין גבול ניט דערלאָזען".

נאָר דער בעלזער רבי האָט ניט געוואוסט, אז אין זיין גבול איז שוין דאָ די „אפיקורסות", און אין א סך געפעהרלי־כערער פאָרם, ווי דעם טשאַרטקאָווער'ס פראָיעקטירטע שולע פון תורה מיט מלאכה. עס איז געקומען פון לעמבערג דער דאַמסקער שניידער איצעל. געקומען אַנגעפּיקעוועט מיט סאָצי־אַליסטישע געדאַנקען. געקומען בעזעצען זיך ביי זיין טאַטען און מאַמען און פארפלאַנצען דעם סאָציאַליזם אין בעלז.

דער סאָציאַליזם, אלס עקאָנאָמישע לעהרע, אלס קאַמפּף פון ארבייט געגען קאַפּיטאַל האָט דאָ, אייגענטליך, אין בעלז, קיין שום זין נישט. אין בעלז איז ניטאָ קיין אינדוסטריע, ניט קיין האַנדעל, ניט קיין מלאכה. אלץ לעבט ארום דעם רבי'ן. אפילו די ביסעל קריסטען, וואָס זענען אין שטעדטעל. אינדי־רעקט — אפילו דער קסאָנדז פון שטעדטעל.

און איצעל אליין, אזוי ווי ער איז, איז אויך עפּעס גאָר ניט קיין כשר'ער ארבייטער. ער איז א באַס, א אונטערנעהמער, אַן „עקספּלואַטאַטאָר". ער איז א דאַמסקע שניידער און „עקספּלו־אַטירט" צוויי מיידלאך שניידערקעס. נאָר א קוק טועגדיג, ווי אזוי איצעל לעבט אין דער כאַלופּע, א שפּאַן אויף א שפּאַן, מיט די פענסטערלאך צו דער ערד און דעם באַלקען אויפ'ן קאָפּ; ארבייט דאָרט מיט זיינע ארבייטערינס און עסט דאָרט און שלאָפט, — ער, טאַטע און מאַמע און א האַלבע טוץ היהנער, און דאַכט זיך א ציג אויך, ווערט איהר, ניט ווילענדיג, שלום מיט זיין „עקספּלואַטאַציע".

אין אמת'ן האָט איצעל, אלס א גוטער בעל מלאכה, געקענט א סך בעסער לעבען אין אמעריקאַ, און, אפילו אין לעמבערג, אלס ארבייטער, ווי ביי זיך אין דער היים אלס באַס. נאָר דאָ האָט שוין א שייכות די פערזענליכע דראַמע פון זיין לעבען.

איצעל איז אַן איין איינציגער זוהן ביי זיין טאַטען און

מאמען. זיי האָבען ניט א חוץ איהם, ניט קיין זוהן, ניט קיין טעכטער. דעריבער איז ער ביי טאַטען און מאַמען די אויג אין קאָפּ. מ'האָט איהם געהאַלטען ביי זיך ביז צוואַנציג יאָהר. פון שטוב ניט ארויסגעלאָזען. די אויג פון איהם ניט אראָבגענומען.

אין בעלז טאָר א קינד ביז דער חתונה ניט אוועק פון שטוב אָהן טאַטע־מאַמע'ס וויסען. און נאָך דער חתונה קען מען שוין ניט: מ'איז איינגעשפּאַנט אין יאָך. „טאָן" טוט מען ווייניג, אָבער האָווען, האָרעווען דאַרף מען א סך.

און דאָך איז לעמבערג אזוי נאָהענט... ווי בעלז איז ניט אָבגעשלאָסען פון דער גאַנצער וועלט. אָבער דאָך קומען אָן אמאָל פון דאָרטען, פון אָט דער לעבעדיגער, רוישענדער וועלט, ידיעות, וואָס בעצויבערן, וואָס ציהען אַהין. און דאָ איז די אָרימקייט אזוי גרויס, דער לעבען אזוי גראָה, אזוי פּערשי־מעלט.

עס טרעפען אויך אין בעלז דרייסטע יונגען. אין א פינס־טערע נאַכט גנב'עט מען זיך אָב, און אין דריי שעה אַרום איז מען שוין אין לעמבערג. די פּאות ליגען אויף דער ערד, ביין שערער. דער טאַטע שילט דעם אפּיקורס, די מאַמע וויינט, שטעדטעל געהט אום חאָדראָאם. ביים רבי'ן איז וועגען דער געשעהענים אָן עקסטרא אסיפה, מ'קלערט וועגען א חרם...

און א־ין לעמבערג שטורמט עס מיט סאָציאַליזם, ציוניזם... און פון לעמבערג איז שוין דער וועג פריי קיין אמעריקא. מ'דאַרף נאָר אויף הוצאות.

און עס זענען שוין געווען אזוינע כוואַטעס — יונגען צווישען די בעלזער חניאָקעס, וואָס האָבען דורכגעמאַכט דעם ים, הין און צוריק. זענען געקומען אהיים אָהן פּאות'ן, אָהן א קאַפּאָטע, אָהן א שטריימעל. געקומען און געהן שטאָלץ איבער'ן מאַרק אין קאַפּעלושען, מיט געגאָלטע מאָרדעס.

קיינער לעגט זיי ניט אין חרם. קיינער וואַגט זיי ניט אָנצור־יהרען. ווארום פון אמעריקא האָבען זיי אזא „קמיע" געבראַכט, וואָס שאַפט זיי אין בעלז אונבעריהרליכקייט פון פּערזאָן, וואָס מאַכט פאַר זיי א וואַרע.

די „קמיע" איז — געלד. געלד איז די איינציגע מאכט אין בעלז, וואָס קען קאָנקורירען מיט דער מאכט פונ׳ם רבי׳ן.

אָט די איינצעלנע כוואטעס, מיט זייערע מעשיות פון דער ברייטער וועלט, האָבען שטארק פאראינטערעסירט איצעלען. קיין אמעריקא, פערשטעהט זיך, האָט ער ניט געוואגט, נאָר ער האָט שוין געפונען א מיטעל אבצונארען טאטען־מאַמען און אין איין שענעם פריהמאָרגען האָט ער דערזעהן לעמבערג.

טאַטע און מאַמע, אז זיי האָבען פון איהם אויף מאָרגען א בריוועל דערהאלטען, האָבען זיי שיער ניט קריעה גער׳סען און זיך ניט שבעה געזעצט. מיט דער צייט האָבען זיי זיך אבער אביסעל בערוהיגט. איצעל האָט אָפט בריוולאך געשריבען. ער האָט רחמנות געהאט אויף דער מאמען. פלעגט קומען אויף אלע יום טוב א היים, אן אויסגעקליידטער, א פראנט, געבראכט מיט זיך א ביסעל מזומנים. דאָס האָט אויפגעהויבען שטארק זיין רע־פוטאציע אין שטעדטעל.

נאָר איצעל איז שוין געווען א בחור איבער... צוואנציג יאָהר. אין בעלז איז דאָס אן אלטער בחור, איז דאָס א שאנד, א פלעק אין דער משפחה. די מאמע פלעגט איבער איהם וויינען, קלאָגען, פלעגט אָנשטעלען מענשען, שדכנים. איצעל האָט א צארטען, א בעשיידענעם, שטילען כאראקטער. ער האָט ניט גע־קענט צוזעהן דער מאמעס טרערען. און איין מאָל, קומענדיג א היים, אויף א יום טוב, איז ער א חתן און, באלד דערנאָך, א יונגער באלעבעסל געוואָרען.

און דאָס איז זיין צווייטער אונגליק געווען.

די ווייבעל, ווי אלע בעלזער ווייבלאך, איז געווען אונווי־סענד, פאנאַטיש, שלומפערדיג. ע ר איז שוין אָבער געווען א בעוואוסטזיניגער סאָציאל־דעמאָקראט, איינער פון די ענטוויי־קעלטסטע און טעטיגסטע ארבייטער אין דער לעמבערגער יודי־שער שניידער־אָרגאַניזאַציע.

זיין לעבען איז א גהינום געוואָרען. ער איז אוועק פון דער ווייב. האָט איהר אָנגעבאָטען אלץ, וואָס זי וויל, אבי זי זאָל גט נעהמען, האָט מענשען געזעצט. אפילו בעלזער דינים האָ־

בען אנערקענט, אז זיי זענען ניט קיין גלייכע פּאָר, אז דאָס בעסטע פּאָר ביידען איז — א גט.

נאָר די ווייב האָט איהם ליב געהאַט.

און דאָס איז זיין דריטער אונגליק געוועזן. זי האָט איהם געמעלדעט, אז אַז איהם איז איהר לעבען קיין לעבען ניט. דער־פאַר אבער וועט אהן איהר אויך ז י י ן לעבען קיין לעבען ניט זיין. אנטלויפען פון איהר וועט ניט העלפען. וואוהין ער וועט פאָהרען, וועט זי פאַהרען נאָך איהם.

אָט אזוי איז איצעל געבליבען א געשמידטער אין צוויי־ענדיגע קייטען: קייטען פון דער מאמען און קייטען פון דער ווייב.

אין אזעלכע קייטען האָט זיך איצעל געזעהן געצוואונגען לעבען אין בעלז, דאָס פינסטערע און דאָס אָרימסטע יודישע שטעדטעל אויף דער וועלט. לעבען האָט מען אבער געדאַרפט — עס העלפט ניט. האָט מען געמוזט מאַכען עס זאָל ווערען ליכ־טיגער. ברײנגט ער אראָב אן אגיטאַטאָר פון לעמבערג אין שטרענגסטער קאָנספּירײשאָן. עס ווערט בעשאַפען פריהער א געהיימער, אונטערערדישער קרייזעל. דערנאָך וועחט מען דרייסטער: מ׳דינגט א שטיבעל און מ׳מאַכט א קלוב. טאַטעס און מאַמעס דערוויסען זיך. עס קומט אַן צום רבי׳ן. עס ווערט א שטורם. עס שיטען זיך קלעפּ אויף די יונגע פּאות. איצעל ווערט אריינגעלעגט אין חרם: קיין אידישע ווייבעל און מיידעל טאָרען איהם ניט געבען קיין ארבייט. אפילו אויף איצעל׳ס טאַטען — א מוליער — שפּרייט זיך אויס דער חרם. טאַטע און זוהן בלייבען אָהן ברויט. דער טאַטע שרייט, די מאמע וויינט, מ׳רופט איצלען צום רבי׳ן. מ׳דראָהט איהם מיט אלע שטראפען פון דער תוכחה, נאָר איצעל הערט ניט רבי׳ן, הערט ניט טאַ־טען, הערט ניט מאמען, איז פעסט ווי אייזען אין זיין קאַמפּף.

דאן הויבען זיך אַן שיטען מסירות, אז איצעל איז אַן אנאַר־כיסט און מאַכט אנאַרכיסטען־חברות. דער פעראיין ווערט ניט בעשטעטיגט. דאן נעהמט לעמבערגער סאָציאַליסטישע צענטראַ־לע דעם עסק אין די הענד.

עס קומט צו אַן אַנפרעג אין פּאַרלאַמענט. די אָרטיגע בע־

הערד (רעגירונג), וואָס איז גערן צו געהן האַנד אין האַנד מיט'ן בעלזער רבי'ן, ווען עס האַנדעלט זיך צו דערשטיקען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, מוז נאָכגעבען און אַרויסגעבען דעם פעראיין אַן ערלויבענים. דער חרם ווערט אויף ביסלעכווייז שוואַכער. בעלזער חסידישע ווייבלאַך און מיידלאַך זעהען, אַז די שיקסעס און גויעס פון שטעדטעל געהען אויס־געפּוצט אין שענערע קליידלאַך פון זיי, נעהמט זיי אָן שטאַרק דער יצר הרע פון קנאה. זיי ווייסען גאַנץ גוט, אַז דאָס איז אַ־צעל'ס מלאכה. אַז איצעל איז דער איינציגער אין שטעדטעל, וואָס האָט ביי זיך וויענער זשורנאַלען און פערשטעהט זיך אויף זיי.

הויבען זיי אָן ביסלעכווייז, ביי נאַכט, קיינער זאָל זיי ניט זעהן, און בעהאַלטענדיג זיך איינע פון די אַנדערע, צו בעזוכען איצלען, געבען איהם קליידלאַך און יאַקלאַך נייהען און פער־שווערן איהם, אַז קיינער זאָל ניט ווייסען.

אַ־צעל טרומפּירט. ער וואַגט שוין ניט בלויז אַ לאָקאַל צו דינגען, נאָר אפילו אַרויסהענגען אַ שילד: „בעלזער יודישער אַרבייטער פעראיין". אין לאָקאַל איז דאָ אַ ביסעל ביכער, מען שרייבט אויס דעם לעמבערגער „סאָציאַל־דעמאָקראַט". איצעל האָט זיך שוין אפילו אָבגעגנב'עט פון דער מאַמען או ף צוויי, דריי טעג אין לעמבערג אויף אַ סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ אַלס דעלעגאַט פון דעם „בעלזער סאָציאַל־דעמאָקראַטישען פער־איין".

איצט האָט מען זיי צורוה געלאָזען. פאַר'ן פּאַרלאַמענט האָ־בען מורא — אי דער בעלזער רבי, אי די בעלזער חסידים, אי די בעלזער קליינע רעגירונגס־משרתים. בפרט, אַז מ'האָט זיך איבערצייגט, אַז קיין גרויסע געפאַהר פאַר יודישקייט איז פון די סאָציאַליסטען ניטאָ. זיי מאַכען ניט קיין סטרייקס, קיין דעמאָנסטראַציעס. די פּאות מיט די קאַפּאָטעס האָט מען ניט אַראָבגענומען. איצעלע אַליין געהט מיט'ן טאַטען, אַלע שבת, ווי אַ כשר'ער חסיד, אין זיין שטריימעל צום רבי'ן אין קלויז.

אַ סך מעהר, ווי דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבייטער קרייזעל, האָט געהאַט אויסצושטעהן צרות דער ציוניסטישער

פעראיין. וואָרום ציוניזם ביי די בעלזער חסידים און ביי דעם רבי'ן איז טרייפער, ווי סאָציאַליזם. סוף כל סוף טוען דאָך די „בעלי מלאכות“ מעהר גאָר נישט, ווי זיי קלייבען זיך אויף אין זייער „שטיבעל“ אביסעל דורכשמועסן זיך. אבער די ציוניסטען — די אפיקורסים, לייקענען אין משיח'ן. נאָך ערגער: זיי ווי־לען אליין זיין משיח... און דאָס איז א סכנה ניט בלויז פאַר יודישקייט. דורכ'ן ציוניזם פערל רט בעלז איהר גאַנצע בעדיי־טונג. וואָרום נאָך פונ'ם ערשטען רבי'ן אָן, גלו־בט בעלז, אז משיח וועט דעם ערשטען אריינפאָהר פון רוסלאנד אין גאַליציען מאכען אין בעלז. זעלבסטפערשטענדליך, אז ער וועט זיין ביין בעלזער רבי'ן אויף א „לעקאך און בראַנפען“. מ'ווייזט אייך אפילו אָן, וואו משיח וועט דורכגעהן אין בעלז: צווישען באָד און שעכטהויז, דורך דער קליין טירעלע, וואָס וועט זי־ך מסתמא דעמאָלט אויפהויבען, לכבוד משיח'ן.

די אלטע בעלזער שול וועט נאָכגעהן מיט די יודען אין ארץ ישראל און וועט שטעהן די ערשטע לעבען „בית המקדש“. דאָרט וואו דער נר תמיד געפינט זיך, וועט דער כהן גדול מקריב זיין קרבנות. אזא זכות וועט די אלטע בעלזער שול האָבען, ווייל פון איהר ביז'ן „כותל מערבי“, לויט ווי דער אלטער בעלזער רבי, רבי שלום'ל האָט אויסגעמאָסטען על פי קבלה, איז ניטאָ קיין איין „טומאה“. פאַר דער שול איז דאָ א גרו סער פלאַץ. דער רבי האָט דאָרט געוואָלט, לכבוד משיח'ן, פערפלאנצען בוימער. האָט ער זיך אבער מישב געוועז, אז דערפון קענען יודי־שע קינדער געשטרויכעלט ווערען: עס וועלען אומגעהן שפּאַ־צירען מיידלאך מיט אינגלאך און דער פלאַץ, וואו עס דאַרף פאַרקומען דער „קבלת־פנים“־פאַראד פאר משיח'ן וועט ווערן „טמא“...

אָט די פעסטע איינגלייבונג פון די בעלזער חסידים, אגב אורחא, בעלאַנגט צו די גרונדזיילען אויף וואָס עס האלט זיך די מאכט פון בעלז. זי איז, אזוי צו זאָגען, א געוועהר נעגען טשאָרטקאָוו. וואָרום זי ווייזט: ערשטענס, אז ניט פון טשאָרט־קאָוו וועט קומען משיח; צווייטענס, אז די רעכטע מחותנים אויף דער גאולה־שמחה און גרעסטע מקורבים צו משיח'ן וועלען

זיין דער בעלזער רבי מיט זיינע חסידים. נאַטירליך וועט בעל־זער בעלי בתים אַנקומען די בעסטע און שענסטע פּאַרציע „שור הבר“ און „לויתן“.

אַט פאַר וואָס דער ציוניזם איז אַזוי געפעהרליך פאַר בעלז. געפעהרליכער נאָך דערפאַר, וואָס מיט'ן ציוניזם האָבען זיך עוסק געווען ניט פּראָסטע באַלמעלאָכעס, שוסטער, שניידער־יונגען אַ שטויגער, נאָר די שענסטע באַלעבאַטישע קינדער. וואָס די אָרימע ציוניסטען פון בעלז האָבען געהאַט אויסצושטעהן איז אונמעגליך צו בעשרייבען. זיי האָבען געמוזט דינגען אַ שטיבעל ביי אַ גוי אונטער שטעדטעל, דאָרטען צו מאַכען זייער קלוב און ביבליאָטעק. נאָר אפילו דער גוי האָט חרטה גע־האַט. מ'האָט איהם אַריינגעלעגט אין חרם. ס'הייסט קיין יוד האָט איהם ניט געוואָלט נעמען אויף אַרבייט. און די בעלזער גויים, ווי בעוואוסט, לעבען כמעט נאָר פון יודען. די ציוניסטען האָבען שוין אָבער פון איהם אַ קאָנטראַקט געהאַט און האָבען דורך געריכט איינגענומען די שטיבעל. די צ וניסטען גופא מוזען געהן אין זייער קלוב בעהאַלטענערהייט, דורך זייטען געסלאַך, טאַטע — און מאַמע זאָלען זיך ניט דערוויסען. דערפאַר איז דאָרט געמיטליך, לעבעדיג. איהר געפינט דאָרט די העב־רעייאישע, יודישע און דייטשע בלעטער, אויך אַ קליינע ביב־ליאָטעק.

אז דער ציוניזם פאַר בעלז איז „געפעהרליך“, האָב איך געהאַט די געלעגענהייט זיך אַליין צו איבערצייגען. ער איז שוין אַריינגעדרונגען גאָר אין די הויכע פענסטער: אזש צום רבי'ס אויבער־גבאי אין שטוב אַריין. זיין זוהנדעל, אַ לעבעדיגער 17־יאהריגער אינגעל מיט שען און דין פערגרייזעלטע פּאה'קע־לאַך, איז איינער פון די הויפּטפיהרער אין צ'וניסטישען קריי־זעל. בעהאַלטענערהייט, בסודי סודות, האָט מען מיך מיט איהם צוזאַמענגעפיהרט. דאָס איז זעהר אַ דענקענדער יונגער מאַן מיט דעם ברען פון אַן אמת'ן חסיד.

ביידע קרייזלאַך, דער סאָציאַליסטישער און דער ציוניס־טישער, ווי דער שטויגער איז אומעטום, רייסען זיך אום. צום

מייל איז דאָס א מעלה. די קאָנקורענץ ציהט אריין אלץ מעהר בעלזער חסידישע יונגע לייט אין קאמפף, וואָס איז אי דאָ, אי דאָרט דערוויילע מעהר ניט, ווי א השכלה־קאמפף. מיידלאך בעריהרט נאָך די בעוועגונג דערוויילע גאָר ניט. מיידלאך טאָרען ניט אריינקומען, וואו בחורים זענען. אבער ס׳איז א האָפנונג, אז אין בעלז וועט דאָך ווערן ליכטיגער.

# מיין וויזיט ביין בעלזער רבי׳ן.

נאך די אלע זאכען, וואס איך האב געהערט פון בעלזער, בין איך ניט געווען גאר זיכער, אז מיר וועט זיך איינגעבען צו קריגען אן אוי׳דיענץ ביין רבי׳ן. דעם אמת זאגענדיג, האב איך דערצו אויך ניט געהאט קיין גרויסען חשק. דער גלאנץ פונ׳ם בעלזער איז שטארק בלאס געווארען אין מיינע אויגען, אלס אריגינעלע פערזענליכקייט. פון דעסטוועגען האבען מיר די יונגע לייט, וואס האבען מיר געגעבען די ידיעות פון בעלזער הויף, שטארק צוגערעדט איך זאל מאכען דעם רבי׳ן א בעזוך און, אויב ס׳וועט זיין נויטיג, אפילו געבען א פדיון, אבי אריינ־צוגעהן. דער בעלזער איז דאך, האבען זיי גע׳טענה׳ט, א זעהר אינטערעסאנטע פערזענליכקייט. ער האט אין זיך א גרויסע היפנאטישע קראפט. ער [illegible] ויבערט יעדען איינעם. גאנץ אפט קומען צו איהם „דיינ[illegible] בעצ[illegible]ליב קוריאזיטעט און הויבען אן צו פאהרען צו איהם מ[illegible]שען" צ[illegible] סט.

דיזעלבע יונגע [illegible]יט אן ערג[illegible] מיר געזאגט, אז מיט עטליכע יאהר צוריק איז גע[illegible]לייט האבען יעקב גארדין און מיט גרויס שוועריגקייט און א[illegible]ועז אין בעלז[illegible]ז איהם געלונגען צו בעקומען אן אוידיענץ. [illegible] פעטען פדיון א[illegible]

איין יונגער [illegible] אבער א טיעף פערקאנס־פירירטער, וואס [illegible]זין הו[illegible] וויים מעז[illegible] א [illegible]ניסט, [illegible]אך פון איהם ניט, אז ער איז געווארען אן אפיקורס, און דעריבער האט ער נאך דארטען א פרייען צוטריט, האט זיך גענומען מיך בעגלייטען. זיין פרו־מער פנים, לאנגע פאות און קאפאטע האבען אויף מיר אויך גע־לעגט א שטעמפעל פון „כשרות" און איך בין פריי דורכגעגאנגען גלייך אין רבי׳ס חדר מיוחד.

דער חדר איז געווען זעהר א גרויסער. דער רבי איז

ראַרט נים געווען אַליין. ער איז געזעסען אין אַנהויב טיש. אַרום איהם זענען געשטאַנען צוויי גבאים. אַן דער זייט עטליכע חסידים. טייל זענען שוין געווען „געפּראַוועטע", טייל האָבען זיך נאָך געדאַרפט „פּראַווען", ד. ה. בעקומען זייער אוידיענץ. דער בעלזער נעהמט ניט אויף איינציגווייז, ווי דער טשאָרט־קאָווער. זיין פיהרונג, ווי געזאָגט, איז איינפאַכער. די גבאים זענען שטענדיג דערביי, אַבער זיי שפּילען א קנאַפּע ראָלע. גלייך ווי איהר קומט אריין, פיהלט איהר דעם בעלזער'ס הער־שאַפט און מאַכט.

איך מוז דאָ מודה זיין, אַז אין א געוויסען זין האָבען די בעלזער יונגע לייט געהאט רעכט. איך האָב איצט געהאט די געלעגענהייט צוקוקען זיך נאָהענט צום רבי'ן. זיין פּנים, זיין פּערזאָן, זיין גאַנצער פיגור האָבען מיר ערשיינט אין א גאַנץ אַנדער געשטאַלט, ווי מיט עטליכע טעג פריהער, בשעת איך האָב איהם צום ערשטען מאָל געזעהן אין וואַגאָן. אויב ער האָט מיך נים בעצויבערט, קען איך אַלענפאַלס זאָגען, אַז אַן איינ־דרוק האָט ער געמאַכט אויף מיר א שטאַרקען, א פיעל שטאַר־קערן, ווי דער טשאָרטקאָווער.

צווישען דעם בעלזער און דעם טשאָרטקאָווער קען ניט זיין קיין שום פערגלייך. דאָס זענען צוויי גאַנץ בעזונדערע טיפּען, ווייט איינער פון דעם אַנדערן, ווי מזרח פון מערב. אויב אין דעם טשאָרטקאָווער געפינט איהר עטוואָס מאַיעסטעטישעס, בעפעהלערישעס, געפינט איהר א טיפּ פון אַן אַריסטאָקראַטי־שען פיהרער, וועלכער האַלט זיך שטענדיג אויף זיין שטאָלצער הויך און לאָזט זיך קיין מאָל ניט אַראָב צום פאָלק, זעהט איהר אין דעם בעלזער דעם אמת'ן פאָלקספיהרער, וואָס ווייס ניט פון קיין שום בלאָזען זיך, פון קיין שום ראַנגען. ער איז שטענ־דיג אין פאָלק און מיט'ן פאָלק. פון פאָלק טיילט איהם נאָר אָב דער פייערדיגער טעמפּעראַמענט, דער נאַטירליכער געוויכט און אויטאָריטעט פון זיין וואָרט, אין וועלכען אַלעס גלויבט, ווייל ער אַליין גלויבט אין איהם, אין זיין אייגען וואָרט — דער ערשטער.

אַז איך בין אריין אין רבי'ס חדר האָב איך גלייך, אָהן א

שום חקדמות, געמעלדעט, ווער און וואס איך בין און צוליב וואס איך בין געקומען. אזוי ווי ביין טשארטקאווער און ביי די פריהערדיגע רבייאים, האב איך ערקלערט, אז מיין קומען צו זיי איז נאטירליך, ווייל איך בין געשיקט קיין גאליציען צו בע־קענען זיך מיט׳ן לעבען פון די גאל־ציאנער יודען. פאר מיינע ציעלען זענען גלייך — די פרייע און די פרומע, חסידים און מתנגדים. מיר זענען בעזונדער אינטערעסאנט די רבייאים, ווייל זיי האבען א גרויסע ווירקונג אין פאלק און ס׳איז פאר מיר זעהר וויכטיג צו וויסען: ווי פארהאלטען זיי זיך צו געוויסע פראגען פון יודישען לעבען אין גאליציען. איך האב געזאגט דעם בעלזער, אז איך בין געווען שוין פריהער ביין טשארטקא־ווער, האב אויך בעזוכט דעם אטאניער, די סאדאגורער רביים.

מיין ערשיינונג, און מיין דעקלאראציע איז געווען אן אי־בערראשונג פאר דעם רבי׳ן, ווי אויך פאר די גבאים און חסידים, וואס זענען געווען בשעת מעשה אין דעם רבי׳ס חדר מיוחד. דער גבאי האט געווארפען בייזע בליקען אויף דער טיר, ווי ער וואלט זיך וואונדערן, ווי אזוי האט די טיר געקענט האבען די העזה ארייננצולאזען אזא אפיקורס צום הייליגען רבי׳ן. ס׳איז אבער געווען פארפאלען. מ׳האט געמוזט ליידען מיין וויזיט און ענטפערן אויף מיינע שאלות.

נאך א קליינער פאוזע, בשעת וועלכער, אלע בליקען זע־נען געווען געווענדט אויפ׳ן רבי׳ן, האט דער רבי אליין גע־בראכען דעם שווייגען. ער האט מיר אויסגעשטרעקט פריינדליך די האנד און געפרעגט נייגעריג: וואס זשע האב איך געזעהן אין גאליציען? זיצען האט ער מיך ניט געבעטען. דאס וואלט געווען א צו גרויסע פארשוועכונג פונ׳ם ראבייאישען עטיקעט. איבערהויפט, ווען ארום, אלע חסידים, און דער גבאי אליין זענען געשטאנען. ער איז דעריבער באלד אליין אויפגעשטאנען, איז ארויס פון טיש און געשטעלט זיך נאהענט לעבען מיר. איך האב איצט געהאט די בעסטע געלעגענהייט איינצוקוקען זיך אין איהם. א הויכע, שלאנקע פיגור, א געדיכטע לאנגליכע בארד, דורכגעווארפען שטארק מיט גראה; פעסט געבויט; דער לאנגלי־בער פולער געזיכט מיט רעגעלמעסיגע, שענע שטריכען, איז פול

מיט אויסדרוק, מיט ענערגיע. ער זעהט אויס גאָהענט פון זעכ־ציג. בשעת ער רעדט מעסט ער ניט די ווערטער, סטאַרעט זיך ניט צו מאַכען אַן איינדרוק, נאָר דאָס געשׂהט אליין פון זיך. מיך האָט אינטערעסירט צו הערען פון איהם, פונ'ם בעלזער אליין זיין מיינונג וועגען דעם טשאַרטקאָווער'ס פּראָיעקט פון האַנדווערקשולען פאַר יודישע קינדער אין גאַליציען. אויף דער פראַגע: וואָס האָב איך געזעהן אין גאַליציען? האָב איך גע־ענטפערט, אַז איך האָב געזעהן גרויסע אָרימקייט. איך האָב צוגעגעבען, אַז אַריינטראַכטענדיג זיך אין די סבות פון דער שלעכטער יודישער לאַגע אין גאַליציען און וואַרפענדיג אַ קוק אויף דער צוקונפט, איז ליידער ניט צו זעהן קיין האָפנונג, אַז יודען זאָל ווערען בעסער אין גאַליציען. גאַליציאַנער יודען שטע־הען פאַר אַ חורבן. אויב מ'קען עפּעס העלפען, איז — ענדערן די ערציהונג פון יודישע קינדער. די עקסיסטענץ פון דרייפער־טעל גאַליצישע יודען איז אָנגעוויזען נאָר אויפ'ן האַנדעל. אי־בערהויפּט אויפ'ן קליינהאַנדעל. אַ פאָלק וואָס איז אָנגעוויזען נאָר אויף איין פּרנסה, קען ניט זיין גליקליך. איבערהויפּט אויף אַזאַ פּרנסה, וואָס געהט אונטער. עס פעהלט ביי אונז בעלי מלאכות, וואָס זאָלען פערשטעהן גוט זייער פאַך. די יודישע ערציהונג מוז זיין אַן אַנדערע. יודישע קינדער מוזען לערנען אַן אַרבייט, מוזען זי לערנען גוט, בעסער פון ניט־יודען. יודען זענען פעהיג צו יעדער אַרבייט. אַרבייט קען קיין מאָל ניט אונ־טערגעהן. ווען מיר וועלען זיין אַ פאָלק, וואָס אַרבייט, וואָס בע־שאַפט נוצליכע זאַכען פאַר מענשען, דעמאָלט קענען מיר אויס־האַלטען יעדע קאָנקורענץ מיט אַנדערע פעלקער. דעמאָלט דאַר־פען מיר ניט מורא האָבען פאַר אַנטיסעמיטיזמוס.

בעדעקען גאַליציען מיט אַ גאַנצע נעץ פון האַנדווערקשו־לען, וואָלט געווען איינע פון די וויכטיגסטע זאַכען, וואָס קען ראַטעווען די גאַליציאַנער יודען. איך האָב געהערט — האָב איך צוגעגעבען, — אַז די „אגודת ישראל" און בעוואוסטע רבנים און רביים קלערן שטאַרק וועגען אַזעלכע שולען. אָבער איהר, רבי, זייט געגען דעם. וואָלט איך וועלען וויסען דעם טעם, פאַר וואָס זייט איהר געגען דעם.

---

דער בעלזער האָט מיך אויסגעהערט, דערנאָך האָט ער גע־
זאָגט:

— ערשטענס איז ניט ריכטיג, אז די יודישע בעלי מלאכות
ארבייטען ערגער פאר די גוי'אישע, איך וואָלט אייך קענען אָנ־
ווייזען, אפילו דאָ אין בעלז גופא גוטע יודישע בעלי מלאכות...
וויעהער איז ניט אמת, אז די יודישע פרנסות געהען אונטער.
איך ווייס א סך יודען, וואָס האָבען שענע פרנסה, און וואָס
ס'איז שייך די שולען, וואָס איהר זאָגט, איז טאקע אמת, אז
איך וויל ניט דערלאָזען קיין שולען. ווארום יעדע שולע שמעקט
מיט אפיקורסות. וואָס האָט געפעהלט יודען אמאָל, אז ס'איז
ניט געווען קיין שולען? יודען זענען געווען פרום, האָבען גע־
היט גאָטס תורה, האָט זיי טאקע גאָר נישט געפעהלט. אז יו־
דען זאָלען זיין פרום און לעבען ווי די הייליגע תורה הייסט,
וועט זיי גאָט איצט אויך ניט פארלאָזען.

איך האָב געפרובט אויפווייזען דעם רבי'ן, אז היינטיגע
צייטען קען מען ניט זיין אזוי פרום, ווי אמאָל; אז די פוילישע
אנטיסעמיטען, וואָס שטופען ארוים יודען פון אלע פרנסות,
מאכען קיין אונטערשייד ניט צווישען פרומע און פרייע. זיי
האָבען אלעמען פיינד; אז גאָט אליין הייסט אויך ניט מענשען
זיצען מיט צונויפגעלעגטע הענד, און אמאָליגע גרעסטע מענשען
ביי יודען האָבען געקענט א מלאכה. מיינע ראיות האָבען דעם
רבי'ן ניט גענומען. מיט פייער האָט ער זיך גענומען מיר בע־
ווייזען, אז אלע נייעסען אין דער ערציהונג פון יודישע קינדער
זענען שעדליך און געפעהרליך פאר יודישקייט; אז דער עיקר
איז צו גלויבען אין גאָט און זיין פרום; אז אלע צרות אויף יו־
דין זאָלען זיין פרום און לעבען ווי די הייליגע תורה הייסט.
אונזערע טאַטעס און זיידעס האָבען געלעבט, וועט אונז גאָר
נישט פעהלען. ער האָט גערעדט מיט הארץ, מיט התלהבות,
זיינע אויגען האָבען בשעת מעשה געפלאַמט, דער גאַנצער קער־
פער האָט זיך שטארק בעוועגט. גערעדט האָט ער אָהן כעס, נאָר
גוטמוטיג, סטארענדיג זיך מיר צו בעווייזען, אז איך האָב א
טעות. איך האָב געזעהן, אז ער, דער בעלזער, איז אויפריכטיג;
אז זיין גאַנצער קערפער האָט אויסגעדריקט איינס: מ'דארף

פערטרויען, מ׳דארף גלויבען אין גאט און פאלגען זיינע גע־באט; אז א מענש קען גאר נישט פארזארגען; אלץ ווענדט זיך אן דעם אויבערשטען, אן זיין ווילען. ווי ער פיהרט אזוי איז גוט. מיר יודען קענען גאר נישט אויפטאן אנטקעגען זיין ווילען.

איך האב געזעהן, אז דער דיספוט מיינער מיט׳ן רבי׳ן איז אינגאנצען נוצלאז, און האב געשוויגען. ער אבער האט ווייטער גערעדט, ניט הויך, ניט צוקאכט, אבער מיט טיעפער התלהבות פון א שטארק גלויביגען מענשען. דער גבאי און די חסידים ארום האבען אויף מיר געווארפען בייזע בליקען, למאי איך רייד אנטקעגען דעם רבי׳ן, למאי איך עס איהם אב די הארץ. יעדער פון זיי — דאס האב א־ך דייטליך געפיהלט, — איז געווען גרייט אנכאפען מיך און „מכבד" זיין, ווי עס פערדינט אן אפיקורס, וואס וואגט צו פיהרען מיט׳ן רבי׳ן א וכוח.

איך האב זיך געאיילט צו מאכען א סוף צום וכוח. האב אויסגעשטרעקט דעם רבי׳ן די האנד, גענומען פון איהם אבשייד, בעמערקענדיג, אז ליידער קען איך ניט זיין איינשטימיג מיט זיי־נעם, מיט׳ן רבי׳ס קוק. ער האט אבער גענומען מיין האנד און מיך ניט געלאזען געהן. ער האט ווייטער גערעדט, ווי ער וואלט געהאפט, אז ער וועט מיך איבערצייגען; ווי ער וואלט געוואלט גלויבען, אז ניט אלץ איז נאך אין מיר פערלארען; אז ס׳איז פאראן נאך א פונק אין מיין נשמה... מ׳קען זי נאך ראטעווען...

און בשעת ער האט געהאלטען מיין האנד, האב איך מיך דעמאלט געפיהלט אין זיין מאכט. איך בין געווען טיעף גע־ריהרט פון זיין ווארימען פשוט׳ען גלויבען, איך האב דעמאלט געוואלט קענען גלויבען אזוי ווי ער.

אבער אט דער היפנאטישער צושטאנד האט נאר געדוי־ערט ביז איך בין געווען אויף יענער זייט טיר. דאן איז די ווירקליכקייט שנעל געקומען צו מיר און האט מיר געוויזען, אז יענער פשוט׳ער אונגעקינסטעלטער גלויבען האט מעהר קיין פלאץ ניט אין אונזער צייט, וואס איז פול מיט פלאנטערס און סתירות.

— איצט לאמיר געהן צו דער רבצין, — האט געזאגט דער בעגלייטער, וואס האט אויף מיר געווארט אין דרויסען. דאס הייסט: איהר וועט אליין אריינגעהן. איך וועל דא אויף אייך ווארטען.

דרויסען איז געווען שטאק פינסטער. איך האב אנגעריבען א שוועבעלע: מיין בעגלייטער האט זי פערדעקט מיט ביידע הענד און איך האב א קוק געטאן אויפ'ן זייגער. עס איז געווען נאך א האלבע שעה צו האלבע נאכט.

— וואס רעדט איהר? — האב איך געזאגט, — די רביצין שלאפט שוין אודאי. ווי קען מען בעאונרוהיגען א פרוי אזוי שפעט?

— נישט קשה, — האט ער געזאגט, — די רביצין שלאפט נאך ניט. זי ווארט שטענדיג ביז דער עולם חסידים ענדיגט „פראווען זיך". כמעט יעדער פון זיי, איבערהויפט פון די געהויבענע, האלט פאר זיין חוב נאך דער אוידיענץ ביים רבי'ן, אבצוגעבען א וויזיט דער רביצין, זי זאל איהם ווינשעווען א „פאהרט געזונד" און נעהמען ביי איהר צום אנדענקען לעקאך פאר די ווייב און קינדער. איהר וועט פשוט זאגען, אז איהר זייט נאר וואס פון רבין און זייט געקומען נעהמען לעקאך. זי האט אנגעגרייט א גרויסען טארט און שניידט יעדערן צו שטיקער. געוויס וועט זי אייך אויך מכבד זיין.

מיין בעגלייטער איז ווידער געבליבען שטעהן דרויסען און איך בין אריין צו דער רביצין.

איך האב אנגעקלאפט אין טיר. געעפענט האט מיר אן אלטע אידענע אין א טשעפיק. דאס איז געווען די קעכין און דער רביצינ'ס לייב דינערין. זיך בין אריין אין קיך. דאס איז אויך געווען דער פארצימער: א שמוציגע קאמער מיט אן אלטמאדישען אויווען, אלטמאדישע בענק, קאסטענעס, גראטקע פאר די קיך-כלים, קאטשערעס, לאפעטעס, בעזים און צובער פאר וואסער, ווי אין יעדער ארימער יודישער שטוב.

— קען איך אריין צו דער רביצין? — האב איך די יודענע געפרעגט.

— יע, פארוואס ניט, — האט דער רביצינס לייב דינערין

געענטפערט, גאָר ניט געפינענדיג פאַר נויטיג אפילו צו בעטען מיך ווארטען און מעלדען וועגען מיר פריהער.

איך האָב געוואָלט אויסטאָן די קאַלאָשען. נאָר דער רבי־צינס „קאמערפרוי" האָט מיר ערקלערט, אז דאָס איז גאָר ניט נויטיג. איך קען אריין אזוי.

דאָ מוז איך בעמערקען דעם לעזער, אז טראָגען קאַלאָשען איז ביי א בעלזער חסיד אן אויסבריינגעריי, זאָגאר א פּער־ברעך. ווי קויטיג דרויסען מעג זיין — דער בעלזער חסיד, אפילו דער פערמעגענדער, קומט צום רבין אין די שמוציגע שטיוועל. דרויסען איז געווען קויטיג און איך בין געגאַנגען אין קאַלאָ־שען. אריינקומענדיג צום רבי'ן האָב איך די קאַלאָשען ניט אויסגעטאָן. מיין פיהרער האָט מיך פריהער געוואָרנט, אז ווען איך טו אויס די קאַלאָשען, וועט דאָס זיין א טיעפע בעליידיגונג פאַר די בעלזער חסידים און זיי וועלען אויף מיר קוקען דערפאַר מיט פעראַכטונג.

דאָ אבער, ביי דער רביצין אין פּאָדערצימער, האָב איך ניט ווילענדיג גענומען אראָבציהען די קאַלאָשען. עס האָט מיר אויס־געוויזען מאָדנע פריקרע אריינצוקומען צו א פרוי אין צימער אין בלאָטיגע קאַלאָשען. בפרט, אז איך האָב געוואוסט, אז די בעלזער רביצין שטאַמט פון זעהר א רייכע הויז. זי איז די טאָכ־טער פון א גרויסען גביר פון זיד־רוסלאַנד.

אבער, אז די „קאמערפרוי" פון דער רעבעצין האָט מיר געזאָגט, אז מ'דארף ניט אויסטאָן די קאַלאָשען, האָב איך גע־מוזט פאָלגען, און בין אריין אין מאַנטעל, אין שמוציגע קאַלאָ־שען, האַלב 12 א זייגער ביי נאַכט צו דער רביצין — אין שלאָפצימער.

וואָרום דער אויפּנאַם־צימער פון דער רביצין, האָט זיך ארויסגעוויזען, איז אויך איהר שלאָפצימער. און ניט נאָר דער צימער, וואו ז י שלאָפט. דאָרט שלאָפט אויך די שנור, די טעכטער, די אייניקלאַך. בשעת איך בין אריין איז די רביצין אליין געזעסען אויף א פּראָסטען שטוהל, ביי א פּראָסטען טיש, הינטער וועלכען, אויף א פּראָסטער זאָפקע, בעדעקט מיט שוואַרצער צאַראַטע, איז געלעגען די שנור אויסגעצויגען, אין

די קליידער און גערדרעמעלט. פון דער אנדער זייט, נעבען דער רב־ציון איז געשטאנען א וויגעלע און דארט האט געשלאפען א קינד, אן אייניקעל א פנים.

איך האב מיך געפיהלט אין א פערלעגענהייט, אריינקר־מענדיג אין חדר, און אינסטינקטיוו, געוואלט ציהען זיך צו־ריק. נאר די רב ציון האט מיר פריינדליך אנגעוויזען אויף א שטוהל און געבעטען זיצען. דאן האט זי מיך געפרעגט: פון וואנען איך בין, ווי לאנג איך בין אין בעלז.

אז איך האב איהר געזאגט: איך בין פון רוסלאנד, האט זי געשיינט שטארק צופרידען צו בעגעגענען א לאנדסמאן. זי האט מיר געזאגט, אז זי איז אליין אויך פון רוסלאנד, האט מיר אנ־גערופען איהר טאטען, געפרעגט: וואס הערט זיך? ווי לעבען יודען אין רוסלאנד?

פאר א געשפרעך מיט דער רב־ציון בין איך ניט געווען צו־געגרייט. דער שמועס אונזערער האט ז־ך ניט געקלעבט. ווי שטארק מיר האט זיך ניט געוואלט פראפיטירען די געלעגענ־הייט און דערוויסען זיך עפעס מעהר פון דעם לעבען. וואס קומט פאר אויף דער פרויען־העלפט פון דעם בעלזער הויף, — איך האב ניט געקענט אויסנוצען מעהר די העפליכקייט פון דער רב ציון, בין אויפגעשטאנען פון שטוהל, געבעטען אום ענטשול־דיגונג, וואס איך האב איהר בעאונרוהיגט און, צום שלום. לויט'ן אלגעמיינעם מנהג, געבעטען, צום אנדענקען, א שטיקעל לעקאך. זי האט גלייך גענומען דעם מעסער. וואס איז שוין געווען אנגעגרייט, א פנים פון פריהער, אראבגענומען פון דער דערבייאיגער פאליצע, ניט הויבענדיג ז ך פון ארט, א גרויסען קיילעכדיגען טארט און איינגעטיילט מיר א גרויסע פארציע. דערפון האב איך פארשטאנען, אז מיין וויזיט איז געווען אן אנ־גענומענער, כאטש איך האב דער רביצין דערציילט דעם אמת: ווער א ך בין און צוליב וואס איך בין געקומען אין בעלז.

פאר'ן שיידען זיך האב איך בעטראכט די רביצין. זי איז א מיטעלע פרוי פון א יאהר עטליכע און פופציג. א בלאס, אויסגעמאטערט געזיכט, אפנים פון שווערע איבערלעבונגען. ניט לייכט איז מסתמא איהר, א טאכטער פון א יודישען מיל־

יאנער, אנגעקומענע צוצופאסען זיך צום לעבען פון א בעלזער רביצין. און ווער וויים, צו פיהלט זי זיך איצט גוט אין אט דער ראלע. איך האב נאך אמאל געווארפען א בליק אויפ'ן צימער. אן ארימע קאמער. די אבגעלאזענקייט, די שמוץ איז דא א פרינציפיעלע: מיט אז כיון ניט הנאה צו האבען פון דער וועלט. אין פולען קאנטראסט מיט דעם שלאפצימער און זיין מעבלי־רונג איז דער גרויסער גלעזערנער שראנק, וואס איז פול אנגע־שטעלט מיט זילעבערנע און גילדערנע כלים, א פנים דרשה־גע־שאנקען און ירושה פון זיידעס און עלטער־זיידעס.

נאר א סך א שווערערן איינדרוק, ווי דער רביצינס שלאפ־צימער, מאכט דעם רבי'ס שלאפקאמער. לויט מיין פיהרער האט מיר אנגעוויזען, איז דאס א ווינקעל, א שפאן אויף א שפאן, אין דעם פאדערצימער צו זיין חדר־מיוחד (אויפנאם־קאבינעט), פארשטעלט מיט א דין ווענטעל. א גאנצען טאג טופעט דא דער גאנצער עולם חסידים, וואס קומט צום רבין. די פאדלאגע איז שווארץ פון בלאטע. שפעט נאך האלבע נאכט, ווען דער רבי האט שוין אבגעפראוועט אלע חסידים, האט אריינגעקוקט אין א ספר און אבגעזאגט, וואס מ'דארף, מיט זיין טרויעריגען איכה־נגון, ברייגגט מען איהם אהער אריין אן אלטע בעטעל און ער לעגט זיך, ריכטיגער, — ער שפארט זיך צו, דאס רוב, אין די זאכען, איבערצוקומען די נאכט.

ווארום, נאכ'ן בעגריף פון דעם בעלזער רבין, איז דער לעבען ניט געגעבען הנאה צו האבען פון איהם. דער לעבען פאר א אידען איז ניט מעהר, ווי אן אבקומענעס...

# א וואָכעדיגער און שבת'דיגער טאָג אין רבי'ס הויף.

שפּעט ענדיגט זיך דעם רבי'ס טאָג. ביז צוויי, דריי אזייגער ביינאַכט וואכט מען אין רבי'ס הויף. ביז איינס, און אמאָל ביז צוויי אזייגער ביינאַכט ציהט זיך די פּראָווענעס, די אוידיענץ פון די חסידים ביים רבי'ן. שלאָפען לעגט ער זיך, דער רבי, ארום דריי און אמאָל שפּעטער נאָך האַלבע נאַכט.

שפּעט הויבט זיך, דעריבער, אויך אָן דער טאָג אין רבי'ס הויף. דער רבי שטעהט אויף ניט פריהער פון ניין. אויפגעהויבען זיך פון בעט איז — גלייך אין מקוה. פון מקוה — אריין צו זיך אין חדר מיוחד. דעם טשאַרטקאָווער'ס חדר מיוחד איז רייך צוגעקליבען און פיין מעבלירט. דאָסזעלבע אויך אין סאַדיגער, אין אטיני, אין באָיאַן. נאָר דעם בעלזער'ס חדר איז אָן ארים שטיבעל מיט געקאַלכטע ווענד, א שמוציגער פּאָדלאָגע און פּראָסטע בענקלאָך. געקומען פון מקוה — גענומען זיך פאַר די „דראַבעשקעס", געפּטר'ט די „דראַבעשקעס", ווערט אריינגע־טראָגען דעם רבי'ן „עפּעס צו טרינקען": טיי אָדער קאָ־ווע. עס טראָגט אריין די רעבעצין אליין, אָדער א טאָכטער. פון ר' דוד'ל, דעם אלטען טשאַרטקאָווער, דערצעהלט מען, אז צו די עלטערע יאָהרען, פלעגט ער ווען אָבקומען, פּייניגען זיך. אָבער כדי די שטוביגע זאָלען ניט וויסען, פלעגט ער די צוקער באַהאַלטען און די קאַווע אויסגיסען אין הרובע.

פון 10 ביז 11 אזייגער אין דער פריה קומט פאַר די ער־שטע „פּראָווענעס" ביים רבי'ן. צו דער ערשטער פריהמאָרגענ־דיגער אוידיענץ איז ניט יעדער חסיד זוכה. נאָר געהויבענע חסידים וואַרטען אויפ'ן רבין. ניט בלויז מיט'ן דאַווענען, נאָר

קומען מיט א פיינעם פדיון. נאָך דער ערשטער אוידיענץ געהט דער רבי אין שטיבעל דאַווענען. דער דאַווענען דויערט געוועהנ־ליך א שעה פון 11 ביז 12. אויב די „פראַוועגעס“ איז געווען א גרויסע, שטעלט מען זיך ערשט 12 אזייגער דאַווענען. די חסידים וואַרטען אויפ׳ן רבין. ניט בלויז מיט׳ן דאַווענען, נאָר מיט יעדער תפילה. דער רבי גיט פון זיין חדר מיוחד, אין קלויז, א דריי מיט׳ן שליסעל אין טיר און דאָס איז א סיגנאַל מ׳זאָל זאָגען ווייטער. נאָכ׳ן דאַווענען ווערט געגעסען וואַרעמעס. ניט אלע אין איינעם, נאָר מאַנסלייט — יעדער פאַר זיך בעזונדער, און ווייבער אלע צוזאַמען. דער אלטער ר׳ דוד׳ל טשאַרטקאָווער פלעגט זיך נוהג זיין זומער נאָך מיטאָג האַלטען א ספר אין אל־טאַנקע. דער איצטיגער איז ניט אזא ליבהאָבער פון פרישער לופט. גלייך נאָך מיטאָג הויבט זיך אָן די צווייטע אוידיענץ. דער איצטיגער עולם איז א מיטעלמעסיגער. די חסידים שיקען אריין פריהער א קוויטעל צום רבי׳ן. דער נוסח פונ׳ם קוויטעל איז א קורצער. צוערשט קומט: „ב״ה“ (פערשטריכעלט פון „בעזרת השם“ — מיט גאָטס הילף); דאַן דער נאָמען פון דעם חסיד און זיין מאַמעס נאָמען, און צולעצט — זיין בעגעהר, אויסגעדריקט זעהר קורץ, דאָס רוב מיט איין וואָרט, אָדער צוויי. א שטייגער: „לבריאת הגוף“ — ס׳הייסט דער רבי זאָל מתפלל זיין פאַר א חולה און דעם חסיד׳ס געזונד; „לפרנסה“, אז דער רבי זאָל בעטען גאָט, ער זאָל צושיקען דעם חסיד פרנסה. אז אנדערער שרייבט: „קשה ענין בהשגת הבורא“, ס׳הייסט: ס׳איז שווער צו פערשטעהן עפּעס א זאַך אין דעם ענין פון בעגרייפען די געטליכקייט, ווידער אז אנדערער ווערט געפּלאָגט פון „מחשבות זרות“ שלעכטע, זינדיגע געדאַנקען, און בעט דער רבי זאָל געבען אן עצה, ווי צו פאַרטרייבען זיי.

דער קוויטעל, איז אזוי צו זאָגען, אן איינטריטס־בילעט. פאַר איהם מוז געצאָהלט ווערן בעזונדער, א חוץ דעם פדיון. עס מוז צאָהלען אפילו אן ארימאַן, וואָס ווערט צוגעלאָזען צום רבי׳ן אָהן א פדיון און איז נאָך, פאַרקעהרט. „מקבל“ פונ׳ם רבי׳ן. דער פרייז פונ׳ם קוויטעל א׳ז 10־20 קרייצער. די קוויט־לאָך מוז מען נעהמען ביי איינעם פון די גבאים. דערמט קומט

מען אין רבי׳ם פאַדער־שטיבעל. דאָ מוז מען געבען דעם טיר־גבאי אַ כאַבאַר, כדי אַריינגעלאָזען ווערין פריהער. אחוץ דעם דאַרף מען אַריינוואַרפען אין פושקע, וואָס געהט ספּעציעל פאַר די גבאים. ס׳קומען אייך אַנטקעגען אַ גאַנצע כאַליאַסטרע שנאָרערס — אַלטע, מיטעלע, יונגע, קינדער אפילו — יעדער שטעלט אָן די האַנד, יעדערן מוזט איהר געבען. דעם פדיון גיט מען דעם רבי׳ן אַליין, בשעת דער אוידיענץ. ביים טשאַרטקאָווער רבי שטעהט אויפ׳ן טיש אַ זילבערנער טאַץ; אויפ׳ן טאַץ אַ שענע גלעזערנע וואַזע. דאָרט וואַרפט מען אַריין די פדיונות. דער גביר, נאַטירליך, קומט אַריין פריהער. זיין אוידיענץ דויערט לענגער. פאַר יעדערנס אַריינקומען לייענט איבער דער רבי זיין קוויטעל, דאַן ווייס ער, אום וואָס עס האַנדעלט זיך, און גיט אָב יעדערן צייט לויט די גרויס פון זיין פדיון, אַמאָל אויך לויט די חשיבות פון דעם חסיד. אָרימע, פערשטעהט זיך, דער־שלאָגען זיך די לעצטע. דערפאַר קענען זיי זיך בעגעהן אָהן אַ פדיון. דער טשאַרטקאָווער, דער בעלזער רבי גיבען אַ סך צדקה. פאַראַן אַזעלכע רביים, ווי צ. ב. ר׳ אירעלע פון סאַמבאָר, וואָס פלעגען אָבגעבען אַלע פדיונות פאַר אָרימע לייט און אַליין לעבען געמיין. פונ׳ם זעלבען ר׳ אירעלען (זיין פולער נאָמען איז געווען ר׳ אוריה הכהן יאַלעס; ער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1910). דערצעהלט מען, ער האָט אַ לאַנגע צייט געלעבט פון דעם, וואָס ער און זיין ווייב פלעגען לאַטען זעק. נאָר די נויט האָט איהם געצוואונגען אויף דער עלטער צו שפּילען די אַפּי־ציעלע ראָלע פון אַ רבי׳ן. ער פלעגט אָבער ניט ווייזען קיין שום מופתים, ניט צוזאָגען נאָר נישט. זיין איינציגער שפּראַך פאַר אַלעמען איז געווען: „גאָט וועט העלפען.“ אָפט פלעגט ער אָבער דינגען זיך מיט אַ גביר: „גיב הונדערט גולדען, וועסטו געהאָל־פען ווערן.“ די הונדערט גולדען פלעגט גלייך אָבגעבען אַן אָרי־מען בעל עגלה, ביי וועמען אַ פערד איז געפאַלען, אָדער צוטיי־לען פאַר אַנדערע בעדערפטיגע. רבי אירעלע האָט אויך געהאַט אַ מתן־בסתר־פושקע, בעשטימט פאַר געפאַלענע באַלעבאַטים, וואָס שעמען זיך אויסשטעלען די האַנד, יעדערער פון זיי פלעגט בעקומען זריינגעשיקט וועכענטליך אויף דער הוצאה. רבי אירע־

לעם „הויף“ בעשטעהט פון א פאר אלטע, האלב־איינגעפאלענע פויערשע כאטקעס, מ'זאגט, אז פאר זיין טויט האבען איהם די חסידים געפרעגט: וועמען פון די זיהן לאזט ער איבער אויף זיין פלאץ.

— איך האב מיינע קינדער פאר קיין גוטע יודען ניט מחנך געווען (ערצויגען) — האט דער שטערבענדער געענט־פערט, — זאלען זיי הארעווען, ועלען זיי האבען וואס צו עסען.

ר' אירעלע איז געווען דער לעצטער פון די „גוטע יודען“ פאלקס - אידעאליסטען פון „בערדיטשעווער'ס“ און „סאסא־ווער'ס“ טיפ.

איך געה איבער צו שילדערן דעם רבי'ס פיהרונג. ביז אהער האבען מיר געזעהן, ווי דער רבי פערברענגט דעם וואָ־כענדיגען טאג. פרייטאג אבענד און שבת איז, נאטירליך, א סך פייערליכער. אויף יעדען שבת קומען אורחים. פאר „קבלת שבת“ קומען די אורחים צום רבי'ן „מקבל שלום“ זיין. דערנאך דאַ־ווענט מען אין קלויז. פריהער מנחה, נאך מנחה איז א קליינע פאוזע. מ'זאגט „שיר השירים.“ דאן דאווענט מען מעריב. נאך מעריב געהט יעדער חסיד אויף זיין סטאנציע עסען. נאכ'ן עסען לאזט מען זיך צום רבי'ן אויף קדוש. נאך קדוש איז ווי־דער א פאוזע אויף א שעה. דער רבי געהט אוועק אין זיין חדר מיוחד, קוקט אריין אין א ספר. די חסידים שמועסן, דערצעהלען מעשיות. אזייגער 9־10 ווערט געפראוועט טיש. דער רבי מיט די זיהן, מיט די איידעמס קומען אריין אין די שבת'דיגע זופּע־צעס און שטריימעלאך. די שטריימעלאך זענען געוועהנליך מתנות פון חתן וויז. דעם רבי'ס שטריימעל וועט איהר ניט נעמען מיט 400־500 קראנען. ביין טשארטקאווער ווערט גענע־סען אין זילבערנע כלים. די זיהן מיט די איידעמס קומען אבגע־געסענע. זיי צוזעצען זיך נעבען דעם רבי'ן פוןביידע זייטען — יעדער נאך זיין ראנג. דער טראנספאלגער צו דעם רבי'ס רעכטער זייט. דער טיש איז א פראסטער, א הילצערנער, א לאנגער. פון ביידע זייטען בענק. אויף די בענק — אויב ס'איז דא א סך אורחים — ווער'ן צוזעצט די חסידים אויך נאכ'ן ראנג, ווי דער גבאי ווייזט אן. נעהענטער צום רבי'ן זיצען גאר די געהויבענע

חסידים, נגידים, אדער גלאט חשובע יודען. צולעצט ביין טיש זיצען די קבצנישע חסידים, לאפסערדאקעס און די געמיינערע פון די „יושבים". (די שטענדיגע זיצער ביים רבי'ן, זיין סוויטע) די געהויבענערע פון דער סוויטע ארום די בענק — נעהענטער צום רבי'ן. הינטער זיי און נאך זיי — די חסידישע מאסע. הינטער סאמע רבי'ן שטעהט דער הויפּט גבאי. ער שפּילט די ראלע פון א צערעמאָניע־מייסטער. א צווייטער גבאי איז א טישמייסטער. ער שטעהט טאקע מיט די שטיוועל אויפ'ן סאמע טיש. נעהמט צו די מאכלים פון דעם שמש, וואס ברייננגט זיי פון קיך און צושטעלט לעבען די אורחים. דער רבי אליין עסט כמעט ניט. ער ריהרט זיך נאר צו צו יעדער געריכט, פון דער המוציא ביז'ן צימעס, אדער קאמפּאָט. באלד נאכדעם ווערט דאס צוכאפּט, אלס „שיריים" פון די חסידים. די „שיריים" בלייבען ביי די פאדערסטע חסידים. די הינטערסטע זיצען צו ווייט פון רבי'ס טעלער און זענען קיין מאל ניט זוכה עפּעס צו בעקומען פון זיי. פאראן אבער ווייכהערציגע פון די „יחסנים", וואס טיילען זיך די „שיריים" מיט די וואס זיצען ווייטער פון זיי. פון דער אנדער זייט זענען פאראן צווישען די „לאפּסערדאקעס", די „פאנטאפּעל־חסידים" עזות־פּנים'ער, וואס קריכען ארויס פון טיש, שטעלען זיך הינטער די געהויבענע חסידים און איידער אט די האבען צייט אויסצושטרעקען די האנד, זענען שוין די „שיריים" ביי יענע אין מויל.

דיזעלבע כאפּ־לאפּענעס קומט פאר ביי טיילען די געריכטען, געוועהנליך בעקומען יעדער, וואס זיצט ביין טיש, א בעזונדער טעלעריל מיט א בעזונדער פּארציע. נאר כמעט שטענדיג פעהלט אוים. ווייל ערשטענס קען די רעביצין קיין מאל ניט אויסרעכענען פריהער: וויפיעל געסט זי וועט האבען. צווייטענס איז די רעביצין א קארגע; דריטענס ווענדט זיך אן דעם, ווי דער חסיד לעבט מיט'ן גבאי, דעם טישמייסטער. דער וואס לאזט זיך פריהער צו „דערקענען", יענעם לאזט דער גבאי ניט דורך. עס טרעפט אבער, אז בשעת דער גבאי טראגט זארגפעל־טיג אונטער זיין פראטעזשירטען חסיד די פּארציע, פארלויפט דער לאפּסערדאק, — א פערהונגערטע נשמה, וואס האט זיך

אוודאי וואַכענלאַנג געגרייט אויף דעם רבי'ס יאיכעל, — אפּרי־הער און כאַפּט ארוים מיט די הענד פון טעלער, וואָס דאַרטען איז געווען. צוליעב דעם האַלטען די הינטערסטע חסידים אָנגע־גרייט אין קעשענע אַ גלעזעל מיט אַ לעפעל.

דער רבי — זעהט זיך אָן — ווייס ניט וואָס ס'פּאַסירט אַ פּאָר שפּאַנען ווייטער פון איהם ביים טיש. ער איז פאַרטראַ־גען אין די „עולמות העליונים". פערטיפט איז זיך און פער־רבק'עט. נאָר אזוי דוכט זיך נאָר. פון מיין אויג איז ניט ענטגאַנ־גען, אַז דער טשאַרטקאָווער האָט גוט געשפּירט די ווילדע סצע־נעס פון כאַפּ־לאַפּ ביים שבת'דיגען טיש און אַ שוואַך פערבאָר־גענער עקעל האָב איך געלייענט אויף זיין פּנים.

די פּאַטראָוועס ביים רבינ'ס טיש זענען די געוועהנליכע שבת'דיגע יודישע מאכלים: פיש, פליייש, יוך, צימעס. אָנשטאָט צימעס גיט מען זומער דאָס רוב — עפּעל־קאָמפּאָט. אין מיט'ן עסען זינגט מען אין טשאַרטקאָוו, סאַדיגור, און באיאַן דעם ריזשינער'ס נגונ'דל. אין בעלז, ווי דער לעזער ווייס, ווערט אַלץ געזונגען מיט דעמזעלביגען איכה־נגון. צווישען איין געריכט און דער צווייטער ווערט ניט בלויז געזונגען, נאָר אויך געטרונ־קען. די וויין פון אייגענער פאַבריקאַציע, עפּעס אַ מין „עסיג־בורדע." דער רבי לעגט אָגב צו דעם וויין ניט צו. געוועהנליך זענען די רייכערע חסידים, טאַקע אין טיש גופא, מנדב — דער אַ פלאַש, דער צוויי, דער דריי. דער סדר איז, אַז דער גבאי— דער טישמייסטער רופט אויס: פלוני בן פלוני איז מנדב אַזוי־פיעל פלאַש. (די פלעשער זענען אָנגעגרייט פון פריהער אין רבינ'ס קעלער). דעם וויין טיילט דער רבי אליין. איין פלאַש גיט ער דעם מנדב, די איבעריגע צוטיילט ער מיט זיין אייגע־נער האַנד דעם עולם. וואו ער קען ניט דערלאַנגען, ריהרט ער נאָר אָן די וויין מיט'ן האַנד און דער גבאי צוטיילט.

די זמירות פאַרנעהמען אַ וויכטיגען פּלאַץ ביים רבי'ס שבת'דיגען טיש. אין הויף זענען דאָ ספּעציעלע חזנים, וואָס פערפאַסען צו „יה רבון עלם", „צו ישמחו" און אנדערע זמירות אַלע צוויי וואָכען נייע נגונים. די בעסטע חזנים האָבען טשאַרט־קאָוו און אַטאַניע. דער אַטאַניער חזן עקספּאַרטירט די חסידישע

נגונים אין אמעריקא און בעקומט דערפאר גוט בעצאהלט. אין אמעריקא ווערן די נגונים איבערגעניצעוועט פון די אפערעטא־אקטיארען אויף זייער שטייגער. עס ווערט צו זיי (צו די נגונים) צוגעשטוקעוועט גאר ניט קיין חסידישער נייער טעקסט און דינט פאר א לוסטיגען אפערעטען־טענצעל.

תורה ווערט אין בעלז ווינציג, און טשארטקאוו כמעט גאר ניט געזאגט ביים טיש. נאר אין בעזונדערע געהויבענע טעג, א שטייגער „י״ט כסלו״ (דעם 19־טען טאג אין כסלו) צו דעם מע־זשעריטשער מגיד׳ס יאהרצייט, זאגט דער טשארטקאווער עט־ליכע ווערטער. ער זאגט שטיל, ווי ריידענדיג א סוד אין זיך און צו זיך אליין. דער טיש־עולם צושטעלט זיך. די נעהענטערע בויגען אן טיעף דעם אויער צו דעם רבי׳ס לעפצען, עפעס אריינצוכאפען א ווארט, אן אות, א פינטעל, נאר קיינער קען ניט „משיג״ זיין. צו הויך, צו טיעף, צו סודות׳דיג איז דעם רבי׳ס תורה. פון דעסטוועגען מאכען א פאר, פון די סאמע נא־הענטע צום רבי׳ן, א מינע, אז זיי האבען עפעס געכאפט און אויף זייערע פנים׳ער ווערט אויסגעגאסען, בשעת מעשה, א גליקזעליגער שמייכעל, געמישט מיט א וואונדערליכע איבער־ראשונג, ווי איינער זאגט: חדושים! פלאי־פלאים! נאר איהר קענט זיכער זיין, אז זיי האבען גאר נישט געהערט און גאר נישט פערשטאנען.

שבת ביי טאג ווערט אויך געפראוועט „טיש״. נאר ניט אזוי פייערליך, ווי פרייטאג צו נאכט, לעבעדיגער ווערט געזונ־גען צו הבדלה. דא צו „המבדיל״, קומט אויך כמעט אלע צוויי וואכען א נייער נגון. ניט זעלטען געהען חסידים א ריקוד׳ל (א טענצעל). א טייל פון די נגונים זענען אמת פאלקסטימליך און שען.

# ימים נוראים אין רבי׳ס הויף.

שוין ביי די ערשטע סליחות הויבען זיך אן יאוועןן אין רבי׳ס הויף די ערשטע שוואלבען: דאס רוב פון זיי — פאנ־טאפעל־חסידים. האלב קומט מען צו פוס, האלב פאהרט מען אונטער אויף א גוי׳איש וועגעל. אין הויף ווערט די שטימונג אומעטיגער. אלע געהען אראבגעלאזען דעם נאז. א לאך טאן, א האפקע טאן, אויפ׳ן חסידישען שטויגער, איז איצט א גרויסע זינד. יעדער סטארעט זיך צו שניידען, וואס א טרויעריגע צורה. בלויז די קליינע חברה קענען ניט אויסהאלטען די מורא׳דיג־גע־שפאנטע שטימונג, קונדייסעווען, אבער פער׳גנב׳עט, גרויסע זאלען ניט זעהן.

צו „זכר־ברית" — די לעצטע סליחות, ערב ראש השנה, קומען די רייכע חסידים. פאר די סליחות, ביי נאכט, „פרא־וועט" מען ביים רבי׳ן. דא זענען ניטא קיין ספעציעלע בקשות. דא ברויכט מען אויך ניט קיין קוויטלאך. דער רבי ווייס, וואס יעדער חסיד בעגעהרט: א גוט יאהר, א „כתיבה וחתימה טובה". און דער רבי גיט יעדערן דיזעלבע ברכה: „דער אויבערשטער זאל געבען א גוט יאהר, א שנת חיים ושלום, פרנסה און הצלחה, דיר און כלל ישראל". יעדער חסיד געהט אוועק בערו־היגט. ווארום „אז דער צדיק איז גוזר מוז דער אויבערשטער מקים זיין".

מיט יעדער שעה, מיט יעדער מינוט, וואקסט דער עולם. עס קומען אן גאנצע הויפענס, אהן אן אויפהער, פון אלע זייטען: מיט עקסטרא צוגען, מיט בעלי עגלות, און א סך — צופוס. צום דאוונען קומט אויך דריי פערטעל שטערטעל — די גאנצע שטע־טעלדיגע מאסע. ווארום ביים רבי׳ן איז דער איינטריט פריי;

מ׳בעדארף ניט צאהלען פאר א שטאדט; מ׳דארף ניט ווארפען אין די טעלערס.

ראש השנה און יום כפור איז דעם טשארטקאווער׳ס שטי־בעל אין שול אפען. ער דאווענט, ווי אלע מאל אליין. אבער ער זעהט דעם עולם און דער עולם זעהט איהם. דער דאווענען דויערט ביז 3 אזייגער ביין טאג. פאר דעם אלטען רבי׳ן האט געדויערט ביז פיער.

צום „תשליך" געהט מען אין רבי׳ס הויף — ערב יום כפור. פריהער לאזט זיך דער ווייבערשער עולם, די רביצין מיט די טעכטער און שניר און די איבריגע הויפדאמען, אין פאיע־טאנען, אויף יענער זייט בריק, אבטרייסלען די עבירות. דאן פאהרט דער רבי מיט די זיהן און די איידעמס. דער גבאי זיצט אויף דער קעלניע. חסידים זענען אנגעהאנגען פון אלע זייטען גוויפ׳ן וואגען, אויף די פערד. די וואס זיי איז ניט געראטען אנצוטשעפען זיך אן וואגן, לויפען פון הינטען. אין טומעל כאפט זיך דערווייל ארײן א חסיד, א מעהר ספריטנער. אריינשפארען דעם רבי׳ן א „שלום עליכם" און אפילו א קוויטעל. דעם רבי׳ס סוויטע, די „גווארדיע" זיינע, איז שוין פארלאפען א פריהער, שטעהען שוין ביז די קנעכלאך אין וואסער און גא־רען „מסתכל" זיין זיך אין רבי׳ן, אין זיין ליכטיגען פנים ארייג־קוקען. צוויי קוריערן פון די „יושבים" לייזער „פאנפאטש" און „מיט נחת*)" לויפען פאראויס, אלס וועג ווייזער. ביי דעם צו־ריק־צוג, פון „תשליך" א היים, שטייגט די בעגייסטערונג ביז׳ן העכסטען גראד. חסידים לויפען נאך און שרייען: „דער רבי איז משיח!" „ער וועט זיין אונזער גואל צדק!" „וועט אונז פיהרען אין ארץ ישראל!" דער רבי געהט אריין אין שטוב און שטעלט זיך אין פענסטער. חסידים מאכען א „ריקוד" — געהען א טענצעל, דרעהען זיך, שפרינגען, זינגען, לארמען ביז דער רבי גיט א מאך מיט דער האנד; גענוג! דאן צוגעהט מען זיך.

---

*) צוויי טיפען פון דעם רבי׳ס „גווארדיע", וואס ווערן געשילדערט שפעטער.

**א סך מורא׳דיגער** זענען די ימים נוראים־סצענעס אין בעלזער הויף. פון ראש חודש אלול אן הויבט אן דער רבי צו זאגען ביי שלש סעודות, אנשטאט די געוועהנליכע תורה — מוסר. די התעוררות, דער אויפגערעגטער, ציטערנדער צושטאנד ביי די חסידים איז זעהר גרויס. דער רבי שטעלט פאר לעבעדיג די שרעקליכע גזרות, וואס ווארטען אויף יעדען. ער טרייסט אבער, און ווינשעוועט, און וויינט. דער בעלזער איז א גרויסער „בעל בכי". מיט יעדען שבת ווערט דער עולם גרעסער. דעם רבי׳ם תורה ווערט הייסער, פייעריגער. אליין שטעהט דער רבי ביים עמוד: אין אזא „קריטישען מאמענט" קען מען ניט פער־טרויען די לעבענס אינטערעסען פון די חסידים דעם געוועהנ־ליכען שליח צבור. ער אליין מוז ארויסטרעטען אלס פערטיידי־גער פון די יודען פאר׳ן רבונו של עולם, ער אליין זאגט סליחות. ער אליין זאגט אלע טאג, שטונדען־לאנג מיט׳ן עולם תהילים.

ראש השנה קומט ער אין שול אין דעם זיידענ׳ס, ר׳ שלום׳לס, גרינע זיידענע בעקעשע, ווייסע יארמאלקע, קיטעל און ווייסען גארטעל. און ס׳איז ניט פשוט. אויב זיינעם, דעם איצטיגען בעלזער׳ס, זכות איז ניט גענוג, וועלען ביידענס זכות׳ען, זיינע און דעם זיידענ׳ס, שוין געוויס ווייכער מאכען דעם „רבונו של עולם, דערוועקען אויבען די „מדת הרחמים", זי זאל גובר זיין די „מדת הדין..."

די רעביצ׳ן האט אויך איהרע אויפגאבען אין די הייליגע מורא׳דיגע טעג. אלע ווייבער פון שטעדטעל קומען צו איהר קנויטלאך לעגען. דער דאזיגער פראצעס קומט פאר ניט אויף דער רעבעצינס העלפט, נאר ביים סאמע רבי׳ן אין שטוב, די אלגעמיינע שרעק פאר׳ן „גזר", פאר דער „כתיבה" און „חתימה" פעראייניגט די צוויי העלפט פון דעם מענשליכען געשלעכט. אין א געוועהנליכע צייט טאר א ווייבעל זיך ניט ווייזען פאר׳ן רבי׳ן אין די אויגען. איצט קען איטליכע יודענע זעהן דעם היי־ליגען רבי׳ן, קוויקען זיך מיט זיין ליכטיגען פנים. אונטער דער שטרענגער אויפזיכט פון דער רעבעצי׳ן דרעהט יעדע יודענע איהרע קנויטלאך. יעדע באלעבאסטע דארף האבען צוויי קנויט־לאך, פאר צוויי ליכט. איין ליכט — פאר די לעבעדיגע, איינע

פאר די נשמות פון די „נפטרים“, פאר די געשטארבענע און איהר פאמיליע, אין דעם גאנצען יודישען פאלק. יעדער קנויטעל בעשטעהט פון דרייסיג פעדים. יעדער פאדים איז א שליח צו גאט, א בעטער פאר אן אנדער נשמה. די נשמות הויבען זיך אן פון “אדם הראשון.“ דאן געהען די „אבות“ אברהם יצחק ויעקב, און די „אמהות“ שרה, רבקה, רחל לאה. דערנאך — די נביאים, די תנאים, די אמוראים, די גאונים, דאן די רבייאים און געהויבענע חשוב'ע חסידים. דער רבי שטעהט ביי דרעהען די קנויטלאך און ווינשעוועט צו די ווייבער.

ערב ראש השנה ליגט אויפ'ן פענסטער, אין דעם רבינ'ס שטיבעל, א בוך מיט לעדיגע בלעטער. ער הייסט כללות־בוך. אלע חסידים קומען אריינשרייבען אהין זייערע נעמען און די נעמען פון זייערע קינדער. דאס איז, אזוי צו זאגען, אן אויפגאב אויפ'ן גוטען צעטעל. פאר אריינשרייבען דעם נאמען דארף יעדער חסיד בעצאהלען פון פינף ביז צעהן קרייצער. ד ע ר אבצאהל געהט צו גונסטען די יושבים — דעם רבי'ס סוויטע.

די העכסטע שטופע פון ימים נוראים'דיגע התלהבות דערגרייכט דעם רבי'ס הויף צו דער „סעודה המפסקת“, ביים פערפאסטען זיך ערב יום כפור. די סעודה ווערט געפראוועט, ווי געוועהנליך, ביים גרויסען טיש, אין גרויסען פאליש. דער בעל־זער זאגט דאן תורה — פלאם־פייער. חסידים ציטערן ווי א בלאט, אויסגעטאן אין גאנצען פון „גשמיות“. נאך דעם לויפט דער רבי א י ן מקוה און פ ו ן מקוה מיט מאדנע זריזות און אימפעט. טוט זיך אן מיט די זעלבע זריזות אין דעם זיידענ'ס ראש השנה'דיגע קליידער. דאן געהט אריין צו איהם אין חדר די פאמיליע. אלע קוקט אראב מיט פארטרויערטע אויגען. אלע פערגעהט זיך אין א שטילען כליפען. דער רבי וויינט אויך, נאר אויף זיין פנים איז דייטליך צו דערקענען מונטערע שטריכען פון שטראהלענדער האפנונג. ער וויינט און טרייסט און ווינשעוועט.

פ א ר „כל נדרי“ געהט אריין דער רבי צוריק אין גרויסען פאליש פון קלויז. אהין קומט גאנץ שטעדטעל ווייבער. איצט, אין די לעצטע מינוטען, פאר'ן „גרויסען“ קאמפף, איז ער, דער

שתדלן, דער פערטיידיגער פון זיינע חסידים. אין גאנצען מיט זיי, מיט די ווייבער, מיט די שוואכסטע, מיט די שוצלאָזטע, אָבער אויך מיט טרייעסטע פון זיינע אָנהענגער. „מאַנסביל ארויס!" שרייט ער צו די חסידים, אַיצט זאָג איך נאָר פאַר ווייבער, „עז, ווייבער, זאָלט אָבהיטען אייערע קינדער, זיי זאָלען זיך אום שבת ניט קאַמען, מיט זייף זיך נישט וואַשען, קיין ביכלאַך נישט לייענען. די וואָס האָבען חתונה געהאַט, זאָלען קיין שייטלאַך ניט טראָגען, קיין האָר זאָל זיך ביי זיי נ׳ט ארויסזעהן. אין די שקאָלעס זאָלט איהר די קינדער ניט אָבגעבען... צייט תשובה טאָן."

די לעצטע ווערטער זענען, א סיגנאַל צו געהן אין שול. „ווינשעוועט מיר ווייבער!" ווענדט זיך דער רבי צו זיינע חסיד׳קעס דעם לעצטען מאָל, און לאָזט זיך צום טיר.

די ווייבער שטופען זיך נאָך איהם. יעדע סטאַרעט זיך נאָך אַמאָל אין זיין הייליגען פּנים ארייַנקוקען. אנדערע — כאַטש בעריהרען זיינע הייליגע מלבושים און דערמיט אָנציהען אויף זיך די קדושה.

„שטופּט זיך ניט, ווייבער, געהט פאַוואָליע, זאָגט דער רבי, אראָבבויגענדיג דעם קאָפּ, ער זאָל זיך חלילה ניט בעגעגענען מיט א ווייבערשען קוק. די ווייבער ווערן גלאַסענער, פיהלען זיך שטאָלץ, וואס דער רבי האָט מיט זיי גערעדט. דעם ערשטען מאָל, דעם איינציגען מאָל פאַר׳ן גאַנצען יאָהר, האָבען זיי די זכיה אזוי נאָהענט צום רבי׳ן, ארום צדיק צו שטעהן. זיי פערנעמען עפּעס אויך אָן אָרט אין זיינע רייגע מחשבות. זענען אויך מענשען...

און פיהלענדיג צו זיך א מין זעלבסט־רעספּעקט, ווערן זיי ערנסטער, געהן פאַוואָליע הינטער דעם רבי׳ן, בליבען שטילערהייט, נאָר וואַגען ניט מיט׳ן פאַרטוך די אויגען צו ווישען.

דער רבי קומט אריין אין שול. א מורא ליגט אויף זיין פּנים. ער טרעט לאַנגזאַם, פייערליך פאָרווערטס צום ארון קודש, צו זיין ווינקעל אין מזרח־וואַנד. דער געדיכטער עולם ווערט, ביי זיין אריינטרעטען, צוטיילט אין צוויי ווענט. א שטילער ציטער בעוועגט אלעמענס לייבער. באלד ווערט אָבער אַלץ

פערגליוועדט אין ערוואַרטונג פון עפּעס ווייכטיגעס. דער רבי שטעלט זיך ביי זיין שטענדער און הויבט אָן צו זאָגן, וואָרט ביי וואָרט, מיט זיין אַנגעבראַכענעם שטענדיגען איכה־נגון, א קאַפּיטעל תהילים. נאָך דעם גייט ער ארויף צום ארון קודש, דער טויזענדקעפּיגער עולם בעגלייט איהם, זיין בעטער, זיין פערטיידיגער, מיט נידערגעשלאָגענע, שרעקעדיגע בליקען. ער וויקעלט זיך איין אין פּרוכת און ברעכט אויס אין א געוויין. א היסטערישער כליפּען ענטפערט איהם און מאַכט צאַפּלען די לופט אין דער ווייבערשער שול. דער שמש גיט א פּאַטש: שאַ! שאַ! די ווייבער פאַרגעהען זיך שטיל. דער שמש גיט נאָך א פּאַטש, דער רבי הויבט אָן זיך שלאָגען אין הארצען „חטאנו", דריי מאָל. אזוי מעלדעט ער, האָט ער א קבלה פון טאַטען. אלע זאָגען נאָך, אלע קלאַפּען נאָך אין הארצען: „חטאנו." דאָס איז ערשט אַן אויפגאַב צו די לאַנגע „על חטא'ס", וואָס דאַרפען שפּעטער קומען.

דערנאָך הויבט אָן דער רבי זאָגען מוסר. די טעמע איז: די זעלבע שייטלאָך, קאָמען זיך אום שבת, שקאָלעס, ביכלאָך און נאָך אזעלכע „מורא'דיגע חטאים." נאָר איצט ווערט דאָס אלץ אי־לוסטרירט מיט שרעקליכע בילדער פון גהינום, פון קליינע קינ־דער, וואָס שטאַרבען; פון יונגע מוטער'ס, וואָס געהען אוועק פאַר דער צייט; פון אַנדערע גזרות און צרות, וואָס קומען אויף יודען, נאָר צוליעב די האָר־קאָמען, צוליעב די שייטלאָך, די ביכלאָך, די שקאָלעס...

די ווייבער איז שוין אונמעגליך איינצוהאַלטען. די לופט צאַפּעלט זיך אין קאָנוואולסיען...

# פסח אין רבי'ס הויף.

די סאמע פרעהליכע טעג אין רבי'ס הויף איז ערב פסח. דער גאנצער הויף געהט כאַראַם. די שטימונג איז א מאָדנע, א געהויבענע אויף יעדען פנים ליגט טיעפער ערנסט און וויכטיגקייט, עס הויבט זיך אן די גרויסע, די הייליגע אר־בייט פון באקען „שמורה".

דריי וואָכען פריהער, פאר פסח, הויבט זיך אָן דער גערו־דער. די הויפט ראָלע שפּילען דאָ די יושבים — דעם רבי'ס סוויטע. זיי ווערן שטרענג איינגעטיילט אין ראנגען. יעדע פונק־ציע (טייל־ארבייט) פון דעם שמורה־באַקען איז פערבונדען מיט א געוויסען ראנג. די העכסטע זענען: דער וואַסער גיסער (אַט דער „דזשאָב" איז א חזקה פון הושיע דעם חזן, דעם קוויטעל־שרייבער אין טשאַרטקאָווער הויף), דער מעהל־שיטער און דער מיירע־קוועטשער.

די „שמורה" ווערט אָבגעהיט נאָך פון סאמע שניידען די ווייץ אויפ'ן פעלד. מ'טאָר אויף זיי קיין רעגען ניט לאָזען א שפּריץ טאָן. די ווייץ דארף געמאַהלען ווערן אונטער א ספּע־ציעלער השגחה. אין רבי'ס הויף איז דאָ אויף דעם אן אייגענע האנדמיהל. די „יושבים" אליין מאַהלען. די מעהל ווערט געהיט אונטער א שטארקער אויפזיכט ביז'ן סאמע באקען. געבאַקען ווערט די „שמורה" אין א ספּעציעלען אייווען, וואָס האָט צוויי זייטען: פון איין זייט לעגט מען די מצה אריין; פון דער אנ־דער זייט שאַרט מען עס ארויס. דער מעהלשיטער, אזוי ווי דער וואַסערגיסער, איז א געהויבענע הויף־פּערזאָן. די „מיירע" ווערט געקנאַטען אין א גילדערנער שיסעל. וועלגער, רעדלער זענען שטאַרט־בחורים'לאַך, געהויבענע חסידישע קינדער, עשבים. אין בעלז טראָגט דער רבי אליין וואַסער פון טייך פאר

די שמורה: טראָגט די וואסער אויפ׳ן טאָטענס שטעקן; זאָגט דערביי הלל. אליין קנעט ער, וועלגערט און רעדעלט. דער טשאַרטקאָווער קומט נאָר אויפ׳ן דריטען טאָג און בעטייליגט זיך נאָר אין שיטען די מעהל צו א פּאָר מיירעס. צו די הויכע ראנגען בעלאנגען אויך דער זעצער און דער ארויסנעהמער — צוויי ארבייטען, וואָס געהערן אין אלע פּאַדראַדען צו איין פערזאָן — דעם זעצער. דאָ זענען זיי צעטיילט.

געצאָהלט, נאַטירליך, ווערט פאַר אָט די הייליגע מלאכות ניט. דערפאַר אבער בעקומען אלע טיילנעהמער עסען פון רבי׳ס קיך. די געהויבענע בעקומען יאַיכלאַך. די מאסע וועלגער און רעדלער — אן עק הערינג מיט א פּאָר זעמעל. מ׳זאָגט, אז די לעצטע יאָהרען איז פאַרגעקומען ביי די וועלגער סטרייקען. זיי האָבען „אויסגעקעמפפט" צו די הערינג מיט זעמעל אויך א טעלער „יושקע". דאָס איז א מין שיטערער קרופניק, וואָס מ׳קאָכט געוועהנליך פאַר די „יושבים". דער דאָזיגער קרופניק — ווי דער „מן", וואָס יודען האָבען געגעסען אין דער מדבר — האָט ניט קיין בעשטימטען אויסזעהן, ניט קיין בעשטימטען טעם. קינדער פון געהויבענערע חסידים בעקומען אויך א גלעזעל ביר. דער עיקר לוין איז אָבער צום סוף. דאָס איז דעם רבי׳ס א „שמירה": יעדען איינעם גיט דער רבי א מטבע — די ארי־מערע, אָדער פּראָסטערע — א קרייצער; די געהויבענערע — א „זעקסערל" (א 20־העלערשטיק). ווייל דער רבי גיט דאָס מיט זיין אייגען האנד, איז דאָס ביי די חסידים פערךעכענט פאַר א „שמירה", ד. ה. א מין קמיע. די דאָזיגע „שמירה" האלט מען טייער און נאָר אין א נויט, אָדער, ווען עס ווילט זיך שטארק אביסעל משקה, ערלויבט מען זיך עס צו פערקויפען. דער מסחר מיט דעם רבי׳ס „שמירה" איז בעזונדער ענטוויקעלט פּורים און שמחת תורה, ווען א פרומער יוד, איבערהויפּט א חסיד, מוז נעהמען אביסעל משקה, דאַן ווערט געמאַכט אויף די „שמירות" אַן אויקציאָן. עס ווערט ארייגעשטיגען ביז א קראָנע און נאָך מעהר.

דעם דריטען טאָג, ווי געזאָגט, קומט עדר רבי אליין אין דער סויבעל־היטעל אין פּאַדריאַד אריין. ער געהט צו, דערלאַנגט

אליין וואסער, מעהל צו דער מיירע. דעמאלט לאזט מען קיין אינגלאך ניט צו. די גרעסטע קינסטלער אין קנעטען מאכען א וועט צווישען זיך. א קאנקורס אין שנעלקייט. דער גרעסטער גבור נעהמט די מיירע און האלט זי אין די הענד. אלע וועלגער לויפען צו און קנייפען אב יעדער — זיך א שטיק. דער רבי זיצט אויבען אן מיט די קינדער. יעדער וועלגער לויפט צו מיט זיין מצה צום רבי'ן, מיט א הילצערנעם „חלף“ גיט דער רבי דריי שניט אין יעדער מצה. דאס בעטייט „כהן“, „לוי“, „ישראל“. דערנאך געהט דער רבי אוועק. די קינדער בלייבען. די שמורה־מצה ווערט שפעטער פארנאנדער געשיקט איבער דער וועלט צו די חסידים.

צום סדר טוען די פרויען פון רבי'ס הויף אן די שענסטע מלבושים, פוצען זיך אויס אין די פיינסטע צירונג, וואס זיי האבען, אויפ'ן טיש ווערען געשטעלט די בעסטע און שענסטע כלים, גאלד און זילבער פינקעלט. מאסען ליכט, הענגלייכטער. לאמפען בילדען א מין אילומינאציע.

פסח צום סדר איז דער איינציגער פאל, ווען פרויען און מענער עסען בייזאמען. דאך, אפילו איצט עסען זיי אין איין זאל, אבער ניט ביי איין טיש. פאר ווייבער און מאנסביל ווערן געשטעלט צוויי בעזונדערע טישען. דערפאר זיצען אבער אויך די דינסטען און משרתים ביין טיש. ביי דעם בעלזער זיצט די גאנצע פאמיליע ביי איין טיש. בלויז די דינסטען זיצען אין זעלבען זאל, נאר הינטער א שפאניש ווענטעל. ער שמועסט געמיטליך מיט ווייב און קינדער, ערלויבט זיך אפילו ווערטלאך צו זאגען, דער עולם זאל זיך אמוזירען. ביי אנדערע טישען זיי־צען חסידים — ביי א פאר הונדערט, אורחים, וואס זענען גע־קומען צום רבי'ן אויף די סדרים. אין טשארטקאוו דארפען קיין פרעמדע ניט זיין צו די סדרים. דאס זענען די איינציגע טעג, ווען דער רבי טוט פון זיך אויס זיין אפיציעלען הייליגקייטס־מאנטעל און בעלאנגט אין גאנצען זיין פאמיליע. צוליב פוין ווערען געלאדען נאר געציילטע אויסדערוויילטע חסידים, אויס־געווייקטע מערידאלניקעס.

דער סדר אין טשארטקאוו געהט צו אויפ'ן ריזשענער'ס

שטויגער: מיט גרויס פייערליכקייט און צערעמאָניאַל. יעדע שטיקעל „הגדה“ האָט איהר ספּעציעלען נוסח, איהר בעזונדער נגון. דער רבי זיצט אין דעם ריזשינער׳ס קיטעל מיט לאַנגע אַרבעל ביז צו דער ערד. צווישען רבי׳ן, רעבעצין און קינדער הערשט אַ ליבשאַפטליכע פאַמיליען־שטימונג. דער סדר געדויערט זעהר לאַנג. ביי ר׳ דוד׳לען, דעם אַלטען טשאָרטקאָווער, פלעגט ער זיך אַוועקציהען ביז פאַר טאָג. דער איצטיגער, ר׳ ישראל׳ניו, וועלכער איז אַ ביסעל מאָדערן, מאַכט דאָס עטוואָס קירצער. דער פּאָמפּ איז נאָך אָבער כמעט דערזעלביגער. פון די „יושבים“ איז קיין שפּור ניטאָ. אַלע האָבען זיי געמוזט אַוועק מיט „בעור חמץ“. ערשט צו די אַנדערע טעג הויבען זיך אָן יאַוועז איינצעלנע חסידים.

שבועות האָט ניט קיין בעשטימטע פּראָגראַם און צערעמאָניאַל. שבועות איז ווייניגער פייערליך ביי די גאַליצישע רבייאים, דערפאַר איז דעמאָלט מעהר אונגעצוואונגען און פרעהליכער. עס קומען ספּעציעל יונגע לייט, יונגע איידעמס, אַ לעב טאָן ביין רבי׳ן. דער פריהלינג פון דער נאַטור און דער פריהלינג פון מענשען פאַרערט דאָס זייניגע, אפילו אין רבי׳ס הויף.

# שמחת תורה אין רבי'ס הויף.

ביין בעלזער רבי פראוועט מען שמחת תורה כמעט מיט דערזעלבער איינפאכקייט אין דעמאקראטיזם, ווי ביי אלע יודען. חסידים רינגלען ארום דעם רבי'ן, פאטשען מיט די הענד, דער בעלזער שטעהט אין מיטען, טאנצט אליין און מאכט א ראד. דער דאוונען ציהט זיך ביז דריי, פיער נאך האלבען טאג. דעם רבי'ס תורה איז איצט פול מיט „גימטריאות*), מיט אנוויני־קונגען אויף דער גאולה.

מיט מעהר פייערליכקייט און צערעמאניע ווערט געפראַ־וועט „שמחת תורה אין טשארטקאוו, אמת, צו די הקפות, „הושענה רבא" ביי נאכט (ביי חסידים געהט מען מיט הקפות, אנשטאט שמיני עצרת ביי נאכט — הושענה רבא אין אבענד), איז די שטימונג נית קיין פרייליכע. דאס איז דערפאר, וואס „הושענה רבא" איז דעם אלטען רבי'ס, ר' דוד'לס, יאהרצייט, א סך חסידים זאגען די גאנצע נאכט תהילים ביין רבי'ס „ציון" (הענקמאל). דער „ציון" איז ארומגעהאנגען פון אינעווע־ניג מיט לעמפלאך. 8 א זייגער אין דער פריה קומט דער רבי אליין אויף זיין טאטענס קבר, ער זאגט תהילים און לעגט א קוויטעל. די ערשטע יאהרען נאכ'ן אלטענס „פטירה", פלעגט ער שטארק וויינען. איינס א זייגער איז דער „טיש". דער רבי זאגט תורה. די שטימונג איז נאך אלץ אן אומעטיגע, ביז סאמע „שמיני עצרת", פאר הקפות זאגט דער רבי אליין „אתה הראית".

*) גימטריאות — הייסט די קונץ אויסצופיהרען, אז איין ווארט מיינט דאס זעלבע, וואס דער אנדער ווארט, ווייל די אותיות, וואס האבען אין העברעאיש די בעדייטונג פון ציפער, גיבען אין דיביידע ווערטער דעמזעלבען סך תכל.

דעם פסוק „בעבור דוד עבדך אל תשב פני משיחך“, זאגט ער מיט בעזונדער דבקות, דריי מאל. דערמיט איז אנגעוואונקען די שייכות צווישען ר' דוד'ל און משיח'ן. ערשט נאכ'ן טיש ווערט לעבעדיגער. דער רבי געהט ארויס צום פענסטער, חסידים קלייבען זיך ארום און מאכען א „רקוד“, א טענצעל הייסט עס. דאס דויערט ביי א שעה. דער רבי וויגט זיך ארונטער פון פענסטער, ווינשעוועט די חסידים: „לשנה הבאה בירושלים“. אין אבענד לאזט מען זיך גרופענווייז אין שענק אריין נאך משקה. ווער עס האט דעם רבי'ס א „שמירה“ פארזעצט עס אין דריי מאל, אדער מאכט אן אקציאן אויף 5 מאל אזוי די ווערט. עס טרעפט אז מ'שטייגט אריין פאר דעם רבי'ס „מטבע“ ביז א רייניש און מעהר. ארום ניין א זייגער געהט דער עולם צום רבי'ן אויף קדוש. ער זאגט תורה, די שטימונג איז שוין פאלקאם א פרעהליכע. דער רבי זאגט נאך אמאל „אתה הראית“, מ'טראגט אריין אין קלויז שטוהלען. דער רבי זעצט זיך אין מיטען. ארום איהם די קינדער. מ'זינגט און מ'טאנצט. דער גבאי מאכט די נגידישע אורחים „מי שברך'ס“. זיי גיבען נדבות אויפ'ן קלויז. נאך האלבע נאכט פיהרט מען אב דעם רבי'ן אהיים. מיט א נגון, עקסטרא פאר „שמחת תורה“ געמאכט פון זיין כבוד וועגען. דער רבי קען זיך ניט שיידען מיט זיינע חסידים, ווידער געהט ער ארויס צום פענסטער, ווידער א ריקוד'ל, ווידער געזאנג און ווינשענעס. מ'לאזט זיך אהיים. אדער אין שענק קאמפאניעסווייז און מ'שכור'ט ביז אין טאג אריין.

# א חתונה אין רבי׳ס הויף.

**זעהר פריה טוט מען שדוכים אין רבי׳ס הויף. חתן־כלה** זענען אלט צו די תנאים ניט מעהר, ווי צעהן, צוועלף יאהר. דער שדוך גופא ווערט אבער בעשלאסען פריהער; ניט זעלטען, בשעת די קינדער זענען נאך אין די וויגען. ווי דער חתן, אזוי די כלה, נעהמען, נאטירליך, קיין שום אנטייל ניט אין זייער שדוך. דער שיקזאל פון דער קינפטיגער פאר פאלק ווערט בעשלאסען אהן זיי, פון טאטעס־מאמעס, מיט דער הילף פון די גבאים, משולחים, נאהענטע חסידים צום הויף. אזוי ווי אין די קעניגליכע הויפען, ווערן דא אויך שדוכים געשלאסען מיט דיפלאמאטישע חשבונות. דער טשארטקאווער הויף פערבינדט זיך אם מעהרסטען אין מחתונ׳שאפט מיט ר׳ נחום און ר׳ מאטע טשערנאבלער׳ס גזע פון רוסלאנד און מיט ר׳ מענדעל קאסעווער׳ס גזע פון וויזשניצע (גאליציען). דער בעלזער הויף איז אין אט דער הינזיכט טריי זיינע דעמאקראטישע פרינציפען, ער קנעפעלט זיך מיט קליינע ארימע רביים.

פון תנאים ביז דער חתונה געהט אוועק א זיבען אכט יאהר. אז חתן־כלה ווערען אלט 16-17 יאהר הויבט מען אן זיך גרייטען צו דער חתונה. צו 18 יאהר, ווי דער פסוק הייסט, פראוועט מען די חתונה. מיט א יאהר פריהער בעקומען חתן־כלה מתנות. דער חתן הויבט אן צו שרייבען „אהובי־ידידי“ בריוועלאך, — ניט חלילה צו דער כלה, — נאר צום מחותן. אין די בריוועלאך ווערט ארייגעפלאכטען חסידישע תורה, פערפאסט פון חתן׳ס מלמד, וואס איז אויך קאנדידאט אויף א גבאי, בשעת דער יונגער מאן בעקומט שפעטער א טראן און ווערט רבי. חתן־כלה זעהען זיך ניט ביז נאך דער חופה. דערפון קומען פאר אפט טראגעדיעס אין רבי׳ס הויף. גאר די לעצטע יאהרען איז פאר־

געקומען איז אט דער הינזיכט א רעוואָלוציע ביים משאַרטקאָוער רבי'ן. חוה'לע, זיין יונגסטע טאָכטער, האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז אויב זי וועט ניט זעהן דעם חתן, וועט זי ניט געהן צו דער חופה. דאָס האָט געמאַכט גרויס שטורם אין הויף. נאָר ווייל זי איז דעם רבי'ס ליבלינג, — האָט מען איהר צום טייל געמוזט נאָכגעבען. אָבער דאָס זעהענעס איז פאָרגעקומען גאָר אויף א מאָדנעם (ניט מאָדערנעם) שטייגער. אונגעפעהר א האַלב יאָהר פאַר דער חתונה האָבען זיך חתן־כלה צוזאַמען־געפאָהרען אויפ'ן וועג. ביידע צוגען, מיט וועלכע דער חתן און די כלה זענען געפאָהרען, האָבען זיך בעגעגענט אויף א סטאַנציע . די צוגען זענען געשטאַנען איינער אַנקעגען דעם אַנדערן, נאָר איינינגע מינוט. חתן און כלה זענען געשטאַנען אין די פענסטער, אזוי, אַז ניט קוקענדיג איינער דעם אַנדערן אין פּנים אריין, האָט מען דאָך געקענט כאַפּען איינער אויף דעם אַנדערן א בליק. דאָס איז געווען געגנוג.

א יאָהר פאַר דער חתונה ווערן ארויסגעשיקט איבער דער וועלט משולחים קלייבען געלד. די דאָזיגע עקסטרא משולחים דאַרף מען ניט פאַרמישען מיט די שטענדיגע משולחים, וואָס פאָהרען ארום צוזאַמענצונעהמען פאַר דעם רבי'ן „מעמדות" פון די חסידים — יעהרליכער שטייער, וואָס יעדערער פון די רייכערע חסידים נעהמט אויף זיך צו צאָהלען דעם רבי'ן. דאָס איז דער וויכטיגסטער טייל אין דעם רבי'ס בודזשעט. פאַראַן חסידים, וואָס פאָהרען קיין מאָל ניט צום רבי'ן, און „מעמדות" צאָהלען זיי. אַנדערע חסידים ווערדר פעלשען אָן דעם רבי'ן, קלויבען זיך אויס אַן אַנדערן, צו יענעם פאָהרען זיי, אין יענעם גלויבען זיי. אָבער דעם אַלטען רבי'ן צאָהלען זיי פונדעסטוועגען זיינע „מעמדות". דער עקסטרא־משולח קומט אין א שטאָדט, צי אין א שטעדטעל, פערפאָהרט ער געוועהנליך צו דעם סאַמע חשוב'ן חסיד פון יענעם אָרט. דער חסיד מאַכט אַן אסיפה. עס קומען אַלע חסידים פון שטאָדט, מ'מאַכט א וועטשערע לכבוד דעם רבי'ס צוקונפטיגע שמחה. מ'נעמט א ביסעל משקה. יעדער חסיד ווייס שוין צוליעב וואָס ער קומט, ער ברייננגט מיט זיך א געוויסע סומע געלד און ניט אָב דעם משולח אויף הוצאות

חתונה. דעם צעטעל פון די געזאמעלטע געלד שיקט מען אב דעם רבי'ן. א קאפיטע בלייבט, צוליעב קאנטראל־צוועקען, ביי די ארטיגע חסידים. פאראן שטעדט, אדער איינצעלנע גבירים, שענע יודען וואס ס'איז געוויס פאר זיי א בריוועל — שיקען זיי אליין אריין. אנדערע ווידער שיקען אהן א בריוועל דעם רבי'ן זייער חתונה־שטייער. אזוי ארום קלייבט זיך אויף ביים רבי'ן אויף חתונה־הוצאות א פופציג, זעכציג טויזענד גולדען. די חתונה קאסט געוועהנליך א צעהן־צוועלף טויזענד גולדען. דאס איבריגע בלייבט ביים רבי'ן.

צוויי וואכען גרייט מען זיך צו דער חתונה, אין רבי'ס הויף איז א יריד, מ'קאכט, מ'באקט, מ'פרעגעלט, מ'מאראנירט; עס זיצען טאג און נאכט שרייבער און מאכען צעטלאך פון סטאנציעס פאר די געסט. פאר'ן פארשפיל מאכט מען א סעודה פאר ארימע לייט. עס שפילען פאר זיי קלעזמער; די רעבעצין מיט די קינדער טיילען אליין, גיבען יעדען ארימאן א נדבה.

אויף מארגען מאכט מען א סעודה פאר „מקבלים" — אויך ארימע לייט אבער געהויבענע, אזעלכע וואס קענען לער־נען, אדער שטאמען פון יחוס, דא אויף דער סעודה פראוועט שוין דער רבי אליין טיש. די „מקבלים" קריגען נאטירליך א בעסערען חלק און א שענערע נדבה.

פאר'ן אלטען טשארטקאווער פלעגט מען מאכען נאך א דריטען טיש — ספעציעל פאר דער קריסטליכער אריסטאקרא־טיע, וואס זענען געווען גרויסע בעלנים צוצוזעהן א חתונה ביים רבי'ן. צום פארשפיל, וואס קומט פאר דעם פרייטאג פאר די אויפרופענעס, הויבען זיך אן קלייבען די ערשטע שוואלבען, די נעלאדענע חסידים פון קלענערען און מיטעלען ראנג. די „פער" פון די חסידים, ווי אויך די רביים, די רבנים און דעם רבי'ס משפחה, קומען צוויי טעג פאר דער חופה. אנטקעגען די גרעסע־רע רביים פאהרט דער רבי ארוים אליין מקבל פנים זיין זיי. די קלענערע רביים פאהרען איבערנעהמען — די קינדער. דער אנפאהר איז א גרויסער: עס קומען טויזענדער מענשען. דער רבי אליין „פראוועט" ניט. ער איז צופיעל פערנומען מיט דער שמחה. דערמיט בענוצען זיך די אנדערע רביים. פאר די פאר

טעג, ביז דער חופה, שארען זיי אריין א חיבש ביסעל „פדיונות", ווארום דאס הארץ ביי די חסידים איז דעמאלט מעהר אויפגעראמט; די האנד ברייטער. א סך חסידים פראווען ניט בלויז ביי זייער רבי'ן, נאר ווילען פערזוכען אויך אן אנדער רבי'ן. קיין קאנקורענץ, קיין קנאה, קיין שנאה איז דעמאלט ניטא צווישען די חסידים, די רביים. אלע פיהלט זיך פון איין גזע, פון איין שורש.

א טאג פאר דער חופה איז דער „חתן־מאל"*). דאס קומט פאר אין א „שאלאש" — א מין גרויסע קאזארמע ארומגע־שטעלט פון אינעווענינג מיט בענק. ווי אין א שוויצבאד. דער רבי (פון כלה'ס צד) קומט מקבל זיין דעם חתן. עס ווערט אויפ־געשפילט א מזל טוב. פריהער לכבוד די מחותנים. דאן לכבוד די רביים. פאר יעדען רבי'ן בעזונדער. מארשאליק און קלעזמער מאכען געלד. ענדליך פיהרט מען אריין די כלה. חתן־כלה נעה־מען זי ביי די הענד — ניט חלילה דירעקט איינער צום אנדערן, נאר דורך א טיכעלע. זי — ביי איין עק; ער ביי דעם אנדערן. חסידים געהען א קאראהאד. דאס זעלבע פאסירט ביי דער רביצין צום „נאכט־מאל".

עס קומט דער טאג פון דער חופה. אלע דעכער פון דעם רבי'ס הויף, און ארום, זענען שווארץ פון מענשען. אויפ'ן „הויף" גופא איז א שפילקענע קעפל ניט אריינצושלאגען. די חופה קומט פאר דינסטאג, אדער פרייטאג. עס ווערן אריינגע־שלאגען טיעף אין דער ערד פיער הויכע סלופעס, ווי טעלע־גראף־זיילען. אויבען ווערט אנגעצויגען די חופה. אין דער צייט פון דער חתונה איז אויפ'ן הויף ניט קיין מארק, נאר א יריד. אלע דריי טריט איז אנגעשטעלט: טישלאך, בענקלאך, אלמער־לאך מיט אלערליי ביליגע מאכלים, נאשערייען און געטרענק. פון צעהנדליגע שטעדטלאך און דערפער ארום קומען זיך צונויף יונגען און מוידען. אויף דער חתונה אין רבי'ס הויף ווערט נאך מיט וואכען פריהער געמאכט צוזאמענטרעפענעסען. דא ווערן פערקניפט ראמאנען, געשלאסען שדוכים, נאטירליך ניט פון

*) חתן־מאלצייט.

כשר'ע חסידישע קינדער. נאָר פון די פרייע פויגלאָך — קינ־דער פון „דעק".

די אָרדנונג ווערט אָבגעהיט פון מיליטער, ניט קיין אמת'ע, נאָר אויף צוכלומרשטע — חסידישע „מיליטער". צווי־שען די „יושבים" און די איבעריגע חסידים איז שוין פאראן ספעציאַליסטען, וואוילע יונגען, וואָס קענען שפּילען די ראָלע פון סאָלדאַטען, קאַפּראַלען און גענעראַלען. אין רבי'ס הויף איז שוין פאראן צוליעב דעם צוועק מונדירען, וואָס גיהען איבער בירושה פון דור צו דור. פאַפּירענע היטלען, טראַמפּייטען, פּאַהנעס, שטעקלאָך, — דאָס ווערט שוין בעשאַפען עקסטרא צו יעדער נייער חתונה. פאראן אינפאַנטעריע (פוס גיהער) און קאַוואַלעריע (פערד רייטער). זייער ראָלע איז, איבעריגענס, ניט אזוי א מיליטעריש - פּאָליצייאישע, ווי א קאָמיקער־לצים־ראָלע. זייער פליכט איז ניט אזוי אונטערהאַלטען אָרדנונג, ווי אונטער־האַלטען דעם עולם, א מין פּורים־שפּילער.

אויף אַמוזירען דעם עולם ווערן אַראָבגעבראַכט בראָדער קלעזמער, וואָס האָבען א נאָמען אין גאַליציען, מיט שמואל דעם קלעזמער אָן דער שפּיץ. שמואל דער קלעזמער איז א גרויסער מייסטער אויף אויספירען אַלערליי קונצען האַלטענדיג זיין פידעלע אויפ'ן פּלייצע. דער עיקר איז אָבער ירחמיאל דער מאַרשאַליק — אַן אַלטער חעלמער חסיד, וואָס האָט שוין חזקה אויף בדחנות אויף יעדער חתונה אין רבי'ס הויף. די בדחנות איז אויפגעקניפּעלט מיט תורה, מיט חסידות, מיט קבלה, אויף דעם איז א גרויסער מייסטער דער בעריהמטער אונגאַרישער בדחן גאָטליב, וועלכער ווערט אין גיהויבענע פאַלען אויך אַראָבגעבראַכט אין טשאַרטקאָוו, אָדער אין באָיאַן.

פאַר דער חופּה ווערט די כלה אריינגעפיהרט אין א בעזונ־דער חדר און דאָרט ווערט איהר אָבגעגאָלט די גאַנצע קאָפּ. חוה'לע, דעם טשאָרטקאָווער רבי'ס טאָכטער, כאָטש זי איז א דענקענדע און א ציוניסטקע, האָט זיך דאָך געלאָזען אָבשערן די האָר. גיהט זי אָבער אין אזא קונציגען שייטעל, אז איהר וועט אויף קיין פאַל ניט דערקענען, אז זי טראָגט פרעמדע האָר. דערפאַר האָט ארויסגעוויזען א גרויסען פּראָטעסט דעם בעל־

זער רבי׳ס שנור. כאטש זי איז פון א זעהר פרומע רבייאישע שטוב, אבער זי איז פון רוסלאנד, און האט מיט איהרע אויגען געזעהן די רוסישע רעוואלוציע. זי האט זיך בשום אופן ניט געוואלט שיידען מיט איהרע שענע לאנגע האר. האט גע׳חלש׳ט, געגוואלדעוועט, וועלטען איבערגעקעהרט. דער חתן און דער גאנצער עולם האבען געוואוסט וואס ס׳טוט זיך און האבען געווארט מיט שרעק. מ׳האט איהר כמעט מיט גוואלד, א גע־חלש׳טע, די האר אבגעשניטען. דערפאר איז זי באלד נאך דער חתונה אנטלאפען. די האר האט זי אבער פערלארען. דער חתן האט איהר, אפנים, ליעב געהאט. מ׳האט אנגעשטעלט מענשען. דער יונגער מאן איז געקומען איבערבעטען איהר. מ׳האט איהר צוגעזאגט „פריווילעגיעס" און „פרייהייטען" און איהר פער־זענליכע אויפפיהרונג. זי האט זיך געלאזט איבערבעטען און גע־קומען צוריק אין בעלז.

נאר לאמיר זיך אומקעהרען צו דער חופה.

די חופה אין רבי׳ס הויף איז ווי ביי אלע יודען. „מסדר קידושין" זיין איז מען מכבד דעם גרעסטען רבי. נאך דער חופה דערלאנגט מען די גילדערנע יוך. דאס איז א „כבוד" ספעציעל פאר די רביים. פאר די גילדערנע יוך ווארפט מען אין טעלער געלד: קרייצערס, קראנען, גולדענס, ווי ווער עס פערמעגט. דאס געהט פאר די קעבינס און סארוועס. נאך די גילדערנע יוך לאזט זיך דער עולם אין רבי׳ס סאלע. נאטירליך געהט ניט דער גאנצער עולם. נאר א פאר הונדערט מענשען, פון די מעהר געהויבענע חסידים. דער רבי טיילט אליין לעקאך, וויין, קלעז־מער שפילען, חסידים געהען א ריקוד׳ל. דערביי ווייזט יעדער ארוים זיינע קונצען. די רביים מיט די חסידים — צוזאמען. ראנג און יאהרען ווערן פארגעסען. אלץ קומט אריין אין „התפשטות הגשמיות": מ׳פיהלט ניט קיין גוף! דורכאוים — רוחניות, הימלישער תענוג...

גאנצע טעג געהט אוועק אין אזא צושטאנד. טאג און נאכט ווערט געשפילט, געטאנצט און געהוליעט. ביי נאכט ווערט דער הויף אילומינירט מיט „שטורקאצען", אנגעצונדענע אנע־

צעם־מיט סמאלע. יעדען טאג ווערט געשפילט און געטאנצט און עקסטרא ריקוד׳ל אונטער רבי׳ס פענסטער.

אזוי נעמט־דאס ביז פרייטאג צו נאכט. דער עולם איז מיד פון טענץ און הוליען. אין קלויז איז דעריבער צו „קבלת שבת“ און מעריב בלויז א פאר צעהנדליג פאראן. דער גרויסער עולם צושיט זיך אין קליינע מנינים. דערפאר געהען שבת פריה אלע אין קלויז. מ׳פיהרט די חתן־כלה אין שול. עליות טיילט מען נאר רבנים. מיט קידוש אבער איז מען מכבד אלע חסידים. דער רבי טיילט ווידער לעקאך און בראנפען. שבת צו מיטאג איז געלאדען צום רבי׳ן נאר די משפחה. דערפאר אבער הויבט זיך אן נאך דער הבדלה די שמחה גאר אויף א נייעם קאן, דער רבי טיילט ווידער לעקאך און בראנפען. עס ווערן ווידער געשפילט מזל־טוב׳ן לכבוד די חשובע געסט. דער בדחן, די קלעזמער ארבייטען אויף אלע כלים. די שטימונג איז — ברען. די וועלט איז הפקר. דער פרייז פון כבודים און מזל־טוב׳ן שטייגט ביז׳ן הימעל: א קראנע, א רייניש א סקריפ. די גאנצע נאכט שטורמט פון טענץ.

זונטאג ביי טאג רוהט מען אביסעל אב. זונטאג איז דער צענטער פון דער חתונה־הוליאניע. מ׳גרייט זיך שטארק צום אבענד, צו דער גרויסער וועטשערע. היינט קומט פאר אויך, אלס אויסנאם, פאר געהויבענע חסידים „פראוועגעס“ ביים רבי׳ן. חסידים גארען צו זעהן דעם רבי׳ן פנים אל פנים, און א פדיון ווארפט מען ניט ארויס... די וועטשערע קומט פאר אין „שאלאש“ — ווי געזאגט א לאנגע און א ברייטע געמויערטע געביידע. וואס זעהט אוים א גאנצען יאהר, ווי א סטאדאלע און שטעהט פוסט. איצט אבער, צו דער וועטשערע, ווימעלט דא מיט טויזענדער מענשען. אינעווייניג און ארום. ערטער ווערן דארט פארכאפט פון דער פריה, און די וואס האבען פארכאפט דעם פלאץ שטעהען אב אויף אזא נ׳אופן, ווארטענדיג אויף דער וועטשערע, 17-18 שעה אויף די פים. די וועטשערע איז דער צענטער, דער עיקר פון דער חתונה. און די דרשה־געשאנק איז דער עיקר פון דער וועטשערע. דרשה־געשאנק ווארפט מען פערשיידענע שטוב זאכען, זילבערנע און גילדערנע געפעס און

מזומן געלד — גאָלדענע רענדלאך. דאָס גערט אַלץ פאַר דער פאָר־פאָלק. דרשה־געשאַנק פאַלט אריין א שענע פאַר טויזענ־דער. דאָס איז זיי א בעפרידיגונג פאַר דעם קארגען גדן. ווארים גדן, איז א מנהג ביים רבי'ן צו געבען א קינד ניט מעהר פון צוויי טויזענד רובל. דאָס איז אין טשארטקאָוו. אין בעלז — נאָך ווייניגער.

פאר טאָג ערשט גערט ארויס דער רבי פון „שאַלאש“. גערט צו זיך אין חדר. דעמאָלט הויבט זיך אָן אויף'ם ניי טענץ און מוזיק. דער רבי ווארפט געלד. מ'דרעהט זיך אין קאראהאָדען — „עגול־טענץ“ אויף חסידישען לשון. „עגול בתוך עגול און צוויי־שען — עגולים, ס'הייסט א ראָד אין א ראָד און צווישען ווייטער־רעדער־טענץ. די בעריהמטע הוליאקעס ווייזען דאָ זייערע שטיק, זייערע קונצען. די התלהבות גרייכט צו דער העכסטער שטופע. געלד איז בלאָטע.

אכט—ניין אין דער פריה ווערט שוין שיטערער. דער עולם צו־פאהרט זיך. צו „שבע ברכות“ בלייבט שוין ניט קיינער. אחוץ די שטעדטעלדיגע באלעבאטים. זיי קומען אָבגעבען מזל טוב. דער רבי פערברענגט מיט זיינע שטעדטעלדיגע חסידים נאָך אויף דאָס ניי. מ'טאַנצט, מ'שפּיעלט, מ'הוליעט א גאַנצע נאַכט.

# דעם רבי׳ס „גוואַרדיע״ און דעם רבי׳ס סוויטע.

אזוי ווי אלע אמת׳ע, קעניגליכע, הויפען, האָט אויך דעם רבי׳ס הויף זיין „גוואַרדיע“ און דער רבי האָט זיין „סוויטע“. נאָר די „גוואַרדיע“ פונ׳ם רבי׳ס הויף, און דעם רבי׳ס „סוויטע“, בעשטעהט לחלוטין גאָר פון אנדערע מענשען, ניט אזעלכע, ווי איהר בעגעגענט, א שטייגער, אין די הויפען פון אמת׳ע קיסרים. דאָרטען, אין די הויפען פון אמת׳ע קיסרים, בעשטעהט די גוואַרדיע פון געזונטע יונגען מיט ברייטע ביינער, דעמביגע פים און הענד, און פון קאָפּ ביז די פים, גוטע אנדערהאלבען קלאַפּטער. די סוויטע־לייט — דאָס זענען די גרעסטע לייט פון דער מדינה, נאָהענטע קרובים צום הויף, דער שפּיץ פונ׳ם פּריי־צישען יחוס.

דעם רבי׳ס גוואַרדיע אבער — דאָס זענען די סאמע אויס־געווייקטע חסידים, ביטערע קבצנים — לאַפּסערדאַקעס, וואָס האָבען אויף זייער לעבען ניט געזעהן נאָהענט צו די אויגען אַן אמת׳ן ביקס און א שווערד. די פערד, אויף וועלכע זיי רייטען, זענען אַלטע, אויסגעמאטערטע קליאַטשעס פון אָרימע יודישע וואַסער־פיהרער. זייערע "קיווערס" און „שליפערס“— פון פאַפּירענע גאָלד: זייערע ביקסען — דער ווייבס קאַצערע, און שווערדען — פונקט דיזעלבע, וואָס זייערע זיהן די חדר־יונגלאַך, מאַכען זיך תשעה באב צו געהן מיט זיי אויף די קברים. מלחמה — ווייסען זיי, אז מ׳דאַרף פיהרען נאָר מיט׳ן שטן. דערצו איז די בעסטע געוועהר — דער בלאָז פונ׳ם „בעל תקיעה“.

מיט איין וואָרט: דעם רבי׳ס גוואַרדיע — דאָס זענען

די פרידליכסטע מענשען אויף דער וועלט. זיי זוערען געבראָכט ניט, חלילה, אויף א מלחמה, נאָר אויף א חתונה אין רבי'ס הויף. די „געוועהר" מיט די „מונדירען" טוען זיי אַן ניט צו שרעקען דעם עולם, נאָר, פערקעהרט, כדי צו מאכען איהם פרעהליך. דאָס איז א מין פורים־שפּילער קאוואַלעריע. און פרעהליך מאכען קענען זיי. וואָרום דאָס זענען, פון דער נאַטור, פרעהליכע קבצנים, לוסטיגע נפשות, וואָס קימערן זיך ווייניג וועגען היינט און נאָך ווייניגער וועגען מאָרגען.

וואָס אנבעלאַנגט דעם רבי'ס „סוויטע", איז, אויב זי האָט עפּעס עהנליכקייט צו א קעניגליכע סוויטע, איז סיידען צו דער סוויטע פון „דוד המלך", איידער ער איז „מלך" געוואָרען. ווי דער פּסוק זאָגט אויף איהם:

„ויתקבצו אליו," און עס האָבען זיך געקליבען צו איהם, כל איש מצוק, יעדער מאַן, וואָס האָט א שווערן געמיט, וכל איש אשר לו נושה, און יעדער מאַן, וואָס בעלי חובות קוועטשען איהם, וכל איש מר נפש און יעדער מאַן מיט א ביטער הארץ*)

אין דעם רבי'ס סוויטע קלייבען זיך אויף חסידים, וואָס לעבען אין דער היים אין געהאַקטע צרות. חסידים, וואָס האָבען א בייזע מערכה פאַר דער ווייב, אדער פערקעהרט, וואָס די ווייב האָט פאַר זיי א פינסטערע מערכה; חסידים, וואָס מוזען מאכען פליטה פון בעלי חובות; פּוילאַקעס, וואָס ווילען ניט הארעוועןן און געבען א ווייב מזונות; וואָס טויגען ניט צו גאָט און צו לייט; שנאָרערס און בטלנים, וואָס זענען גלאַט אויסען צו כאַפּען אַן אומזיסטען ביסען פונ'ם רבי'ס טיש.

צווישען אָט די סאָרטען מענשען אין רבי'ס הויף קריגט איהר אבער אויך גאָר אנדערע נאַטורען: מענשען מיט א „נשמה יתרה", מיט געבאָרענע טאַלאַנטען, וואָס זענען צו אָריגינעל, אַז זיי זאָלען זיך קענען צופּאַסען צום וואָכעדיגען לעבען פון א דורכשניטליכען מענשען. זייער נשמה זוכט עפּעס העכערס, שטאַרקערס, טיעפערס, צו וואָס זיי זאָלען זיך קענען אבגעבען מיט אַלע זייערע חושים. זיי זוכען בעגייסטערונג פאַר הויכע

*) שמואל א, קאַפּיטעל כ"ב, פּסוק ב'.

מחשבות, פאר גרויסע מעשים. און אט די בעגייסטערונג קענען זיי ערגעץ אנדערש ניט קריגען, ווי נאר ביים רבי'ן.

אין דעם רבי'נס „סוויטע" געפינען זיך העכסט קאמישע נאטורען: לצים, געניאלע שווינדלער, פרייע פויגעלאך, וואס פאר זיי איז צו נידריג די ברויט־האוועכעס פון א פשוט'ן בשר ודם; זיי זענען אבער צו אינטעליגענט צו ווערען קאטערינקע־שיקעס, קארטענוואראפערס און מזל־טרעפערס. איהר געפינט דארטען מעשיות־דערציילער, וויצען־ און ווערטלעך־זאגער, האפקע־שפרינגער, נגונים־און־ליעדלאך פערפאסער. דא, אין רבי'ס הויף, איז דער ערשטער קוואל פון דער יודישער פאלקס־מעשה און, ניט זעלטען, פונ'ם יודישען פאלקס־ליעד. צווישען די פערקריפעלטע נשמות, געפינען זיך דא הויכע און שטארקע פאעטישע נשמות — די טרייע זאמלער און בעהאלטער פון דער יודישער לעגענדע פאר די לעצטע פאר הונדערט יאהר.

אין אט דעם פילפארביגען מישמאש פון דעם רבינ'ס סוויטע, קענט איהר אויך געפינען העכסט דראמאטישע נאטורען. דאס זענען צובראכענע נשמות, וואס האבען דורכגעמאכט אין זייער לעבען אדער אין זייער אינערליכער וועלט א מורא'דיגען חורבן. זייער שיף איז צעבראכען געווארען אין שטורם פונ'ם לעבען און זיי האבען זיך געראטעוועט נאר אויף א קליין שפענדעל. און אויף דער שפענדעל האלטען זיי זיך, אויסגעטאן פון אלץ, וואס בילדען ביי די ארומיגע מענשען דעם אינהאלט פון לעבען.

אט אזוי איז פול דעם רבי'ס הויף מיט אלערליי ברואים, קאמישע און טראגישע נפשות, הויכע, נידעריגע, פערקריפעלטע און בעגאבטע נשמות. דאס אלץ איז פערפלאנטערט צוזאמען, דרעהט זיך צוזאמען אין דעם לאנגזאמען אלטפרענקישען לעבען פונ'ם רבי'ס הויף. מיר וועלען פרובען אייניגע פון זיי ארויס־נעהמען פונ'ם אלגעמיינעם פלאנטער און שטעלען זיי פאר'ן לעזער אין זייער ניט צוגעפארבטער, פשוטער ווירקליכקייט.

# דער „יאפּאַנטשיק״.

פאַר וואָס מ׳רופט איהם „יאפּאַנטשיק״ איז שווער צו זאָ־
גען. די איינציגע עהנליכקייט זיינע מיט א יאפּאַנעזער איז פּי־
ליכט דאָס, וואָס ער איז א קורצינקער, א דאַרינקער. אָבער ניט
מעהר. אין אַלע איבריגע זאַכען איז ער א טיפּ פאַר זיך, וואָס
האָט אין פּאָקלסטימליכען יודישען טיפּען־לעקסיקאָן, א ספּע־
ציעלען נאָמען: דער „שרעטעלע״.

און באמת דרעהט ער זיך אום אין הויף עפּעס, ווי א ווירק־
ליכער „קליין מענשעלע״, וואָס פּלאָנטערט זיך ארום די פיס
פון גרויסע. יעדערער פיהלט, אז עפּעס פּלאָנטערט זיך ארום זיי־
נע פיס. נאָר ער קען עס ניט אבשטופּען, ניט מיידען. נאָך מעהר:
ער פיהלט, אז דאָס איז נויטיג, דאָס געהערט צום אַלגעמיינעם
„רומיל״ פון׳ם רבינ׳ס הויף, פון׳ם רבינ׳ס טיש.

און נאָך בעסער פון אַלעמען פיהלט דאָס טאַקע ער, דער
„יאפּאַנטשיק״ אַליין. ער איז שוין אַלט א יאָהר 90. האָט מעהר
ניט ווי איין אויג. פונדעסטוועגען לויפט ער פלינק, ווי א שרע־
טעלע. מ׳ברויכט איהם אין הויף אויף קליינע לייכטע שליחות.
תמיד לויפט ער, שווימט מיט זיין בלעכענער לולקע, וואָס ער
טראָגט אַלע טאָג צינקען צום בלעכער. אויף עברי איז ער זעהר
האַרט. — קען קוים דאַווענען. דאָך — קדיש געהט ביי איהם ווי
א מזמור. דערפאַר איז ער טאַקע אַן אייביגער קדיש־זאָגער.
נאָך אַלע נפטרים אין שטעדטעל, וואָס האָבען ניט געלאָזען נאָך
זיך קיין אייגענעם קדיש. פאַר די הויף־קינדער דינט דער „יאַ־
פּאַנטשיק״ פאַר א „ליאַלקע״. זיי פּראָוועז מיט איהם זייערע
קונדיסים־שטיק. נאָר איהם אַרט דאָס ניט. דער „יאפּאַנטשיק״
איז בכלל א גוטער ברודער מיט די ארימע, אָבגעריסענע
חסידים־לאַפּסערדאַקעס. כאַטש אין קאָפּ האָט ער ניט מעהר

זוי איין אויג און דאס נאר — די לינקע. ארבייט ער אבער מיט דער איין לינקער, בעסער ווי מיט דריי רעכטע, ווען דער שמש טראָגט ביין טיש פארנאנדער די געריכטען. גראָד דעמאָלט, ווען דער שמש האלט שוין ביי איבערגעבען א פעטען חלק זיינעם א צד, א רייכען חסיד, וואס האָט זיך איהם, פריהער, טאקע מיט דער כונה צו בעקומען א פעטערן חלק, „געלאָזט זיך דערקענען", וואקסט דער „יאפּאַנטשיק" פּלוצלונג, ווי פון דער ערד ארויס, פּונקט אונטער דעם טעלער און — ביי איהם אין קעשענע ליגען שוין צוויי חלקים פון די שענסטע און די בעסטע. איינעם האלט ער אין מויל און מיט דעם צווייטען איז ער, מעשה גוטער ברודער, מכבד א פּאָר לאַפּסערדאקעס, זיינע שכנים פון ביידע זייטען אויף דער עק באַנק, וואס ער פארנעהמט ביין טיש.

פון וואנען דער „יאפּאַנטשיק" איז געקומען ווייס מען ניט אַקוראַט. נאָר מ'זאָגט, ער איז פון רוסלאַנד, פון וואָהלין ערגעץ. געווען א מאָל א בעל עגלה, געהאַט אן אייגען בויד מיט א פּאָר „לייבען" און געפיהרט א ראלע צווישען די בעלי עגלות פון זיין געגענד. נאָר פּלוצלונג איז פארגעקומען אין זיין לעבען עפּעס א „שטורם" דורך וועלכען ער האָט פארלאָרען די גאַנצע שיף פון זיין לעבען, צוזאמען מיט דער רעכטער אויג. און האָט זיך געראַטעוועט אהער אויף א שפּענדעל, אין רבי'ס הויף, וואס איז אַן „ערי מקלט" פאר צעהנדליגע שיפבּרוך־געליטענע, פערוואָגעלטע עלענדע נפשות, אזוי ווי ער.

# לייזער פּאַנפּאַטש.

לייזער „פּאַנפּאַטש“ איז ניט פון די שטענדיגע „יושבים“ אין רבי'ס הויף. ער איז פון די „ווינטער־פויגלאך“. קומט צו די ערשטע סליחות און ווערט ניט צו „בעור חמץ“. פון וואנען ער קומט און וואוהין ער ווערט נעלם ווייס מען ניט. נאָר פונקט צו די ערשטע סליחות איז ער דאַ, אזוי ווי די שוואלב, ווי דער בושעל קומט צופליהען מיט'ן ערשטען פריהלינגס־ווינ־טעל. אזוי איז שוין יאָהר איין, יאָהר אויס. אָהן לייזער פּאַנ־פּאַטש וואלטען די ערשטע סליחות אין רבי'ס קלויז ניט געהאַט דעם טעם פון די ערשטע־סליחות...

„פּאַנפּאַטש“ רופט מען לייזער'ן, ווייל ער רעדט אונטער'ן נאָז. און ער רעדט ניט פשוט אונטער'ן נאָז, נאָר מאַכט בשעת מעשה מיט'ן נאָז משונה'דיגע אוואיעס, קרימענדיג דערביי אויך מיט די ליפּען.

מ'קען ניט זאָגען, אז אזא בריאה איז צווישען די איבריגע „יושבים“ שטאַרק אַנגענומען. דעריבער זעהט מען איהם טאקע ניט זיצען אויף איין אָרט: ער דרעהט זיך אום, ווי אַ שאָטען, און האָט ערגעץ קיין תקומה ניט. קומען, איינענטליך, קומט ער ניט לכתחילה אויף'ן גאַנצען ווינטער: ער קומט נאָר צו די ערשטע סליחות. אזוי ווי די סליחות ציהען זיך אָבער ביז'ן סאַמע יום כפור, מוז ער שוין בלייבען „ימים נוראים“ אויך ביים רבי'ן. דאָס איז אזוי, וואס פערשטעהט זיך אליין. נאך „יום כפור“ איז דאך באַלד סוכות. לוינט שוין ניט אהיים צו געהן... און וואו קען מען קריגען אין דער היים אזא אתרוג, אזא לולב, ווי ביים רבי'ן?... און צו דער שמחת תורה'דיגער האַפּקע איז קיין חסית ניט איבעריג...

פון „שמחת תורה“ צו ג' חשון איז דאך ממש מיט'ן האַנד

צו דערלאנגען. און ג׳ חשוון איז דאך דעם ריזשינער׳ס יאהר־צייט... היינט ווי געהט מען אוועק?... גע׳פטר׳ט „דעם ריזשי־נער׳ס" יאהרצייט איז שוין באלד דעם „מגיד׳ס" יאהרצייט... י"ט כסלו... א שפאס י״ט כסלו...

און דא איז שוין „שבת חנוכה"... און נאך „שבת חנוכה" איז דאך שוין ניט גאר ווייט פורים... אמת, ניט גאר נאהענט אויך... נאר ס׳מאכט ניט אויס. דערווייל קען מען זיך לאזען אין דער סביבה קלייבען נדבות...

פון פורים ביז פסח איז אין רבי׳ס הויף דער יאריד מיט די שמורה. דא איז אזא נפש, ווי „פאנפאטש" אויך א נויטיגע האנד. אמת, ביי איהם ארבייטען דאן אויך ניט אזוי די הענד. ווי דער נאז מיט די ליפען. נאר אין טומעל פיהלט זיך לייזער „פאנפאטש" פאר א נויטיגען מענשען. און ער וואלט האלטען ממש פאר א זינד געגען דעם רבי׳ן, ער זאל אין אזא קאכעדי־גער צייט נעהמען אין מיטען און אוועק.

דערפאר אבער, ווי לייזער „פאנפאטש" זעהט נאר, ווי דער רבי נעהמט די הילצערנע לעפעל און געהט „מבער חמץ" זיין, פערשטעהט ער, אז דא העלפט קיין תירוצים ניט. דא געהט שוין מעהר ניט אן קיין „נדחה".

און לייזער „פאנפאטש" ווערט ניט.

מ׳קען ניט זאגען, אז אימיצער אין רבי׳ס הויף זאל שטארק בענקען נאך לייזער „פאנפאטש". דאך איין נפש איז דא אין טשארטקאוו וואס פיהלט, אז ער פעהלט איהר. דאס איז הער־צעל׳ס בלאהע מויד. ווארים כאטש זי איז א „פאבריקאנטקע" (זי מאכט „סינקע". אט די פראדוקציאן האט זי איבערגענומען בירושה פון איהר טאטען הערצעלען עליו השלום, וואס איז אויך געווען פון די יושבים ביים רבי׳ן. פון די סינקע איז הערצעל און זיין גאנצע געזינד תמיד אומגעגאנגען מיט בלאהע פנים׳ער און הענד. דערפון שטאמט אויך איהר צונעמענעס די „בלאהע מויד". א צונעמענעס, וואס שטימט מיט דער ווירקליכער פיזי־אנאמיע פון הערצעל׳ס טאכטער.) כאטש זי הערצעל׳ס בלאהע מויד, זאג איך, איז געווען א „פאבריקאנטקע". נאר דער ארטי־קעל, וואס זי האט פאבריצירט, איז געווען פון אזא מין, אז ווען

ניט אזעלכע אורחים, ווי לייזער „פּאַנפּאַטש". וואָס האָבען גע־
האַלטען ביי איהר אכסניא, וואָלט איהר געווים געפעהלט א
רעכטער חלק פון איהר בודזשעט. ד. ה. פשוט זי וואָלט ניט האָ־
בען מיט וואָס צו בעצאָהלען פאר דירה.

# דער „שווייגער".

דער „שותק" — אויף יודיש: דער שווייגער, איז איינער פון די אָריגינעלסטע און מערקווירדיגסטע טיפּען אין די חסידי־שע הויפען. דאָס איז אַ מענש, וואָס טראָגט אַ טיעפע טראַגעדיע אין זיין נשמה. עפּעס איז פאָרגעקומען אַ שטורם אין זיין אויס־ערליכען לעבען, וואָס האָט ארויסגערופען אַ רעוואָלוציע אין זיין אינערליכער וועלט. פון אָט דעם מאָמענט אָן איז ער ניט דער וואָס געוועזען. אַ נייער מענש איז ער געוואָרען. אַ נייע וועלט האָט ער דערזעהן. און די אַלטע מענשען פון דער אַלטער וועלט פּאַסען זיך ניט מעהר צו איהם. זייערע אינטערעסען, זייערע האוועגעס, זייערע נארישקייטען זענען איהם פרעמד געוואָרען. ער מוז האָבען אַ נייע אויסערליכע וועלט, וואָס זאָל שטימען מיט זיין ניי געבאָרענער אינערליכער וועלט. צו בויען אָט די נייע וועלט האָט ער ניט די קרעפטען. צו לעבען אין דער אַלטער איז איהם אונמעגליך. ווען ער זאָל די גראָשענע מענשען ארום איהם אָבשטעלען אין זייערע גראָשענע האוועגעס און דערצעהלען, וואָס ער פיהלט אין זיין נייער וועלט, וועלען איהם די מענשען פאַר אַ משוגענעם האַלטען. ער איז אָבער צו ערנסט, צו דענקענד, צו שטאָלץ איז ער מיט זיין נייער וועלט, אום צו ערלויבען די נארישע מענשען, זיי זאָלען זיך איבער איהם לוס־טיג מאַכען. אוועק פון זיי אין דער איינזאַמקייט — קען ער ניט און וויל ניט. זענען זיי דען שולדיג, וואָס זיי לעבען אין דער פינסטער? קען ער האַסען די וועלט, פאַר וואָס זי איז בלינד, פאַר וואָס זי זעהט ניט דאָס ליכט, וואָס איז אויפגעגאַנגען אין זיין נשמה?

בלייבט ער צווישען די מענשען פון דער אַלטער, פאַר איהם אָבגעשטאָרבענער, וועלט. ער לעבט אָבער דאָך ניט צווישען זיי.

א „מחיצה“, א שייד־וואנד, האט ער זיך געמאכט צווישן זיי און איהם. ער לעבט צווישן זיי, אבער אין זיין בעזונדער וועלט. ער זעהט זיי און זיי זעהען איהם און קענען צו איהם נאהענט ניט צו געהן. און דעריבער קענען זיי איהם ניט שאדען.

די „מחיצה“, וואס טיילט איהם אב פון דער וועלט איז דער צונג. ריכטיגער — ד א ס ש ו ו י י ג ע ן.

שווייגען — דאס איז די בעסטע געוועהר פאר א דענקענדען מענשען צו פערטיידיגען זיך געגען דעם אנדראנג פון דער מענגע, צו האלטען ריין די נשמה פון דער וועלטליכער שמוץ. פאר דעם שווייגער איז די אויסערליכע וועלט אפען. ער זעהט און הערט אלע מענשליכע נארישקייטען, ווייל זיי ר י י ד ע ן. פאר זיי אבער איז זיין אינערליכע וועלט פערשטעלט. זיי קענען בשום אופן אהין ניט אריינדרינגען, קענען ניט פערשוועכען זיין „קדשי־קדשים“. ווייל ער ש ו ו י י ג ט.

מענשען קוקען אויף דעם שווייגער, פון אנהויב מיט א שמייכעל; האלטען איהם פאר א „שגעון“. ער האט דאך פאר זיי א גרויסע מעלה. ער בעליידיגט ניט קיינעם פון זיי, זאגט זיי קיין דעה ניט, זאגט ווי מיט ווערטער: מיין וועלט איז א שענערע פאר אייערער. דאך קענען מיר לעבען צוזאמען, לעבענדיג א יעדער אויף זיין שטויגער.

און דערמיט טאקע, וואס דער ש ו ו י י ג ע ר ווערט ניט ברוגז אויף דער וועלט, געהט ניט אוועק פון איהר, רייסט זיך ניט אריין מיט גוואלד אין דעם צווייטענס נשמה, גריבעלט זיך ניט אין דעם חבר'ס געוויסען, בעלעסטיגט ניט און בעליידיגט ניט קיינעם, ווערט ער ענדליך אלעמען נאהענט, א סך נעהענטער, ווי ווען ער וואלט גערעדט. און טייער ווערט ער אלעמען. און די בעסערע און די איידעלערע פון זיין סביבה הויבען איהם אן צו פערשטעהן. און דער „שותק“ ווירקט אפט מיט זיין שווייגען א סך מעהר, ווי דער גרעסטער „בעל דרשן“ מיט זיין ריידען.

# „מיט נחת".

„מיט נחת" געהערט אויף צו די „ווינטער־פויגלאך", אייגענטליך — הערבסט־פויגלאך", אין דעם רבי'ס הויף. אזוי ווי לייזער „פאנפאטש" קומט ער אן צו די ערשטע סליחות. אבער זיין „סעזאן" איז א סך א קירצערער. ג' חשון (דעם ריזשינער'ס יאהרצייט איז זיין לעצטער טערמין. ער וואַרט ניט ביז „בעור חמץ"... ניט ווי לייזער „פאנפאטש", האט ער א בעשטימטען מקום. מ'ווייס פון וואנען ער קומט. ער קומט פון קראקא. און אין קראקא געהט ער צוריק אוועק.

דאס הייסט אבער ניט, אז „מיט נחת" פערלעבט דעם גאנצען יאהר אין קראקא. דאס גראד ניט. דעם גאנצען יאהר פאהרט ער אום איבער די חסידים און גלאט איבער דער וועלט — „מקבל זיין"...

„מיט נחת" איז א לופטיגער אידעל. זומער און ווינטער געהט ער גלייך אנגעטאן, ד. ה. נאקעט. דאס קימערט איהם אבער גאר ניט. ער איז תמיד ווארם, תמיד פרעהלאך, לעבעדיג.

זיין ראלע אין רבי'ס הויף איז א העכסט וויכטיגע. גאר ניט גלייך צו דער ראלע פון א לייזער „פאנפאטש". זיין עובדא, א שטויגער, איז לייכטען דעם רבי'ן מיט ליכט בשעת ער, דער רבי, געהט צום מעריב־דאווענען; העלפען די „זיהן" אנטאן דעם טולופ. דאס איז, אזוי צו זאגען, ביי־זאכען. דאס איז, זיין וואכעדיגע עובדא. ער האט אבער נאך ראלעם — א סך, א סך וויכטיגערע.

ערשטענס איז ער דעם רבי'ס לץ... „מיט נחת" ווייס, פיהלט, ווען דער רבי איז פער'עצב'עט. דאן גיט ער א שפרונג־צו מיט א לצנות. דער רבי גיט א לאך. „מיט נחת" דארף מעהר ניט. ער איז גליקליך. ער האט זיין הייליגע אויפגאבע דערפילט.

דערמיט אָבער בעשרענקט זיך נאָך אַלץ ניט „מיט נחת" ראַלע. זיין הויפּט־טאַלאַנט ווייזט זיך אַרויס ערשט „שמחת תורה" ביי די טענץ און, נאָך מעהר, בשעת א חתונה ביים רבי'ן. דאָ איז זיין וועלט. ער איז דיריזשאָר. עסט ניט, טרינקט ניט, האַוועט, מאַכט מיט די הענד, טומעלט און האַלט אין איין אונ־טערגעבען „פּאַרע", האַלט אין שרייען: „מיט נחת!". „מיט נחת!".

דערפון נעהמט זיך זיין נאָמען: „מיט נחת"...

אין דער קייט, וואָס בילדעט דעם רבי'ס סוויטע איז ער, „מיט נחת", איינער פון די וויכטיגסטע רינגעלאַך. און דערי־בער איז שווער זיך פאַרצושטעלען דעם רבינ'ס הויף אין זיין פולען גלאַנץ אָהן איהם, אָהן „מיט נחת'ן"...

# דער „תענוג".

זיין איינגענטליכער נאמען איז יצחק ווײדעל. דאס הייסט „ווײדעל" איז דער צונעמענעס. ער האט אבער נאך א צונעמע־נעס: דער „תענוג". און דער איז דער עיקר. געוועהנליך זאגט מען ניט פשוט: דער „תענוג". נאר מ'גיט צו: ווײדעל דער טיפוש, ער האט פון אלץ תענוג. ער שטעהט אויף און גיסט אב נעגעלוואסער, האט ער דאך באלד טאקע א מצוה געפאקט און א גליקליכער שמייכעל שיינט אויף זיין פנים. ער האט תענוג. אבגעגאסען נעגעל־וואסער — זאגט ער ברכה — ווידער א מצוה, ווייטער תענוג. געשטעלט זיך דאווענען, לויבען דעם בורא, איז ער פול מיט תענוג. גענומען עפעס אין מויל, א ברכה פון פארענט, בענשען פון הינטען — א תענוג.

א בחור'ל האט ער געהאט. בעניע האט ער געהייסען. א טאקאר איז ער געווען. האט ער דעם זוהן אין ארץ ישראל אוועק־געשיקט. האט ער זיך ממש דערפון געפרעגעלט אין תענוג. דער־נאך האט ער דעם בחור דארט, אין ארץ ישראל, פארשלייערט פאר אן אלטער אלמנה — ווידער תענוג. דערנאך איז געשטאר־בען — ניט די יונג־ווייבעל, ס'הייסט די אלטע אלמנה, נאר דוקא דער יונגער מאן, זיין זוהן אין ארץ ישראל. איז דאך צו־געקומען א קדיש. ווייטער תענוג...

ווער איהר דאך פרעגען: פאר וואס איז ער אליין ניט גע־פאהרען אין ארץ ישראל? וואלט ער דאך ממש געשוואומען אין תענוגים. איז אויף דעם פאראן א תירוץ און א וויכטיגער. דא אין חוץ לארץ, האט ער געהאט א קוואל פון תענוגים, וואס אין ארץ ישראל, וואלט ער איהם פערלארען.

די מעשה איז, וואס „ווײדעל" איז געווען א יאהרינגער משניות־לערנער און קדיש־זאגער נאך „נפטרים". די צאהל פון

די „נפטרים", וואס ער האט געדארפט נאך זיי קדיש זאגען און א פרק משניות לערנען איז געווען אזוי גרויס, אז דער לעננ־סטער זומערדינער טאג איז פאר איהם צו קורץ געווען און ער פלעגט שטענדיג דערבארגען א שטיק פון דער נאכט. דערפון האט ער זיך, פון אויפהויבען זיך פון בעט ביז שלאפען לעגען זיך, נאכאנאנד געבאדען אין תענוג. אין ארץ ישראל, אבער, ווי אלע ווייסען, איז דא א סך מעהר אזוינע בטלנים, ווי „נפטרים". דערפון איז דארט אויף משניות לערנען און קדיש זאגען א מורא'דיגע קאנקורענץ. דעם „תענוג" וואלט אנקומען תענוג „אויפ'ן שפיץ מעסער". דעריבער האט ער מאקע אהין, אין ארץ ישראל, געשיקט בעסער זיין זוהן און אליין, איז ער פארזיכטיג געבליבען אין „חוץ לארץ."

דאך, עס וואלט געווען אן אונרעכט געגען „תעניג'ן", ווען מיר וואלטען זאגען, אז דאס איז געווען די איינציגע סבה פון זיין ניט פאהרען קיין ארץ ישראל. דערצו איז געווען איי־גענטליך נאך א סבה און, ניט ווייניגער, א וויכטיגע. די סבה איז געווען זיין ווייב, וואס האט איהם מפרנס געווען אויף דער העלפט (די אנדער העלפט האט ער געהאט פון א קנעלונג, וואס איז פאר איהם גראד געווען א קנאפער תענוג). די ווייב זיינע איז געווען א קעכין ביין רבי'ן. פלעגט זי איהם אריינברייננען א פאר רייניש א חודש און דערצו, גאנץ אפט, אונטערוואריפען א גוטען ביסען.

דאס אלץ מאכט „תענוג'ן" אזוי פיעל תענוג, אז ער זעהט אויס א יונגער באלעבעסעל פון א יאהר 30, כאטש ער איז שוין פאר א יאהרען געווען א „בן ששים." און וואס א יאהר ווערט ער אלץ יינגער און שענער. אין הויף האט ער זיינע ספעציעלע עובדא'ס. ערשטענס, איז ער, ווי געזאגט, א יאהריגער משניות־לערנער און קדיש־זאגער. צווייטענס האלט ער פאר זיין הייליגען חוב צו לערנען אלע יודען „יראת־שמים". מעג זיין א יוד מיט א בארד, לענגער און ברייטער און גראהער פון זיין בארד. דריי־טענס דאווענט ער אין מיטען וואך „במקום חזן". פערטענס איז ער א יאהריגער חנוכה־ליכט בענטשער ביים רבי'ן אין קלויז.

פאר'ן טשארטקאווער" האט „תענוג" גרויס דרך ארץ

און מורא. ער גלויבט, אז ניט בלויז, „ער זאָל לעבען" אליין איז א גרויסער קדוש און ווייס וואָס טוט זיך אין אלע זיבען הימלען און ביי דעם מענשען אונטער דעם מינדסטען נאָגעל; ער גלויבט אויך, אז אפילו דעם רבי'ס אייניקעל קען זעהן דורך א גראָבע וואנד, און דעם רבינ'ס פערד איז פול מיט קדושה....

די לעצטע צייט איז „תענוג'ן" צוגעקומען א ספּעציעלע עובדא. מ'האָט איהם איבערגעגעבען דעם שליסעלע פון עמוד, וואו עס ליגען בעהאלטען דעם רבינ'ס טלית, סדור, מחזור און סליחה. ווי ער קומט אין קלויז אריין, אזוי שליסט ער אָב מיט'ן שליסעלע דעם עמוד, לעגט ארויס דעם חזן'ס היילינע קליפּער־געצייג און געהט אוועק צוריק אויף זיין פּלאץ פול מיט תענוג פון דעם שטאָלצען בעוואוסטזיין, אז ער פאַר־נעהמט אין הויף, צווישען די יושבים, גאר א געהויבענעם ארט.

# שלום שכור.

שלום שכור איז א שמש אין בעלזער קלויז. אמאָל איז ער געווען א פעל־הענדלער. א רייכער באַלעבאָס. האָט געהאַט א ווייב און קינדער. נאָר האָט זיך שוין לאַנג צוקריגט מיט דער פאַמיליע, דערפאַר וואָס זיי זענען „גויים". מ'האָט איהם ארויס־געטריבען, צי ער איז אליין אוועק צום רבי'ן און איצט איז ער דאָרט געבליבען.

זיין ספּעציעלע אויפגאַבע אין רבי'ס הויף איז צו זיין א יאָהרצייט־האַלטער. ד. ה. ער דאַרף געדענקען די יאָהרצייטען פון די געשטאָרבענע געהויבענע חסידים און שטעלען פאַר זייער נשמה א ליכט. דאָס גיט איהם אן אויסרייד צו קלייבען איבער'ן שטעדטעל א גאַנצען טאָג ליכט.

מיט א פּאָר יאָהר צוריק האָט ער געפּראַוועט זיין „בר־מצוה". ס'הייסט דעם 83־טען יאָהר אָדער דעם 13־טען יאָהר אריבער די 70. ווייל נאָך 70 זענען די יאָהרען „געשענקטע" און דער מענש ווערט אויף דאָס ניי געבאָרען.

שלום שכור האָט ליב צו דערצעהלען פון דעם אַלטען קאָ־מאַרנער רבי'ן, פון וועלכען ער האָט געהאַלטען מעהר ווי פון אַלע רביים. צום קאָמערנער איז ער געווען א גרויסער מקורב. פלעגט אָפּט פאַר איהם די הארץ אויסגיסען, וואָס דער דור איז קאַליע געוואָרען. דערצעהלט די מעשה שטענדיג מיט איין נוסח. הויבט אָן געוועהנליך: „ניט דאָס איז דער עיקר, וואָס עס זאָגט דאָס „שלום שכור". דער עיקר הייסט דאָס, וואָס די מעשה איז אמת.

„ניטאָ דער קאָמאַרנער, אוי, אוי, אוי, ניטאָ!... טענה'ט שלום שכור שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ. כ'פלעג קומען צו עם, צום קאָ־מאַרנער, פלעגען מיר ביידע דערמאָהנען אַמאָליגע יאָהרען. וואו

זענען אמאליגע קינדער? פלעג איך טענה'ן? וואו? הא? נימא אמאליגע קינדער! איך בין זא בעהעלפער געווען, פלעג די קינ־דער אין חדר ארייגפיהרען. פיהרענדיג זיי אין חדר, פון חדר, פלעג איך זיי אריינפיהרען אין שול. צוזעצט די קינדער אויף א באנק. דער חזן מאכט א ברכה ־די קינדער ענטפערען „ברוך הוא וברוך שמיה!" „אמן!" דאס הארץ האט געקוואלען. ס'האט געזונגען, געקלונגען, ביז צו גאט געהילכט. היינט קום איך אריין אין די הייזער. טו א קוק אויף היינטיגע קינדער. אוי, אוי, אוי... ניט קיין ברכה, ניט קיין דאוונען, ניט קיין „ברוך הוא וברוך שמיה". ניט קיין „אמן". — די ווייבער — אין אייגענע האר ווי מכשפות. די קינדער, ווי נאר פון בעט, גלייך צו די ביכלאך, אין די שקאלעס. אוי, אוי, אוי...

„איך רייד און מסתמא וויינט זיך דערביי. אבער ער, דער קאמארנער, פלעגט נאר זאגען: שלום! הערסט! עס דארף אזוי זיין... און פלעגט אליין ארויסלאזען א טרעהר".

שלום האט שוין אייגענטליך, לאנג אליין שלום געמאכט מיט'ן געדאנק, אז עס „דארף אזוי זיין". און דערצעהלט די מעשה איצט מעהר צוליעב דעם, כדי צו ווייזען, אז ער איז ניט אבי ווער, אז ער איז געווען א מקורב צום קאמארנעם זכרונו לברכה. אבער די ווייסע חברה, כמעט די איינציגע צוהערער פון זיינע מעשיות, האלטען ניט שטארק פון דעם יחוס, און זענען איהם אפט מכבד מיט „קדשים קלים", ס'הייסט מיט אויפגע־לעגטע האנדטיכער. ער האט אויף זיי קיין פאראיבעל נים. שא־קעלט נאר מיט'ן קאפ און זיפצט: אוי היינטיגע קינדער...

# דער בעל תשובה.

דער „בעל תשובה" איז איינער פון די מערקווירדיגסטע טיפען אין רבינ'ס הויף. ער איז בכלל א טיעף־פסיכאלאגישער און א העכסט דראמאטישער טיפ פונ'ם יודישען לעבען.

אין דער מענשליכער געזעלשאפט זענען פאראן פערשיי־דענע נאטורען. קאמישע און טראגישע העלדען זענען ניט בלויז אויף דער סצענע. זיי זענען אויך אין לעבען דא. פאראן אויך פערברעבערישע און אידעאלע נאטורען. פאראן גאנצע, ווי פון שטאל אויסגעגאסענע נאטורען. פערברעכער צו אידעאלים־טען — זענען זיי אויסגעהאלטען פון אנהויב ביז צום סוף. ליכ־טיגע נשמות — האבען זיי, דאכט זיך, קיין איין שפרינקעלע ניט אויף זיך. פערקעהרט, פינסטערע — וועט איהר אין זיי קיין שטרייפעל ליכט ניט בעמערקען.

ס'זיינען דא אבער געמישטע און פערוויקעלטע נאטורען, צעבראכענע נשמות, וואס לעבען אין צוויי וועלטען. גאט און טייפעל,ביידע קעמפפען אין זיי פאר דער אויבערמאכט. אמאל זיגט דער, א מאל יענער. ניט זעלטען לעבט איינער אב מיט גאט דעם גאנצען לעבען, און פלוצלונג, אויף דער עלטער, כאפט זיך אין איהם אויף דער טייפעל, און מיט איהם פערענדיגט ער זיין לעבענס־קאריער. עס טרעפט אבער אויך פערקעהרט: א מענש לעבט אב זיין גאנצען לעבען מיט'ן טייפעל און פלוצלונג ערוואכט אין איהם דער גאט און קעמפפט אזוי לאנג ביז ער בע־זיגט, פערטרייבט דעם טייוועל.

די יודישע פאלקס־מעשה איז רייך מיט אזוינע טיפען בעל תשובה'ס. אבער די פאלקס־נשמה איז אן אונגעקינסטעלטע אבשפיגלונג פון פאלקס־לעבען. און אין יודישען פאלקס־לעבען קענט איהר נאך איצט געפינען דעם דאזיגען אינטע־

רעסאָנטען טיפּ. ער איז דאָ כמעט אין יעדען רבייאישען הויף. דאָס חסידות, וואָס לעבט מעהר מיט'ן הארץ, איז מעהר פעהיג צו פאַרשטעהן און פיהלען די דראַמע פון אַ צעבראָכענער נשמה. און דעריבער געפינט דער „בעל תשובה" תמיד אַ וואַרימע אויפנאַהמע. צוו שען דעם רבי'ס „יושבים". די חסידים און דער רבי אליין בעציהען זיך צו אַזאַ מענשען מיט דרך ארץ און מיט ליבע. מ'גיט איהם אַ פּלאַץ אין רבי'נס הויף. קיינער גרי־בעלט זיך ניט אין זיין נשמה. מ'לאָזט איהם אויסליידען זיין פערגאַנגענהייט, אויסקויפען שטיל זיינע זינד, לעבען זיך בע־זונדער, זיין איינזאַם לעבען אין אַ ווינקעל. ביסלעכוויין, מיט דער צייט, ווערן זיינע נשמה־וואונדען געהיילט. די אַרומיגע מענשען בעטראַכטען איהם, ווי אַ פולבערעכטיגען חבר. גאַנץ אָפּט, אפילו, פערהייליגט מען איהם. וואָרום יעדער פרומער יוד וויים אז „במקום שבעלי תשובה עומדים אין צדיקים גמורים יכולים לעמוד שם". ד. ה. אין דעם אָרט, וואו עס שטעהען (אין גן עדן) די וואָס האָבען תשובה געטאָן, קענען אפילו קיין פאָל־קאָמענע צדיקים ניט שטעהן.

אָט איז איינער פון זיי.

א שענקער איז ער געווען אין לעמבערג. און לעמבערג איז אַ גרויסע שטאָדט. פאַראַן דאָרטען פרומע יודען, פאַראַן אויך אפּיקורסים. דריבער זענען דאָרט שענקער אויך דאָ אַלערליי: די וואָס היטען אָב כשר'קייט און די וואָס מאַכען דאָס אַוועק אונטער'ן האַנד. מילא, אין לעמבערג זענען דאָ אַ סך יודען, וואָס געהען עסען אין גוי'עשקע רעסטאָראַנען, טרייפס. דאָס איז קיין נייעס ניט. מיט וואָס איז אַ יודישער ניט כשר'ער רעסטאָראַן ערגער פאַר אַ גוי'עשקען?

פאַראַן אבער אַזעלכע שענקער, גייציגע פאַלשע מענשען, וואָס שרייבען אָן אין זייער פענסטער, איבער זייער טיר: „כשר" און גיבען עסען טרייפס. פערפיהרען זיי פרומע יודען, וואָס קענען זיך ניט פאָרשטעלען, אַז אַ יוד זאָל קענען טאָן אַזאַ זאַך, מאַכען שטרויכלען זיינעם אַ ברודער.

איינער אַזאַ „חוטא ומחטיא את הרבים", אַ זינדיגער, וואָס

האט געבראכט אנדערע צו זינד, אהן זייער וויסען, איז געווען דוד דער לעמבערגער שענקער. דערפאר האט ער טאקע געהאט גוטע פרנסה. האט אנגעלעבט א מייער, אנגעקליבען געלד. ווארום ער האט געהאט אלערליי קונדען: אי פרומע, אי פרייע. פרומע יודען האבען געגעסען חזיר און ניט געוואוסט דערפון.

דוד דער שענקער איז אליין ניט געווען קיין אפיקורס. ער האט ניט געלייקענט אין גאט, ווייל ער האט ניט געטראכט וועגען גאט. ער האט נאר געטראכט וועגען זיין פרנסה, וועגען געלד, וואס מעהר צו מאכען געלד. א פראסטער יונג, און „עם הארץ" איז ער געווען און א גייציגער מענש.

איז אבער פאראן א „יום כפור" ביי יודען. א „יום הדין", ווען דעם מענשענס מעשים ווערען געוואויגען, און זיין שיקזאל ווערט בעשטימט: „לחיים" — צום לעבען, אדער „למות" — צום טויט.

האט זיך דוד דער שענקער איינמאל דערשראקען פאר'ן „יום הדין". ער האט זיך אנגעהויבען צו בעהלערן, צו קלערן בכלל. האט ער זיך דערמאהנט, אז ס'איז דא א גאט, און אז ד י וועלט איז ניט נאר. ער האט זיך דערמאהנט, אז א חוץ ד ע ר וועלט, איז דא נאך א וועלט, און אז די וועלט איז בלויז א דורכפאהר־פלאץ, אן אכסניא, פאר יענער וועלט. און דער עיקר: אז דארטען, אויף יענער וועלט, איז דא א גיהנום און א גן עדן. אז דארטען ווערט אלץ פארשריבען און דערנאך — בעצאהלט דעם מענשען פאר זיינע מעשים אויף דער וועלט.

איז געווארען דוד דעם שענקער זעהר שפל, זעהר אומעטיג אויפ'ן הארצען.

איז ער אוועק מיט זיין שווערען געמיט צו ר' איטשעלען, צום באמבאייער רבי'ן האט זיך פאר איהם מתודה געווען אויף אלע זיינע זינד, פאר זיין גאנץ לעבען, האט א תשובה געבעטען.

קיינער ווייס ניט, וואס דער באמבאייער רבי האט מיט איהם גערעדט: וואס פאר א תשובה ער האט איהם ארויבגעגעבען. נאר מ'ווייס, אז פון דאמאלט אן איז ,ער דוד דער שענקער, ביי זיך נאך מעהר אראבגעפאלען. ווארום ער האט זיך דערוואוסט, אז זיין זינד איז זעהר גרויס, ווי די זינד

פון „ירבעם בן נבט“. וואס איז געווען א „חוטא ומחטיא את הרבים“. ער האט אליין געזינדיגט און געבראכט אנדערע צו זינד. אויף דעם איז כמעט גאר קיין תשובה ניטא. נאך שווערער איז די זינד, אז מ׳מאכט יענעם שטרויכלען, אהן זיין וויסען. דערמיט איז מען עובר אויף „לפני עור לא תתן מכשול“ — פאר א בלינדען זאלסטו ניט לעגען קיין שטרויכלונג אין וועג. ווארום, אז ער זעהט ניט, ווי קען ער זיך אבהיטען? מוז ער דאך געוויס פאלען.

אט דאס אלץ האט ער געטאן, דוד דער שענקער. ער האט געגעבען עסען יודען „טרפות“ און יענע האבען ניט געוואוסט. האבען גערעכענט, אז זיי עסען כשר׳ס. און וויפיעל מאל אין טאג איז דאס געווען? ווייפעל טעג, וויפיעל יאהרען...

צוריק פון רבי׳ן האט דוד ניט געקענט געהן אין זיין שענק אריין. ער האט געעפענט זיין הארץ פאר זיין ווייב און קינדער. ער האט זיי געמעלדעט פעסט און בעשלאסען, אז מ׳מוז דעם גאנצען פארמעגען, וואס איז אנגעקליבען פון זינד, צוטיילען ארימע לייט, און אליין מוז ער, מוז די ווייב, מוזען די קינדער, דורך שווערע פראצע, דורך יסורים, דורך נויט און ארימקייט אויסקויפען די זינד.

נאר די ווייב און קינדער האבען זיך פון איהם אויסגעלאכט. און אז ער האט אנגעהויבען צו טאן, ווי ער האט גערעדט, האבען איהם די ווייב און קינדער ארויסגעטריבען און געשריען פאר דער וועלט, אז ער איז משוגע געווארען.

איז דוד דער שענקער אוועק פון זיין ווייב און קינדער, אוועק אין סאמבאר צו ר׳ אירעלען און דארט איז ער א בעל תשובה געווארען.

שווער איז געווען דוד דעם שענקער׳ס זינד. אבער שווער איז אויך געווען זיין תשובה. אלע טאג פלעגט ער פאסטען. נאר ביי נאכט עפעס צו בייסען. ווינטער פלעגט ער געהן צום טייך און ארונטער־רוקען זיינע הענד אונטער׳ן אייז. אדער פלעגט געהן אין באד און בריהען זיינע הענד אין זודיג וואסער. דערביי פלעגט ער שרייען: געגעבען יודען חזיר עסען! הא!...

נגעבען יודען חזיר עסען !... צייטענווייז פלעגט ער זיך שלאַ־
גען אין בויך און שרייען צו זיך אליין : האַסט געגעסען חזיר !...
א גאַנצען טאָג פלעגט דער „בעל תשובה" זיצען אין שול
אין טלית און תפילין און דאַווענען. לערנען האָט ער ניט געקענט.
ריידען פלעגט ער מיט קיינעם ניט. נאָר פאַר זיך פלעגט ער
אָפּט חזר'ן זיין נאָמען : דוד... דוד... דוד... הונדערטער מאָל.
אז מ'איז צו איהם שטארק צוגעשטאַנען, פלעגט ער נאָר אויס־
שרייען : לאַ־לאַ־לאַ !...
ניט קוקענדיג דערויף איז ער אבער געווען א פרעהליכער
מענש. אויף א חתונה, אויף א שמחה ביים רבי'ן פלעגט ער
משמח זיין דעם עולם, פלעגט טאַנצען און שרייען : דוד ! משיח!
דוד ! משיח ! וואָס די דאָזיגע ווערטער האָבען בעטייט האָט
קיינער ניט געוואוסט. נאָר אייניגע האָבען גערעכענט, אז מיט
אָט די געשרייען האָט ער געהאַט בכונה „אנצוקלאַפּען אין יענע
טויערן פון הימעל, וואו „דוד המלך" און זיין אייניקעל „משיח"
זיצען. צוליב זייער זכות, מיט וועמען ער האָט דאָך א שטארקע
שייכות, ווייל ער הייסט דאָך אויך „ דוד" (און דאָס איז געוויס
ניט אומזיסט), האָט ער געהאָפט צו דערוועקען רחמים אין די
העכערע טויערן, וואו ער, כביכול, אליין זיצט, און זעהט דאָך
אַלץ וואָס טוט זיך אונטען...
דעם בעל תשובה'ס גאַנצער פארמעג איז בעשטאַנען אין
א קופערטעל, א הילצערנעם בעכערל און דריי זעק. פונ'ם היל־
צערנעם בעכערל פלעגט ער טרינקען. אויף איין זאַק פלעגט ער
שלאָפען, מיט'ן צווייטען צודעקען זיך, און דעם דריטען זאַק —
לעגען צוקאָפּענס.
פסח פלעגט ער אבריכטען דעם סדר אליין פאַר זיך. פאַר
א טיש האָט ביי איהם געדינט דער קופערטעל. ער פלעגט איהם
שטעלען אויפ'ן באַנק. אויף א ליימערנעם טעלעריל זענען געלע־
גען די מצות, צוגעדעקט מיט א שווארצער טיכעל. דער כוס איז
אויך געווען א הילצערנער בעכערל. א האַנד פלעגט ער קיינעם
ניט געבען. עסען ביי קיינעם ניט, א חוץ דעם, וואָס מ'פלעגט
איהם שיקען פון ר' אירעלע'ס אָרימען טיש.
יאָהרענלאַנג האָט געדויערט דעם בעל תשובה'ס פייניגען

זיך. ער איז געווען פריהער א שטארקער מענש. שפעטער איז ער געווארען פון די „סגופים" אויסגעדארט. ווייב און קינדער האבען אויף איהם ענדליך רחמנות געקראגען. פלעגען קומען צו איהם, בעטען זיך ביי איהם, ער זאל קומען א היים. גאר ער האט זיי געהייסען אויך תשובה טאן. דעמאלט וועט ער געהן. זיי אבער, די ווייב און קינדער, האבען זיך ניט גע־פיהלט בעאונרוהיגט פון זייער געוויסען. און ער איז געבליבען אין ר' אירעלע'ס הויף צעהנ־ליגע יאהרען. איז פון א יונגען מאן א גרייז גראהער יוד געווארען.

אין שטעדטעל איז ער מיט דער צייט פערהייליגט געווא־רען. ר' אירעלע האט איהם זעהר צערטליך בעהאנדעלט. ביי נאכט, נאך די תעניתים פלעגט ער דעם בעל־תשובה, שיקען אויף אבפאסטען זיך א בעכער וויין, הוהן, פלייש און יוך.

ער איז געזעסען אין סאמבאר ביז ר' אירעלעס פטירה. דערנאך איז ער אוועק צוריק אין לעמבערג. אבער ניט צו דער פאמיליע. ער האט זיך בעזעצט, זאגט מען, אין א שול און דער־לעבט דארט זיינע יאהרען אין תשובה און תעניתים, און לעמ־בערגער יודען, אזוי ווי סאמבארער, קוקען אויף איהם, ווי אויף א הייליגען.

# א צלם אין רבינ'ס קלויז.

שוין לאנג האט אזוי ניט גערודערט אין טשארטקאוו, ווי יונג און אלט איז אומגעלאפען פארסאפעט, פאר'סוד'עט און זיך איבערגעגעבען איינער דעם אנדערן שטיל אין אויער, ווי מורא האבענדיג פאר דער לופט אליין, עפעס א זאך, וואס האט געמאכט יעדערן, וואס האט עס געהערט, שטוינען און שוידערן.

אין די הייזער, אין די שולען, אין די קאוויארניעס, אין מרחץ, אומעטום, וואו צוויי מענשען האבען זיך בעגעגענט, איז קיין אנדער געשפרעך ניט געווען, ווי:

— נו, וואס?...

— ווער האט עס געטאן?...

— וואס זאגט דער רבי?...

— אך! אך! אך!...

— אי—אי—אי...

— שומו שמים!...

ענדליך איז דער געשפרעך געווארען דייטליכער, דרייסטער, און צום אווענד האט זיך דער גאנצער אינהאלט פון דעם רעש און געמורמעל גאנץ אויסדריקליך אויסגעגאסען אין איין ווארט:

— א צלם!...

— א צלם! ?...

— א צלם!...

— וואו ?...

— אין רבינ׳ס קלויז !...

— גאט זאל שומר ומציל זיין !

— השם ירחם !...

— חטאים !... חטאים !...

אויף מארגען פריה איז שוין די מעשה גאנץ קלאר גע־וואָרען:

מ׳האט געפונען אויף דער פאדלאגע אין רבינ׳ס קלויז א צעטעל מיט א גרויסען אויסגעמאלטען צלם. ביי דער זייט איז געשטאנען מיט כתיב׳עטע אותיות אין צוויי שורות:

„משיח בן יוסף — איתו האיש“*)

„משיח בן דוד — דער רבי.“

מ׳האט דעם צעטעל צעריסען. צו נ׳אוועגד איז געווארען שטילער. אויף מארגען האט זיך דער שטורם אביסעל איינגע־לעגט.

מ׳האט זיך שוין געוואלט פארגעסען.

האט זיך פלוצלונג דערהערט ווידער א געמורמעל, — נאך א צלם !...

דערזעלבער צלם מיט דיזעלבע כתיב׳עטע אותיות דערביי:

„מ ש י ח  ב ן  י ו ס ף — איתו האיש...“

„מ ש י ח  ב ן  ד ו ד — דער רבי...“

דא האט שוין דעם רבי׳ס הויף גענומען געהן חאדאראם. חסידים האבען גע׳טענה׳ט: ניט אנדערס, אז דאס האבען די ציוניסטען אבגעטאן... האבען געוואלט מטמא זיין דעם הייליגען רבינ׳ס קלויז. עס איז אפילו געפאלען א חשד אויף א געוויסען בחור א ציוניסט און א שאפירניק.

דאס מאל האט מען דעם צעטעל ניט צעריסען, נאר בע־האלטען און גענומען נאכפארשען. אין רבינ׳ס הויף האט מען ניט געשלאפען קיין נעכט, דאס שטעדטעל האט געקאכט ווי א קעסעל.

---

*) יענער מאן, ד. ה. יעזוס.

דריי טעג זענען אזוי פערגאנגען אין רעטענעסען, אין קאפ־ברעכענעס: ווער קען דאס זיין דער מומר להכעיס.

אויפ׳ן פערטען טאג אין דער פריה... אוי א חורבן!... אויף דער וואנד איז געווען אויסגעקריצט מיט א טשוואק א גרויסער צלם און דערביי מיט א בליישטיפט אויסגע׳כתיב׳עט דאס זעלבע:

„משיח בן יוסף — אותו האיש."

„משיח בן דוד — דער רבי."

אט דא האט מען פארשטאנען, אז דער „שטן," דער „עוכר ישראל" איז טאקע דא גופא, „אחד משלנו", איינער פון די „יושבים", פון די זיצער ביים רבי׳ן אין קלויז.

אין הויף, אין שטוב ביים רבי׳ן, אין קלויז איז געווארען „תאניה ואניה" — יאמער און קלאג. די יושבים האבען אנ־געקוקט איינער דעם אנדערן מיט חשד. קיינער איז ניט געווען זיכער אין זיך אליין. מ׳איז געווען אין פערצווייפלונג.

א פאר טעג איז ווידער אוועק אין אזא מורא׳דיגען צו־שטאנד. דער גאנצער רבינ׳ס הויף איז געווען איינגעוויקעלט אין „אבלות". דער רבי אליין איז כמעט פון זיין „חדר מיוחד" ניט ארויס און האט זיך קיינעם פון די „יושבים" ניט געלאזט בעוויזען.

פלוצלונג איז אלץ געווארען קלאר. שרעקליך קלאר...

די אויגען פון אלעמען אין קלויז האבען געבליצט מיט כעס און נקמה־דורשט. און אלע אויגען זענען געווען געווענדעט אין איין זייט, צו דער הרובע. דארטען איז געשטאנען אין א לאנגער קאפאטע און א שטריימעל, מיט לאנגע געקרויזעלטע פאות׳ן א שען יונגעל פון א 15—16 יאהר, מיט אן אויסגעמאטערט פנים און שטארע בליקען, א פנים פון ניט שלאפען נעכט, פון טראכ־טען עפעס א מחשבה, וואס האט זיך איהם טיעף איינגעגבירט אין מוח און האט איהם געקוועלט און געפייניגט און ניט גע־לאזט רוהען.

דאס יונגעל איז אלעמען געווען בעקאנט. דאס איז סני (סינאי) דעם „ראש החברה׳ס" בורשעל, וואס איז שוין לאנג דא

געזעסען אין קלויז צוזאמען מיט זיין טאטען, דעם „ראש החברה", ס'הייסט דעם קאמאנדיר פון דעם רבינ'ס גווארדיע.

אלע „יושבים" האבען געהאט צום בורשעל גרויס דרך ארץ. ניט בלויז דערפאר, וואס ער איז געווען דעם ראש החברה'ס זוהנדעל. נאר, דער עיקר, דערפאר וואס ער איז געווען א גע־ראטען בחור'ל. ער איז געווען טאג און נאכט פארטאן אין לער־נען. און ביי נאכט, בשעת אלע האבען געשלאפען, האט ער שטארק מעיין געווען (טיעף ארייננעקוקט) אין קבלה־ספרים.

שוין עטליכע טעג, ווי דער בורשעל איז אומגעגאנגען שטארק פארטראכט, ארייננעטאן אין זיך אליין, און א טיעפע מחשבה, וואס האט איהם געטריבען פון מענשען, געטריבען פון איהם דעם שלאף, געמאטערט זיין מוח און בלאס געמאכט זיין פנים.

קיינער האט זיך דערויף ניט אומגעקוקט. ביי קיינעם האט ניט געקענט זיין קיין שום פערדאכט, אז דאס איז ע ר, אז דאס קען זיין ע ר.

גאנץ אונערווארטעט האט היינט אין דער פריה נאכ'ן דאווענען, בשעת דער רבי האט „געפראוועט" די אורחים, און איבערגעזעהן די צעטעלאך, וואס דער גבאי האט איהם דער־לאנגט, גענומען אין האנד איינעם פון זיי און צו זיין ער־שטוינען געלעזען:

„פוסח על שתי הסעיפים בהשגת ענין „משיח בן יוסף" „ומשיח בן דוד."

ד. ה. איך וויעג זיך אהין און אהער אין דעם ענין פון „משיח בן יוסף" און „משיח בן דוד".

„ווער איז דאס ?" האט דער רבי א פארציטערטער געגעבען א געשריי צום גבאי.

פאר'ן רבי'ן און פאר'ן גבאי איז געשטאנען א בלאסער, און אויסגעמאטערטער, ווי א פערמשפט'ער צום טויט, — סני דעם ראש החברה'ס בורשעל.

דער רבי איז אוועק צו זיך אין חדר מיוחד און די גאנצע קלויז האט זיך א לאז געטאן צום בורשעל.

— דאס ביזטו ? !...

— משומד!
— געה אין קלויסטער!
— עוכר ישראל.
— מיסיאָנער!

דער עולם האָט איהם געוואָלט „קורע כדג" זיין — צע־רייסען ווי א הערינג. נאָר דא האָט זיך דער רבי בעוויזען אין טיר און האָט אָנגעזאָגט: הזהר והזהר מ'זאָל איהם גאָר נישט טאָן.

דער עולם האָט זיך א לאָז געטאָן צוריק. נאָר דער בורשעל האָט זיך רוהיג געשטעלט ביי דער הרובע, פערלעגט די הענט הינטער זיך, אָנגעשפּאַרט זיך אָן דער הרובע און גענומען אויפ־קלערען די חסידים זיין אידעע. די חסידים זענען פּאַרציטערטע געוואָרען הערענדיג זיינע ווערטער. נאָר דער בורשעל האָט זיך גאָר נישט געמאכט דערפון. דערנאָך איז ער רוהיג אוועק צום האַנדפאַס, געוואשען די הענד, געלעגט תפילין און געשטעלט זיך דאווענען.

אכט טעג נאָכאַנאַנד האָט דער „הויף", די קלויז און דאָס גאַנצע שטעדטעל געררודערט מיט'ן בורשעל און מיט'ן צלם אינ'ם רבינ'ס קלויז. אויפ'ן נייַנטען טאָג איז דער בורשעל פּלוצלונג פאַרשוואונדען.

וואו ער איז אהינגעקומען — ווייס מען ניט ביז היינטי־גען טאָג. א טייל מיינען, אז ער האָט זיך גע'שמד'ט. אַנדערע אָבער זאָגען, אז דער רבי האָט איהם געהייסען חתונה מאכען און דער בורשעל איז איצט א יונגער מאַן, וואָס האָט א קרעמעל אין א קליין גאַליציש שטעדטעל...

# ביין גערער רבי'ן אין א וויזיט.

דער גערער רבי ווערט גערעכענט איצט פאר דעם גרעס־
טען צווישען די חסידישע רבי'אים אין רוסלאנד. גער איז
דער „מעקא" פון הונדערטער טויזענדער חסידים ניט בלויז פון
פוילען, נאר אויך פון ליטא. דאס שטעדטעל געפינט זיך א
עטליכע־און־פופציג וויארסט פון ווארשא. די רייזע אהין פון
ווארשא מיט דער „קאלייקא" — א שמאל־רעלסיגע אייזענבאהן
— דויערט ניט מעהר ווי א פאר שטונדען. ביי מיר איז שוין
לאנג געווען א פערלאנג צו בעזוכען אט דעם גרעסטען נעסט
פון דעם פוילישען חסידיזם.

אייניגע בעקאנטע, וועמען איך האב פערטרויט דעם פלאן
פון א נסיעה, האבען מיר שטארק מקנא געווען; זיי האבען
מיך אבער געווארענט, אז איך וועל פון גער ניט ארויס מיט
גאנצע ביינער. א ראיה האט מען מיר געגעבען פון פרץ'ן מיט
אש'ען, וועלכע זענען געקומען אין גער מיט א וויזיט און ווי
בייזע ציינגער ריידען, זענען זיי ניט ארויס טרוקען...

איך האב מיך פערלאזען אויף „קדוש השם" און בין גע־
פאהרען.

•

נאטירליך האב איך אנגענומען געוויסע פארזיכטיגקייטס־
מיטלען. די פעלערינע האב איך אויסגעטאן און אנגעטאן א
געליהענעם מאנטעל, אן אלטען, א לאנגען, א ברייטען. אויפ'ן
קאפ האב איך געהאט אן אלטען קאפעליוש. ס'פערשטעהט זיך,
אז דעם „דא־אטש", דעם „ל־טוואק" האב איך ניט געקענט

אויסטאָן אינגאַנצען: די באָרד לאָזען אַבוואַקסען איז קיין צייט ניט געווען. אלענפאַלס האָב איך מיך געמיהט צו געבען מיין פּנים א צורה פון א „דאַ־אַטש“ א „בעל תשובה“ און „על כל צרה שלא תבוא“ האָב איך געהאַט אַנגעגרייט א קוויטעל פון א בעקאַנטער ווייבעל, א פּאַראַליזירטע, וועלכע, דערוויסענדיג זיך, אז איך פאָהר צום רבי'ן, האָט געבעטען איהר אינגעל'ס מלמד אָנשרייבען דאָס קוויטעל און איבערגעבען מיר, אז איך זאָל עס איבערגעבען דעם צדיק, אז דער צדיק זאָל פאַר איהר מתפּלל זיין.

אנגורטענדיג זיך מיט אַט די אַלע „געוועהר“ האָב איך אין א שעהנעם ערב שבת זיך געלאָזען מיט דער „קאַלייקע“ פון וואַרשא קיין גער.

צוליב געוויסע סבות האָב איך דעמזועלבען אָבענד ניט גע־קענט נתגלה ווערען אין גער. איך האָב זיך געלאָזען אין רבי'ס בית המדרש אריין ערשט אויף מאָרגען, שבת פריה. עס איז געווען אָרום עלף א זייגער. דאָס שטערטעל איז געווען אַנגעטאָן אין א פייערדיגע רוהיגקייט. די הויפּט־גאַס איז א ברייטע. אומעטום, אפילו אין די זייטיגע געסלעך, איז ברוקירט מיט שטיינער. הילצערנע הייזער זעהר ווינציג, דאָס רוב מויערן. א סימן אז די בעפעלקערונג איז ניט אָרעם. ווי בעוואוסט איז מען אָם וועניגסטען קאַטויליש אין דער רעזידענץ פון'ם פּאַבסט. און די גערער חסידים גופא האָבען אויף מיר געמאַכט דעם איינ־דרוק, ווי האַלבע מתנגדים. איך האָב זאַגאר בעגעגענט דאָ אין גאַס געהענדיג שפּאַצירען — און דאָס איז געווען אין מיטען דאַוונען — עטליכע בחורים, אפילו מיט קליינינצקע חסידישע מיצלעך און פּיצענאַנציקע בריליקלעך, אבער אין „שוואַרצע העמדלעך“...

עטליכע חסידים זענען געגאַנגען ערשט אין שוהל מיט די טליתים אונטער די אָרעמס. ווייבער און מיידלעך זענען געזעס־סען ביי די איינגאַנגס, אויף די טרעפּלעך, ערטערווייז אויף די פּריזבעס, און געמיטליך געשמועסט.

שילדען איבער די טירען האָבען זיך געזעהן ווינציג. נאָך זעלטענער שילדען פון בעלי מלאכות. דאָס רוב לעבט מען דאָ

ארום די אנגעפּאַהרענע חסידים. מ'האַלט אַכסניות, קיכען. „אַרום אַ פּעטען טאָפּ שמירט מען זיך איין" — און אַרום רבי'ן מיט זיינע חסידים, וואָס קומען אַהער פון „אַרבע פּנות עולם" לעקען אויף די גערער אַב אַ ביינדעל.

און ניט בלויז די יודען, אפילו די קריסטען לעבען דאַ פון די חסידים, אַהן וועלכע די קאַלייקע וואָלט אפילו ניט קאָנען עקזיסטירען. און עס איז טאַקע געווען אַ מעשה מיט איינינגע יאָהר צוריק — מ'האָט נאָר וואָס געהאַט אויסגעבויט די קאַ־לייקע — ווען די קאָמפּאַניע האָט געזאָלט באַנקראָטירען, מחמת דער רבי האָט געהייסען באָיקאָטירען די קאַלייקע, ווייל זי האָט אָבגענומען ביי יודישע בעלי עגלות פּרנסה. דאַן איז מען גע־פּאַלען אויף אַ המצאה: מ'האָט צוגענומען דעם רבי'ן פּאַר אַן אַקציאָנער אין דער קאָמפּאַניע: דער באָיאָקאָט איז אַראָב, און די קאַלייקע מאַכט גוטע געשעפטען.

בכלל האָב איך ערגעץ ניט געזעהן, אַז יודען זאָלען זיך פיהלען אַזוי פריי און שטאָלץ ווי דאָ. אַלץ נעהרט זיך דאָ אַרום רבי'ן און פונ'ם רבי'ן; אפילו די פּאָליציי, פון די נידריגע ביז די הויכע. טאָמער פיהרט זיך אימיצער פון זיי אויף ניט ווי מען דאַרף, שיקט דער רבי רופען דעם איספּראַווניק און עס ווערט רעכט.

דעם רבי'ס „בית המדרש" איז אַנקעגען דעם שטעדטעל־דיגען בית המדרש, אינעווייניג, ביי'ן רבי'ן אין הויף. דער „בית המדרש" גרענעצט זיך מיט'ן רבי'ס וואָהנונג, פון וועלכע עס פיהרט אַ שמאָלע טירעלע גלייך אין שוהל. דורך דער דאָזיגער טירעלע קומט דער רבי אַריין דאַווענען.

דער בית המדרש איז אַ נייער, אויסגעמויערט מיט אַ יאָהר פינף, זעקס צוריק: נאָר אינעווייניג איז אַלעס שמוציג, אָבגע־לאָזען און צעוואָרפען. אויף דער פּאָדלאָגע, וואָס שיינט צו זיין פון אַ האַלב יאָהר ניט געקעהרט, זענען געלעגען אָנגעוואָרפען רעסטען פון אויסגערויכערטע פּאַפּיראָסען. אין ביידע עקען „בית המדרש" זענען אַראָבגעהאָנגען פון באַלקען זעהר אַלטע, פערשטויבטע צעבראָכענע הענגלייכטער און אַ פּאָר פּעררוי־כערטע, זעהר אָרימע לאָמפּען. ווי איהר טרעפט נאָר אַזעלכע

אין די אַרימסטע מניגים. דער „ארון קודש" און די בימה זענען זעהר איינפאַכע. אין איין ווינקעל רעכטס, נעבען דעם רבין׳ס מירעלע שטעהט אַ לאַנגער זעהר אַלטער טיש מיט צוויי בענק, פון ביידע זייטען, אַזוינע „זקנים" ווי דער טיש אַליין. דאַ ביי׳ן טיש זאָגט דער רבי תורה בין מנחה למעריב; דאַ עסט ער וואַרעמס און „שלוש סעודות". צו וואַרעמס און שלוש סעודות ווערען געלאַדען די געהויבענע געסט: רבנים, אַנדערע רביים און חסידים־גבירים. ביי׳ן עסען זינגט מען „זמירות" און דער רבי זאָגט תורה.

נאַטירליך, ווילט זיך יעדען חסיד זיין נעהענטער צום טיש, און ביי׳ן עסען איז אַזאַ שטופעניש און ענגשאַפט, אַז מען דאַרף האָבען בעזונדערע קרעפטען און ענערגיע אום צו בעקומען אַן אָרט און האַלטען זיך אויף דעם אָרט.

די וואָס פערכאַפּען אַן אָרט מוזען שטעהן, ווייל די בענק אויף צו זיצען זענען בלויז פאַר די „יחידי סגולה", פאַר די „פני", די ספּעציעל געלאַדענע צום טיש. די פּלעצער פאַר די צוהערער און צושויער זענען הינטער די בענק. נאָר הינטער דער באַנק, וואָס צום וואַנד, נעבען פענסטער, איז געלונגען אַריינצושפּאַרען עפּעס אַ שטיקעל בענקיל. אויף אָט דעם בענקיל איז אָבער אונמעגליך צו זיצען. שטעהען דערויף איז אבער נאָך פיעל שווערער, ווייל די שטופּענעס איז דאָ אַזוי מורא׳דיג אַז קיינער קאָן זיך ניט איינהאַלטען אויף זיין פּלאַץ.

העכער איז דאָ אַ פענסטער, און אַרויפכאַפּען זיך אויפ׳ן פענסטער וואָלטען געווען אַ סך בעלנים — דאָס האָט טאַקי דעם רבי׳ס אַדמיניסטראַציע פאַראויסגעזעהן און מען האָט אין פענסטער־ברעטעל אַנגעשלאָגען טשוועקעס, אום מען זאָל ניט קענען דערויף זיצען. אָט די טשוועקעס זענען אבער אַ טובה פאַר די חסידים, וואָס ווילען זיך האַלטען אויף זייער פּאָזיציע, אויפ׳ן קליינעם, שמאָלען בענקעל. שטעהענדיג אויפ׳ן בענקעל פערוואַרפט מען דעם לאַנגען גאַרטעל אויף די טשוועקעס, וואָס זענען אַנגעשלאָגען אויבען אין פענסטער־ברעטעל און מען האַלט זיך אָן ביידע עקען גאַרטעל. דאַן קאָן מען נאָר זיך וויע־נען, קריכען נעשטויסען, נעשטופּט, געקוועטשט, אבער דעם

ארט קאָן מען שוין ניט פערלירען, אזוי לאנג מען האלט זיך פאר'ן גארטעל.

אָט דער פּלאץ נעבען פענסטער, אויפ'ן שמאָלעןביינקעל, האַרט ביי דער וואַנד, איז דער געהויבענסטער מקום. פונדאַנען איז מען זוכה אריינצוקוקען אי אין די פּנימ'ער פונ'ם רבי'ן מיט די חשוב'ע געסט, אי אין די שיסלען אויפ'ן טיש, אי מען קען הערען די תורה און גוט אונטערהאַלטען די זמירות. דעריבער איז אויף דעם בענקעל פאַראַן זעהר א סך בעלנים. ערטער איז דאָ אבער מעהר ניטאָ ווי א זיבען, אכט. מוז מען נעהמען די ערטער מיט שטורם.

ניט אַלע ווערען דאָ אויך צוגעלאָזען. בחורים — פאר קיין פאַל ניט. ווארום א בחור, ער מעג זיין דער פרימסטער, דער גרעסטער עלוי, קען אמאָל האבען „שלעכטע מחשבות" און דערום טאָר ער נישט שטעהן אזוי נאָהענט צום רבי'ן. דער געהויבענער בענקעל ווערט אַלזאָ כמעט אימער א מאָנאָפּאָל פון עטליכע „וואוילע" באַלעבעסלאַך פון געהויבענע חסידישע פאַמיליעס.

אום צו פערכאפּען דאָ א פּלאַץ מוז מען אויפשטעהן פינף אזייגער פאר טאָג. ווער עס כאפּט זיך אר־יף פריהער אויפ'ן בענקעל און פערוואַרפט זיין גארטעל אויף איינעם פון די טשעוועקעס, וואָס זענען אנגעשטאָכען אויבען אין פענסטערברעטיל, יענער בלייבט שוין. אבער דערמיט איז אייגענטליך נאָך ניט געענדיגט. האַלטען זיך אויפ'ן פּלאַץ איז נאָר מעגליך, ווען מען האלט זיך שטייף פאר'ן גארטעל. פון פינף אין דער פריה ביז זעקס אין אָוועגד — ווען עס ענדיגט זיך שלוש סעודות — מוז מען שטעהן פעסט, האַלטענדיג זיך פאר'ן גארטעל. די גאַנצע דרייצעהן שעה האַלט מען אין איין שטופּען זיך און שטויסען זיך, איינער דעם אנדערן. דאָס איז א ווילדער ברויזענדער ים, וואו עס לויפען אָהן און אויפהער א כוואַליע אויף א כוואַליע. פערלירט ווער אויף אן אויגענבליק דאָס גלייכגעוויכט, לאָזט אָב אביסעל דעם גארטעל — איז קאַפּוט! ער ווערט מאָמענטאַל ארויסגעשטויסען ווי א באָמבע, און אן אנדער פערנעהמט שוין זיין פּלאַץ. עס העלפט נישט קיין שום טענות און קלאָגען. דאָ

הערשט אין זיין גאנצער אבסאלוטהייט און רויהעסטער גרוי־
זאמקייט דאָס געזעץ: „כל דאלים גבר" — ווער עס איז שטאַר־
קער, יענער זיעגט. ווען איהר זאָלט צוגעבען דערצו, אז די גאנ־
צע דרייצעהן שעה מוז מען שטעהן ניט געגעסען, קענט איהר
זיך פארשטעלען ליכט, וואָס דאָ פּאסירט אין א הייסען זומער־
דיגען טאָג, אין א שבועות, צום ביישפּיל, ווען אין „בית
המדרש", וואָס קאן קוים איינהאלטען 400—500 פּערזאָן, קלוי־
בען זיך אויף פּינף, זעקס טויזענד חסידים, און דער גרעסטער
טייל פון זיי שטיקען זיך אויף אלע אין אָט דעם ווינקעל, ארום
דעם לאנגען הילצערנעם טיש.

ווען איך בין געקומען אין שוהל האָט דערמאָלט דער עולם
אָבגערוהט אין מיטען דאַווענען, צווישען „שחרית" און „קריאת
התורה". דער איצטיגער רבי, וועלכער זיצט אויפ'ן „טראָן" ניט
לאנג, האָט א געוויסע נייגונג צו „רעפאָרמען". פריהער פלעגט
מען אנהויבען דאַווענען שפּעט, ווי דער מנהג איז ביי חסידים,
און אָבדאַווענען דעם דאַווענען כסדר. איצט הויבט מען אָן דאַוו־
נען פריהער, א זייגער האלב צעהן. אזוי ווי אבער ענדיגען דאַרף
מען אין דערזעלבער צייט, אזייגער האלב איינס, האָט דער רבי
געמאכט א „תקנה" מען זאָל אָברוהען אין מיטען דאַווענען ביי
א שעה. כדי אבער מען זאָל אין מיטען דאַווענען ניט אומגעהן
און ניט רעדען „דברים בטלים", האָט דער רבי געהייסען אָנ־
קלעפּען א מודעה אין בית המדרש, אז אין אָברוה־צייט זאָל
מען לערנען.

דער פריהמאָרגען איז אבער געווען א וואַרימער, א שענער.
עס האָט געצויגען דרויסען, און דער שול־עולם האָט זיך געלאָ־
זען מיט די גמרות אויפ'ן ברייטען און פרייען, מיט גראָז בע־
וואקסענעם שול־הויף. דאָ זענען צום זיצען געמאכט געוואָרען
עטליכע בענק. דער גרויסער עולם האָט זיך געשאָקעלט אויף די
בענק איבער די גמרות. אבער ניט קוקענדיג אויף דעם רבי'ס
שטרענגען פערזאָג אין די אָנגעקלעפּטע מודעות, האָט זיך ניט
געלערנט: מען האָט זיך נאָר געשאָקעלט פון יוצא וועגען. אנ־
דערע האָבען געדרעמעלט. ווידער אנדערע — אי אינגערע אי

עלטערע — זענען אומגעגאנגען און ניט אכטענדיג אויף דעם רבי׳ס „אזהרה" — גערעדט „דברים בטלים".

נאר די קינדער האבען ערפילט — ווי עס האט אויס־געזעהן — הייליג דעם פארזאג אין דער מודעה. זיי זענען, אין זייערע אטלעסענע לאנגע קאפאטקעלעך און דיזעלבע אטלעסענע מיצלעך, געזעסען אנגעבויגען און געשאקעלט זיך איבער דער גמרא. פלפל׳ענדיג זיך איינער מיט דעם אנדערן איבער א כיט־רע אויסגעקלערטע קשיא און פארענטפערענדיג דיזעלבע קשיא מיט א המצאה׳דיגען, נאך מעהר כיטרע און געווים נאך פריהער פאר דער קשיא אויסגעקלערטען, תירוץ. די קשיא איז בעשאפען געווארען נאר אום צו ווייזען דעם שכל׳דיגען איינפאל פון דעם תירוץ און בעווייזען אויף אזא ארט די חריפות פון די ענטפע־רער און פרעגער צוזאמען. דאס פלפל׳ען זיך און האמפערן זיך איז געוועזן זעהר התלהבות׳דיג. די יונגע אויגעלאך האבען גע־בלישצעט, די אויסגעווייקטע, בלאסע פנים׳לאך האבען גע־שיינט. נאר פאר דעם טיפערן בעאבאכטער פון די דאזיגע התלהבות׳דיגע חקרנ׳ען און איבערשרייען איינער דעם אנדערן, האט ניט געקענט ענטגעהן. אז די גאנצע סצענע איז א געמאכ־טע, א געקינסטעלטע. די ווינקענדע זון און דער קונדס׳עוואטער ווינטעל, וואס האט געשטיפט מיט די אינגלאך׳ס ארשין־לאנגע און ברייטע פאות, האבען אין די קינדערשע הערצלאך געווים פארנומען מעהר פלאץ, ווי דער כיטרער, פאר דער נשמה אונבע־גרייפליכער אויסגעמוטשעטער פלפול פון דער גרויסער לאנג־וויילינער גמרא. נאר שאקלען זיך און פלפל׳ען זיך האט מען געמוזט צוליב די טאטעס. ווארים די טאטעס, די דאוונער פונ׳ם רבי׳ס „בית המדרש", זענען אימער אנגעפאהרענע אורחים. זיי האבען געבראכט אהער זייערע אינגלאך צום רבי׳ן ווייזען זייער פרומקייט און התמדה.

בשעת אויף איין באנק האבען זיך קינדער גע׳פלפל׳ט, איז אויף אן אנדער באנק פארגעקומען אן עקזאמען: צוויי מלמדים זענען געזעסען אין ביידע עקען באנק און דריי יונגלאך אין מי־טען. פון די דריי אינגלאך האט איינער אויסגעהאלטען גלענצענד אלע „אטאקעס" פון די „ראשי ישיבות" און די איבריגע צוויי

האָבען געענטפערט „בוידעם“, אָדער האָבען גאָר ניט געענטפערט. זיי האָבען געכאַפּט דעם טיטעל: „גוים“ און דעם פאָרוואורף: „אין וואָס ליגען אייערע קעפּ“? נאָר די כיטרע גלייכגילטיגע מינע פון די „גוים“ האָט געוויזען, אַז זיי אַרט דאָס, ווי די וואַנד. און ווירקליך: ווי דיביידע מלמדים האָבען זיך נאָר אָבגעקעהרט, האָבען שוין אַלע דריי, אַפילו דער „מתמיד“, און „גוטע קאָפּ“ אויך, איינע די אַנדערע גענומען „סטורכען“ און געבען „הינטערפּלעצלעך“.

## א שבת׳דיגער פריהמאָרגען אין „גער״.

די קינדער מיט לאנג צעוואָרפענע פאה׳קעלעך האָבען אונז בעטראכט (איך בין געפאָהרען אין גער צוזאמען מיט א בעקאנטען ווארשויער בוכהענדלער און פערלעגער) מיט א הדרושים׳דיגער נייגירינקייט. זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט געגענאיבער דער באנק, וואו מיר זענען געזעסען, אויפ׳ן הויף, און אויסגעשטודירט אונז פון קאָפ ביז די פיס, ווי מ׳שטודירט חיות אין א טיער־גאָרטען. די סצענע האָט אונז אמוזירט און מיר האָבען זיי געגעבען א שאנס צו קוקען וויפיעל זיי ווילען. אנדערע האָבען אונז בעטראכט פון דער זייט און געשושקעט זיך. אפנים, איבערגעבענדיג איינער דעם אנדערן די „הדרושים“, וואָס זיי האָבען ענטדעקט אין די „דאטשען“. נאטירליך, האָב איך מיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט צו בעקוקען מיינע קליינע בעקוקער. באלד האָבען זיך בעגעגענט אונזערע שמייכלען, און עס האָט נעזאָלט אָנגעקניפט ווערען א געשפרעך. נאָר די גרויסע האָבען זיי מיט געוואלט אוועקגעשלעפט.

די גרויסע האָבען אויף אונז אויך געקוקט פון אָנפאנג מיט פריעדליכער נייגירינקייט. מ׳האָט אונז געפרעגט: פון וואנען מיר זענען און וואָס מיר טוען; איך האָב ערקלערט, אז איך בין געקומען צו א בעקאנטען אויף שבת און האָב שוין אָבגעדאווענט פריהער אין שטעדטעלדיגען „בית־המדרש“. דער תירוץ איז אָנגעגאנגען, און איינינע חסידים האָבען זיך נערן געלאָזט מיט מיר אין א שמועס.

— פאַרוואָס איז דאָ, ביי אייך, אַזוי שטויביג, שמוציג און אָבגעלאָזן? — האָב איך געפרעגט איינעם, וואָס איז געזעסן ביי דעם לאַנגען טיש.

— ווער זאָל קוקן? — האָט דער חסיד געענטפערט מיט אַ פראַגע, — מיר זענען דאָ אַלע אורחים.

— און דער שמש? עס מוז דאָך זיין אַ שמש. קאָן ער ניט אויסווישן די לאָמפּן? אויסקעהרן, האַלטן ריין? און, בכלל, קאָן עמיצער ניט געבן אַ נדבה עפּעס שענערע הענג־לייכטער און לאָמפּן?

דער חסיד און די אַנדערע, וואָס זענען געשטאַנען אַרום, האָבן מיך אָנגעקוקט מאָדנע, פאַרוואָס איך שטעל אַזעלכע פראַגן.

— די, וואָס קומען אַהער, ליגען ניט אין ד ע ם, — האָ־בען מיר געענטפערט אַ פּאָר פון דער זייט, — דער שמש איז אַן אַלטער מאַן, און קיינעם קימערט ניט, ווי און וואָס ער טוט.

דעם רבי׳נס בית־המדרש, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז ענליך צו אַן אַנאַרכיסטישען „מיטינג־האָל" אין נויאָרק. דאָ איז ניטאָ קיין בעל־הבית, אָדער דאָ זענען אַלע בעלי־בתים. אין גער קומט מען צוליב „רוחניות", ניט צוליב „גשמיות". וואָס מעהר שמוץ, שטויב, אומאָרדנונג, אַלץ בעסער פיהלט מען זיך דאָ.

ווען עס קומט אַזאַ עולם, וואָס קאָן זיך בשום אופן ניט אַריינשפּאַרען אין בית־המדרש, דאַן עפענט מען אין סופית דאָס טירעל פון׳ם בוידעם. דאָס טירעל איז אַ ברייטס און דער בוידעם איז אַ הויכער. די אויסען געבליבענע דאַוונען אויפ׳ן בוידעם, און דורכ׳ן טירעל קוקט מען אַרונטער. דאָס טירעל איז גראַד איבער דער בימה. דאָ שטעהט דער רבי בשעת „קריאת התורה", און די חסידים פון אויבען האָבען אַ שאַנס אַריינצו־קוקען גלייך דעם צדיק אין פּנים אַריין.

— פאַרוואָס איז ביי אייך אַזאַ שטיקעניש, דאָ אין ווינקעל אַרום דעם לאַנגען טיש? — האָב איך געפרעגט איינעם פון די חסידים — מ׳האָט דאָך געקאָנט מאַכען דאָ אַ מין גאַלעריע,

אז אלע זאָלען קאָנען זיין ארום דעם רבי׳נס טיש און הערען דעם רבי׳נס תורה...

דער חסיד האָט אויף מיר געקוקט מיט א רחמנות׳דיגען שמייכעל. נאָר א ך האָב איהם פערשטאַנען.

אז די „התקרבות“, דאָס נאָהנט־זיין צום רבי׳ן וואָלט אָנ־קומען לייכט, אהן „מסירת נפש“, אהן א ביטערן, פערצווייפעל־טען קאמפף — וואָלט דאָך דאָס געווען א פשוט׳ע זאך, וואָלט דאָ ניט געשטעקט קיין „התלהבות“, קיין „ברען“. דאָס רעכטע פינטעל ליעגט טאקע אָט אין דעם שטויסען און שטופען זיך, הענגענדיג אויפ׳ן גארטעל 15 שעה נאָכאנאַנד...

— זעהט איהר אָט דעם יונגען־מאן, — רופט זיך אָב צו מיר איין חסיד, מ ט וועלכען איך האָב פריהער געשמועסט, — אָט דער יונגער־מאן מיט די צוריסענע ארבעל, וואָס הענגט דער ערשטער אויפ׳ן גארטעל... איהר מיינט, ער איז אן אָרימאן? ער האָט זיינע דרייסיג טויזענד רובל! זיין טאַטע איז א רייכער לאָדזער פאבריקאנט.

עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז די אלע יונגע־לייט, וואָס הענגען אויף די גארטלען פון פינף א זייגער אין דער־פריה, זע־נען אלע רייכע בעל־הבית׳לעך. דער האָט זיינע 30 טויזענד, דער 20 טויזענד, און דער 10 טויזענד קערבלעך, און זענען ביי טאַטעס, אָדער שוועהר און שוויגערס אויף קעסט. דאָס איז די אריסטאָקראַט׳ע פון דער חסיד׳ישער יוגענד. אלע געהען אין הויכע שטריימלעך און אלטע צוריסענע קאַפּאָטעס, ווייל פון א נייער קאַפּאָטע וואָלט דאָ געוואָרען אש אין איין שעה.

איינעם פון אָט די יונגע־לייט האָט מען געבראַכט אין א קליין פלעשעלע א ביסעל וויין. ער האָט א ברכה געמאכט און אויסגעזופּט. די איבעריגע זענען געשטאַנען פערשמאַכט פון פינף א זייגער אין דער־פריה.

הענגען דאָ הדרייצעהן שעה אויפ׳ן גארטעל, אין אזא שרעק־ליכער שטיקעניש — דערצו פאָדערט זיך א גרויסע מאָס אידעאַ־ליזם, — האָב איך געטראַכט, — און אָט דער געראַנק מיינער איז געווען א נאַטירליכער: ליידען, פייניגען זיך צוליעב אן אי־דעע, די אידעע מעג זיין אנ׳איינגעשמועסטע, — דאָס ווייזט

אויף העכערע גייסטיגע בעדערפניש און שטרעבונגען, דאס דארף מאכען איידעל דאס פנים און צינדט־אן אין אויג א ליכט פון אינטעליגענץ.

גאר אומזיסט האב איך געזוכט אין די צופלאמטע פנימ'ער פון אט די יונגע־לייט עפים ליכטיגקייט. קיין שום שפור פון געדאנק! האפנונגסלאזע טעמפקייט, אונוויסענהייט און ווילדער אבערגלויבען אויף אלע געזיכטער. די גאנצע סצענע דא, וועלכע איבערראשט צום ערשטען בליק, ערשיינט אייך, נאך א טיעפע־רער בעטראכטונג, ניט מעהר, ווי א מין ספארט, וואס געהט אי־בער, אונבעוואוסט, בירושה, פון איין דור חסידים צום אנדערן. א גאנץ יאהר גרייט מען זיך צו אט דעם ספארט פריהער, און א יאהר נאכאנאנד שפעטער שפייזט ער דעם טעמפען געדאנק. אט דער מין ספארט האט זיך זיינע איינפאלען, שפיצלעך, העל־דישקייט, אז איהר ווילט, מיט וואס מען ריהמט זיך איינער פאר דעם אנדערן.

דער יונגער חסיד, וואס איז מיט א האלבער שעה פריהער ארויסגעפלויגען פון שורה, ווי א באמבע, און האט מאמענטאל ווידער פערכאפט זיין פלאץ — ד א ס מ א ל פעסט און זי־כער — האט בעוויזען אן אונגעהויערע, כמעט אונבעגרייפליכע קראפט און געשיקטהייט, וואס האט ארויסגערופען אלגעמיינע בעוואונדערונג אין בית־המדרש. ער אליין איז אבער דערפון ניט נתפעל געווארען, זיין פנים איז געווען מורא'דיג צוהיצט, און נאך דעם זיעג איז ער געווארען נאך טעמפער, ווי פר הער.

דער רבי אליין — איך האב איהם גוט בעטראכט דורכ'ן פענסטער פון דרויסען — איז ווייניג עהנליך אויף א חסיד'ישען רבי'ן. ער איז א מענש אין מיטעלע יאהרען מיט א טיעף שוואר־צער באָרד; זעלטען וואו ווארפען זיך דורך גרויע האהר. ער האט א ברייט און לענגליך געזיכט און זעהט אויס, ווי א בכבוד'יגער סוחר. כאטש ער דאווענט התלהבות'דיג, ווארפט זיך נאכאנאנד און פערטיעפט זיך אין „דבקות", דאך ליעגט אויף זיין פנים א מין סוחר'ישע רוהיגקייט, געמישט מיט א תמימות'דיגער גוטמוטהיגקייט.

דאך ווענען דעם גערער רבי און גערער „הויף" בכלל —

זיין פערגאַנגענהייט און געגענוועַרטיגען צושטאַנד — וועט זיין געַרעדט בעזונדער. איך וויל ענדיגען וועגען מיין וויזיט.

איך מוז מודה זיין, אז דער סוף איז פאַר מיר ניט געוועזן אזוי גינסטיג, ווי דער אָנהויב. מיין בעגלייטער איז אוועקגע־פאָהרען און איך בין געבליבען, אום צו בעזוכען נאָכאמאָל דעם בית־המדרש צו וואַרמעס.

איצט, ביי מיין צווייטען בעזוך אין דעם רבי'נס בית־המדרש, האָט זיך די דעקאָראַציע געביטען. אין ווינקעל ארום דער לאַנגער באַנק איז געוועזן איינג ביז צום דערשטיקען, נאָר פייערליך שטיל; די ענגענדיגע יונגע־לייט זענען אזוי ער־שטאַרט געוואָרען אין זייער ענגענדער פּאָזע. אויף די ארומיגע פענסטער, אויף די שטענדערס, אויף דער בימה, ארום די איי־זערנע סלופּעס, אויף די אַלמערס, מיט ספרים איז געוועזן אנ־געשטעקט מיט חסידים, גרויסע און קליינע, אזוי ווי מיט פליע־גען. נאָר פון צייט צו צייט איז די שטילקייט איבערגעריסען געוואָרען דורך די קלאַפּעריי פון די געפּעס, מיט די געריכטען, וואָס מ'האָט דערלאַנגט, דורכ'ן שמאָלען טירעלע פון דעם רבי'נס וואוינונג, צום טיש. אלעמענס אויגען זענען געוועזן צו־געשמידט צום טיש, ארום וועלכען עס זענען געזעסען דער רבי מיט די געהויבענע געלאַדענע געסט. פון איין געריכט צו דעם אנדערן האָט מען געזונגען זמירות. דער גאַנצער עולם האָט אונ־טערגעהאַלטען מיט דבקות און פליעסקען מיט די הענד.

איך האָב מיך געוואָלט דורכשפּאַרען נעהנטער צום טיש, נאָר דאָ האָבען זיך אָנגעהויבען ציהען צו מיר חסידים פון אַלע זייטען. איך האָב געהערט דייטליך הינטער מיר פּראַזען: וואָס דרעהט ער זיך דאָ ארום ?... הא ?.. גיב איהם אין קאַפּעליוש!...

די לאַגע איז געוועזן ניט גאָר קיין זיכערע. איך בין ארומגע־נומען געוואָרען פון א חאָפּטע חסידים, ווי מיט א קייט. איינער פון זיי, אן עלטערער, א דיק בערדיגער, מיט א ברייטען, פּרע־כען פּנים, א ברייטער און גערויטעלטער נאָז — א פּנים, פון משקה — איז צוגעגאַנגען האַרט צו מיר:

— ווער זענט איהר ? פון טריאַטער אַפּנים, הא ? א שריי־בער ?... ר'ווילט אונז בעשרייבען ?... הא ?..

— גיב איהם אין קאפעליוש !... — האט איין שטריימעל געזאגט פון דער זייט.

עס איז געווארען א גערויש, ווי פון א ביהנען־שווארם. די האפטע האט מיך ארומגענומען אלץ פעסטער. מיין וויזיט אין ער וואלט זיך געווים ניט גוט געענדיגט, ווען א פאר אלטע סאליוע חסידים וואלטען ניט אבגעהאלטען די איבעריגע פא־נאטיקער. איך האב מיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט, האב געמאכט ביסלעכווייז הינטער־טריט, דורכשניידענדיג דעם רינג, און בין לאנגזאם ארוים פון בית־המדרש. דרויסען האט מיך קיי־נער נ״ט געטשעפעט. איך האב מיך געשטעלט אויף א באנק אויף יענער זייט פענסטער און געקאנט רוהיג נאך א געוויסע צייט בעטראכטען די ווארמעס־סצענע און הערען די זמירות.

# דער גערער הויף.

דער איצטיגער גערער רבי, רב אברהם מרדכי אלטער („אלטער“ איז דער פאמיליען נאמען) איז א דירעקטער צווייג פון דעם „בעש׳ט“ (רבי ישראל בעל שם טוב.) דער „גערער“ איז פון אמאל אן ניט אומזיסט חשוב אין דער גאנצער חסידי־שער וועלט און אפילו ביי די פרומע ליטוואקעס. צווישען דעם היינטיגען גערער׳ס זיידעס און עלטער־זיידעס זענען געווען גרויסע מופלגים, מקובלים, בכלל אידעאליסטען און גרויסע מענשען, און ס׳איז נאטירליך, וואס „גער“ איז ביי א פוילישען חסיד און זאגאר ביי אנ׳ארטאדאקסישען ליטוואק אזוי הייליג כמעט ווי ירושלים.

אז עס מאכט זיך ביי א פרומען יודען עפעס אנ׳אומגליק, רחמנא לצלן: קיין קינדער ניטא,אדער עס האלטען זיך ניט קיין קינדער, צי א קינד שמד׳ט זיך, צי אנ׳אנדער צרה, — איז „גער“ די לעצטע „דיסטאנציע“. פריהער געהט מען צום „קאידאנא־ווער“, צום אשמיאנער“, צום „ליובאוויטשער“, צום „אלעקסאנ־דראווער“, צום ראדזימינער“ און גאר צום סוף, אז די טויערן פון טרעהרען שיינען צו זיין אלע פערשלאסען, — לאזט מען זיך צום „גערער“.

דער גרינדער פון דעם גערער „הויף“ איז געווען רבי איטשע מאיר. דאס איז געווען מיט פופציג יאהר צוריק. געוועל־טיגט האט ער א גאנץ קורצע צייט: בלויז זיבען יאהר. ער האט אבער געלאזען אין דעם פויליש־חסידישער וועלט א טיפען רושם. די חסידים דריקען זיך וועגען איהם אויס, אז ער איז געווען „סלתה ושמנה של החסידות“ — דאס „זעמעל־מעהל“ און דאס „אייל“ פון חסידות. נאך זיין טויט האבען אלע פוילישע יודען א נאמען געגעבען זייערע ניי־געבוירענע קינדער „איטשע־

מאיר", און זאגאר ביז איצט איז אַט דער נאָמען זעהר אָפט ביי די פּוילישע חסידים. דערפון שטאַמט, וואָס אַ פּוילישען חסיד רופט מען ביי די ליטוואַקעס „איטשע־מאיער".

די „גערער" האָבען אין זייער „יחוס־בוים" געהאַט רביים, וואָס זענען ארומגערינגעלט מיט אַ וואָלקען פון לעגענדעס. איינער פון זיי, פון דעם בעל שם טוב'ס תלמידים, רבי יעקב־יצחק האָט געהייסען — דער „יוד". פאַרוואָס האָט ער געהייסען דער „יוד"? ווייל אַמאָל — דערצעהלען די חסידים — איז ער געגאַנגען זוכען אליהו הנביא'ן. ער איז געקומען אויף אַ יריד. דאָרט זענען געווען טויזענדער פּויערים מיט זייערע וועגען און פערד. אין מיטען אָט די מאַסען פּויערים האָט ער דערזעהן, ווי איינער טראָגט זיך, רייטענדיג, האַסטיג אויף זיין פערד, און ער האָט טאַקע „איהם" גלייך דערקענט. „אָט איז ער!"... האָט ער אָנגעוויזען מיט דער האַנד צו זיינע חסידים אויפ'ן פּויער. נור דער פּויער האָט אויף איהם אויפגעהויבען די בייטש און געזאָגט: „אידזש, זשידזשע!"... ד. ה. געה, יוד!

„אליהו הנביא" האָט דערמיט געגעבען צו פערשטעהן — אַזוי האָבען די חסידים דאָס אויסגעטייטשט — אַז רבי יעקב־יצחק איז אַנ'אמת'ער יוד. פון דעמאָלט אָן הייסט ער ביי די חסידים דער „יוד".

דאָס איז איינע פון די שענסטע חסידישע לעגענדעס, אין וועלכער עס ליגט אָהן אַ ספק בעהאַלטען אַ טיפערע כוונה; דער בעסטער, דער גרעסטער יוד איז דער פּשוטער „יוד" — אָהן אַ שום טיטעל. די פערשטעלונג פון אליהו הנביא אין אַ פּראָסטען פּויער ווייזט אויך אויף דער מאָראַלישער גרונד־אידעע פון אמת'ער חסידות. די וואָהרע געטליכקייט — הייסט עס — פון אַ מענשען (אליהו הנביא) דריקט זיך אויס ניט אין גרויסער געלעהרזאַמקייט, נאָר אין תמימות, ארבייטזאַמקייט און נאָהנקייט צו דער נאַטור (דער פּויער). זוכען דעם געטליכען מאַן דאַרף מען נישט אין די גרויסע ישיבות און בתי־מדרשים, ניט אויף די פערזאַמלונגען פון בעריהמטע געלערנטע, נאָר אין די פלעצער, וואו עס קלייבען זיך צונויף גרויסע מאַסען פון ארבייטס־מענשען, פון פּויערים (דער יריד).

צווישן די עלטער־זיידעס פון דעם „גערער" איז געווען איינער א רבי, רבי מענדיל קאצקער, וועמעס שיקזאל האט געקאנט דינען פאר א דראמאטורג אלס טהעמא צו בע־שאפען א מערקווירדיגע טראגעדיע.

רבי מענדעלע קאצקער איז געווען א גרויסער למדן, א דענ־קענדער גייסט, און איז צו די עלטערע יאהרען „נתפקר געווא־רען, ד. ה. געווארען אן „אפיקורס". ער האט אפנים, אין געהיים פון זיינע חסידים, געקראגען צו לעזען פילאזאפישע ביכער, און איז געווארען דורכגעדרונגען מיט פילאזאפישע אידעען. ער האט געוואלט רעפארמירען דעם חסידיזם, בעשאפען דערפון א טעאריע, געבויט אויף פילאזאפישע יסודות; שאפען פון די חסידים יענעם שטארקען קערן אינ'ם יודענטום, וואס זאל זיין א העכערע, א ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון דעם בעש"ט'ס תורה. דאס האט זיך אבער איהם ניט איינגעגעבען און ער איז געווארען פעסימיסטיש, אין זיך איינגעשלאסען. די חסידים דערצעהלען, אז, זאגענדיג פאר דעם עולם, פלעגט ער זיך פער־טיפען אזוי ווייט, אז ער פלעגט אבלייקענען די „השגחה פרטית" און בעהויפטען, אז „לית דין ולית דיין" — „ניטא קיין געריכט, ניטא קיין ריכטער". די צוהערער פלעגען אזוינע רייד, נאטיר־ליך, ניט אננעהמען גלאט, נאר אויסטייטשען אויף זייער שטיי־גער, אז דא ליגען בעהאלטען טיעפע כונות און סודי סודות. די סודות און די כונות — האבען די חסידים בעהויפטעט — זענען אזוי טיעף, אז דער, וואס איז ניט קיין קדוש, אזוי ווי דער רבי אליין, קאן פון זיי „פערברענט" ווערן. און דעריבער האט מען בעשלאסען, אז אחוץ איינצעלנע מענשען, גאר די נאהענטע פונ'ם צדיק, זאל קיינער ניט הערען זיינע חסידות. רבי מענ־דעלי'ן האט מען ווידער אזוי פערגעטערט, אז מען פלעגט איהם כמעט פון זיין חדר ניט ארויסלאזען.

אזוי דערצעהלען חסידים פון רבי מענדעלי קאצקער, און זיי לייקענען, נאטירליך, אב, אז זייער רבי איז אן אפיקורס גע־ווארען. געוועהנליך, דארף מען פערשטעהן די מעשה אנדערש. די פערגעטערונג און פערהייליגונג פון רבי מענדעלי'ן איז גע־ווען נישט מעהר ווי א פאליטישער „טריק". מ'האט פשוט דעם

רבי'ן איינגעזעצט אויף זיין לעבען־לאנג אין קערקער פון זיין חדר מיוחד, כדי ער זאל ניט האבען די מעגליכקייט צו פראפא־גאנדירען אפיקורסות פאר דעם ברייטען חסידישען עולם*).

עס זעהט ז'ך אן, אז רבי מענדעלי אליין האט דאס פער־שטאנען, נור די קאנספיראטיווע וואך ארום איהם איז געווען אזוי שטארק, אז ער האט גאר נישט געקאנט טאן, א חוץ... שילטען זיינע פייניגער. אמאל — דערצעהלען די חסידים — האט דער רבי געמאכט ביי זיך הבדלה, און זיין שמש רבי פייוויל, — אפנים, פון די פערשווארענע געגען א'הם — האט גע־האלטען דערביי א ליכט. נאך הבדלה האט ער געהייסען דעם שמש, ער זאל נאך האלטען דאס ליכט און אליין האט ער איהם געשאלטען. דער שמש האט געהאלטען דאס ליכט און דער רבי האט געשאלטען מיט ביטערע קללות. דאס ליכט האט שוין גע־האלטען גאר ביים אויסגעהן און דער שמש, ווי ערשטארט, האט ניט געוואגט צו פערלעשען עס און געהאלטען דעם עק ליכט אויפ'ן נאגעל פונ'ם פינגער. ענדליך האט אויך דער נאגעל אנ־געהויבען צו ברענען און דער שמש האט פון שמערץ אראבגע־ווארפען דעם לעצטען רעשט פונ'ם ליכט און עס איז געווארען פינסטער. — שטעה!... ווארט נאך!... ווארט!... האט דער רבי געשריען מיט ערביטערונג — ניט פערלעש!... איך האב נאך די לעצטע קללה ניט ארויסגעשאלטען...

די דאזיגע לעגענדע האראקטעריזירט טריי די בעצויבע־רענדע קראפט, וואס אט דער מערקווירדיגער רבי האט געהאט אויף זיינע חסידים אפילו אין אט די שרעקליכע מאמענטען פון זיין לעבען.

איינער פון דעם גערער'ס פאמיליע, רבי גרשון העניך, וועל־

---

*) אנדערע זאגען, אז רבי מענדעלי קאצקער האט אליין ניט געוואלט אננעהמען קיין חסידים, ווייל ער האט זיך ענטוישט אין דער מעגליכקייט צו בילדען פון זיי אן עלעמענט פאר אמת'ע חסידות, צו אויפהויבען זיי צו דער מדרגה, ווי ער האט געוואלט, און זיך האט דעריבער איינגעשלאסען אין זיך. דער ערשטער נוסח שיינט מיר אבער מעהר וואהרהאפטיג.

בער איז געווען א רבי אין ראדין, סעדלעצער גובערניע (ער איז געשטארבען אין יאהר 1896), איז געווען א געניאלער מענש אין טעכנישע ערפינדרונגען. ער האט אליין געמאכט א לאקאמא־טיוו, וועלכער איז ביי איהם אומגעגאנגען אויפ׳ן טיש, האט גע־בויט א דאמפף־מיהל, געשטודירט פון זיך זעלבסט מעדיצין און פלעגט נעהמען, זאגט מען, 10-15 רובל פאר א וויזיט. ער איז געווען בטבע א לץ, פלעגט תמיד ליעב האבען צו זאגען גלייכווערטלעך און חסידים פלעגען ארייגלעגען אין די צו־„פרייע“ ווערטלעך הויכע כונות.

נאך איינער פון דעמזעלבען גערער׳ס פאמיליע, דער פרוסעוועד רבי, ר׳ אברהם׳עלע, איז געווען א פאטאלאגישע נאטור און איז אויך בעקאנט מיט זיין טראגישען שיקזאל.

אט דאס איז די פערגאנגענהייט פון דעם גערער „הויף“. וואס אנבעלאנגט דעם איצטיגען צושטאנד, איז ער כמעט דער־זעלבער, וואס אין דער גאנצער חסידישער וועלט. דער ריינערער אידעאליזם און די שטרעבונג צו אחדות, צו הערצליכקייט; די בעגייסטערונג און תמימות׳דיגע איינפאכסייט פונ׳ם בעל־שם טוב׳ס תורה, איז אויסגעוועבט און ווערט אלץ מעהר פער־וואנדעלט אין א מין אבסאלוטיזם אויף א קאפיטאליסטישען באדען.

דער גערער „הויף“ בעשטעהט איצט פון זיבען פאמיליעס, אחוץ דעם רבי׳ס. די אלע זיבען פאמיליעס (פינף ברידער, דעם רבי׳ס, און צוויי שוואגערס) לעבען אויף דעם חשבון פון די חסידים. קיין דירעקטער שטייער אין דער געשטאלט פון פדיונות איז ניטא. נאך רבי איטשע־מייער, דער ערשטער גע־רער רבי, האט אבגעשאפט די פדיונות. דערמיט איז אויך אב־געשאפט געווארען די גבאות אין דער אמאליגער העסליכער גע־שטאלט.

פון וואס־זשע לעבט דער רבי און דער גאנצער הויף?

פון אן אינדירעקטען שטייער, וואס ווערט, אין דער אדער אין יענער פארם, ארויפגלעגט אויף די חסידים. דערפון בעקומט דעם רבי׳ס הויז א דריטעל; דאס צווייטע דריטעל ווערט געגע־בען דער אלמנה פון דעם פערשטארבענעם רבי׳ן, און א דריטעל

קריגען די איבעריגע פון דער משפחה. אחוץ דעם, האט די משפחה נאך א קוועלע פון הכנסות, וואס טראגען אויך אריין א שענע מטבע. זי האט אין מאנאפאל אן אגענטור פון א פער־זיכערונגס־געזעלשאפט. פאר די 12 יאהר, זינט דער מאנאפאל עקזיסטירט, האט די אגענטור געמאכט — זאגט מען — ביי די חסידים ביז זיבען מיליאן פאל׳סען. פון אט די צוויי הכנסות איז דעם רבי'ס משפחה פערזארגט מיט „פיינער חיונה“. מען עסט, מען טרינקט, מען קליידט זיך און מען נייהט זיך פון דעם שענסטען און דעם בעסטען, די ווייבער מאכען זיך קליידער אין די גרוי־סארטיגע ווארשאווער מאדע־מאגאזינען און דוקא אין קריסטליכע. יודען גיט מען ווייניג ארבייט, עס זאל חלילה ניט שאדען קיין „עין הרע“...

פונדעסטוועגען איז שווער צו זאגען: ווער וועמען עס עקספלאאטירט מעהר — דער רבי די חסידים, צי די חסידים דעם רבי'ן?

אינוויינינג איז גערער חסידות, אזוי ווי סאחאטשאווער, אזוי ווי ביאלער, אזוי ווי סטריקער — אויסגעוועבט. ווי אומע־טום. אין דער חסידישער וועלט, איז דא אויך ניטא קיין שטארקע פערזענליכקייט, וואס זאל קאנען זיין א צעמענט, אויפהאלטען ווענינגסטענס די אידעע פון אחדות, דעם אויסערליכען גלאנץ פון אמאליגען חסידיזם. אזא פערזענליכקייט קאן אויך ניט זיין. די אומשטענדען פאדערן זי ניט. די חסידים האבען שוין לאנג פערלארען די אלט־פרענקישע פשטות און תמימות פון זייער לע־בענס־געביי. די גערער חסידים, וועלכע בעלאנגען מעהרסטענ־טייל צו דער ווארשאווער און לאדזער גרויס־און־מיטעל־בור־זשואזיע, ליגען א סך מעהר, אין מאכען קאפיטאל, ווי אין דעם עולם האצילות. זיי דארפען האבען א רבי'ן, וואס זאל ביי זיי שפילען דיזעלבע ראלע, ווי דער ענגלישער קעניג ביים ענגלישען פאלק — צוליעב פוץ און פאראד.

זיי האבען אבער ניט אזא רבי'ן.

דער איצטיגער „גערער“ איז פיליכט איינער פון די וויי־ציגע „גוטע יודען“, וואס זענען נאטירליך און אויפריכטיג אין זייער בערוף. ער שפילט ניט די ראלע פון א בעל מופת, ער ניט

נישט קיין קמיעות, ניט קיין סגולות. „וואס קומט איהר צו מיר?"" וואונדערט ער זיך, ווען עס קומט צו איהם א יוד, צי א יודענע מיט א חלאת.

— געהט צום דאקטאר! — עצה׳ט ער זיי.

— געהט צו א סוחר! — ראט ער אנדערע, וואס קומען צו איהם פרעגען אן עצה מכח מסחר: איך בין ניט קיין דאק־טאר, ניט קיין סוחר.

ווארום כאטש דער גערער רבי זעהט אויס אויפ׳ן פנים ווי א בכבוד׳ער סוחר, פונדעסטוועגען איז ער גאנץ ווייט פון דעם סוחר׳ישען גייסט, מיט וועלכען דער גאנצער „הויף", אחוץ איהם, איז דורכגעדרונגען. דאס איז א יוד א תמים, א גראדע נאטור, א יושב אוהל, וואס האט נור איין פערלאנג: צו זיצען רוהיג אין אוהל פון דער תורה. טיעף אין דער נשמה איז איהם, אהן א ספק, צו לאסט דער גאנצער פאמפ פון פיהרען א „הויף" און א „טיש". ער וואלט זיך געוויס געפיהלט בעסער און גליקליכער, ווען מ׳לאזט איהם צו־רוה, לעבען ערגעץ שטיל אין א ווינקעל.

נאר וואס וואלט דאן געווען מיט דעם גאנצען הויף? מ׳ט די צעהנדליגער טויזענדער חסידים?

* * *

פעהיגער פונ׳ם רבי׳ן אליין צו פיהרען די חסידישע עדה איז געווים זיין יונגער ברודער, דער יורש פון גערער כסא. דאס איז א מענש מיט א לעבעדיגען טעמפעראמענט, מיט שטארקערע אונטערנעהמונגס־פעהיגקייטען, מיט א ברייטען, כאטש ניט טיפען, קוק אויפ׳ן לעבען. ער איז אין דער יוגענד געווען גע־חאפט אין „אפיקורסות", ד. ה. פלעגט לייענען מאפו׳ס און סמאלענסקי׳ס „ביכלעך", נאר ער איז שוין לאנג א „בעל תשובה". ער איז א פעהיגער סוחר און אינטערעסירט זיך שטארק מיט „מלי דעלמא". מיט עטליכע יאהר צוריק האט גע־נומען ארויסגעהן אין ווארשוי אן ארטאדאקסישע וועכענטליכע צייטונג „הקול", אין העברעאיש, דערנאך, אז זי איז אונטער־געגאנגען, איז אויף איהר פלאץ געקומען אנאנדער ארטאדאק־

סיש בלאַט, שוין אין יודיש. דאָס איז געווען דעם גערער רבי'ס ברודער'ס אונטערנעהמונג. דער צוועק פון די דאָזיגע ביידע אָרגאַנען איז געווען „מחזיר למוטב" זיין די חסידישע יוגענד, וואָס איז אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע ווייט אַרויסגעקראָכען פון שפּאַן און פערשאַפּט פיעל זאָרג די פרומע חסידישע טאַטע־מאַמעס. דער „הקול" איז אָבער געווען אַ „קול קורא במדבר". די יוגענד האָט מיט אַ סך מעהר חשק געלעזען די „פאָלקס־צייטונג" און די עלטערע — „די בלוטיגע פּרוי", ווי זייער אייגענעם חסידישען אָרגאַן. דער פאַקט איז אָבער דאָך געווען אַ חאַראַקטעריסטישער און אינטערעסאַנטער. די חסידות האָט אין יענער שטורמדיגער צייט געמוזט אַרויס פון שטיבעל און פיהרען איהר פּראָפּאַגאַנדע ניט בלויז ביים „שולחן", נאָר דורך דער פּרעסע, ווי אַלע פּאַרטייען און חברות.

ס'איז מעגליך, אַז די ליטעראַרישע אונטערנעהמונג, וואָס האָט אַלענפאַלס געלעבט ניט קיין סך מעהר פון דעם „קקיון דיונה", האָט אויך געהאַט אַנאַנדער זייט, אַ ביזנעס־זייט. ליטעראַטור איז דעמאָלט געוואָרען אַזאַ גאַנגבאַרע סחורה אויפ'ן יודישען ביכער־מאַרק, ווי קיינמאָל ניט פריהער. דער „הויף" האָט זיך דאָן געלאָזען אין אַ גרעסערע ביזנעס־ליטעראַרישע־אונטערנעהמונג. מ'האָט אַרויסגעגעבען אין אַ גרויסער צאָהל עקזעמפּלאַרען דעם אַלטען רבי'ס חבור מיט דעם איינפאַך־קלאָרען חשבון צו פערדינען אַן דעם 100 טויזענד רובל פון די הונדערט טויזענד חסידים. נור אָט דער פּלאַן איז אויך דורכגעפאַלען. די חסידים האָבען דעם חבור ניט געקויפט. מען האָט צוגעבאַקט צו אַלע ליטעראַרישע עסקים אַ שענע פּאָר טויזענדער. דאָס ווייזט, אַז די פּוילישע חסידים זענען דאָך ניט אינגאַנצען אומבעוואוסטזיניג: מ'לאָזט זיך בעשטייערן נור ביז אַ געוויסען שטאַפּעל און — מעהר נישט.

# אַ רבי — אַ ברוקירער.

דער „ברוקאַרזש“, אָדער „אַ רבי — אַ מכשף“ האָט געהייסען דער פּאַריגער פּעטריקאָווער רבי. „ברוקאַזש“ איז אין פּויליש אַ ברוקירער. דער לעצטער פּעטריקאָווער רבי איז ווירקליך געווען אַ ברוקירער. פון ברוק האָבען איהם פּעטריקאָווער חסידים גענומען צו „קעניגען“.

ווי אַזוי קומט אַ ברוקירער צו זיין אַ רבי? וועט איהר פרעגען.

אַט די פראַגע האָבען פּעטריקאָווער חסידים אויך געפרעגט, נאָר איבערגעקעהרט: ווי אַזוי קומט אַ גוטער יוד צו זיין אַ ברוקירער?

פּעטריקאָווער חסידים האָבען געפונען, ווי געזאָגט, זייער „גוטען יודען“ אויפ'ן ברוק. דאָס איז געווען גאָר אַ וואונדערליכער יוד. דער האַלז, דער גאַנצער פּנים איז ביי איהם געווען אַרומגעוואַקסען מיט האָר. דאָס געזיכט האָט זיך כמעט ניט געזעהען דורך די האָר. נאָר דאָס איז ניט אַלעס. דאָס וואונדערליכסטע איז ביין ברוקאַרזש געווען, וואָס בשעת ער האָט געברוקירט די שטיינער, האָט ער ניט געקניט, ווי אַנדערע ברוקירער טוען. שטעהענדיגערהייד האָט ער געלעגט די שטיינער און פּלאַסטער.

אַ חוץ דעם האָט דער „ברוקאַזש“ כמעט מיט קיינעם ניט גערעדט. האָט מען איהם עפּעס געפרעגט, האָט ער אַ ברום געי

טאָן אין באָרד אריין, וואָס האָט בעדעקט זיין גאַנצען פּנים און האַלז, און — מעהר — ניט א וואָרט.

— דאָס איז ניט קיין פּשוט'ער יוד! דאָס איז א למד־וואָווניק! האָט אימיצער א זאָג געטאָן, מ'ווייס ניט צו א ליץ, צו א בת קול פון הימעל.

— „א למד־וואָווניק!“ — האָט זיך דורכגעטראָגען א געמורמעל צווישען פּעטריקאָווער חסידים.

נאָר דער „ברוקאַזש“ האָט פון קיין זאַך ניט געהערט, פון קיין זאַך ניט געוואוסט. אָדער אפשר מאַכט ער זיך? ער בעהאַלט זיך?

מ'האָט גענומען זוכען מיטלען, ווי אַזוי צוצוטרעטען צום „ברוקאַזש“. מ'האָט איהם גענומען טראָגען פון דאָס שענסטע און פון דאָס בעסטע, אונטערוואַרפען כלומרשט איהם די מטבע. דער „ברוקאַזש“ האָט אַלץ געברומט אין באָרד אריין, גאָר נישט גערעדט, געזעצט די שטיינער אין ברוק שטעהענדיג און... האָט פונדעסטוועגען גענומען, וואָס מ'האָט געגעבען.

די פּעטריקאָווער חסידים האָבען געזעהן, אז דער ברוקאַרזש, דער „למד־וואָווניק“, לאָזט זיך נעהמען, האָבען זיי בעשלאָסען צו נעהמען דעם „ברוקאַרזש“ פון ברוק און אַוועקזעצען איהם אויפ'ן „טראָן“.

דער „טראָן“ איז גראָד דעמאָלט געוועזען א לעדיגער. ניט לאַנג איז געשטאָרבען דער „זאַלוזשינער“. דער „זאַלוזשינער“ איז אויך געוועזען גאָר א מערקווירדיגער, אויך א למד־וואָווניק, אָבער גאָר אויף אַן אַנדער שטייגער. וועגען איהם וועט קומען שפּעטער. די פּעטריקאָווער חסידים האָבען בעשלאָסען, אז זיי זענען ניט, ווי אַנדערע חסידים. אז זיי מוזען האָבען א „למד־וואָווניק“.

דער „ברוקאַרזש“ האָט זיך ניט לאַנג בעהאַלטען. ביסלעכווייז איז ער „נתגלה“ געוואָרען, געלאָזט זיך אַנטפּלעקען. גערעדט האָט ער נאָך אַלץ ניט. אויפ'ן טראָן איז ער אָבער געזעסען, די „מלוכה“ געפיהרט... מיט זיין ברום אין דער באָרד אריין.

איינגיכעץ איז דער „ברוקארזש" מפורסים געוואָרען אין דער גאַנצער וועלט. מ׳איז צו איהם געפּאָהרען פון ליטא, וואָה־לין, פון גאַליציען, פון דייטשלאַנד, פון אמעריקא. ער האָט גע־וועלטיגט איבער הונדערט טויזענד חסידים אין אלע לענדער. מיט זיינע „מופתים" האָט געקלונגען. ער האָט געהיילט מיט „סגולות" און „קמיעות". אונטער אכטצעהן רובל א פּדיון איז ניט געגאַנגען.

נאָר דער גרעסטער וואונדער איז געווען, וואָס דער „ברו־קארזש" האָט אלע צוויי יאָהר חתונה געהאַט. א טייל ווייבער זענען ביי איהם געשטאָרבען, א טייל ווייבער האָט ער גע׳גט. דעם לעצטען מאָל האָט ער חתונה געהאַט צו נייַנציג יאָהר.

חסידים האָט עס אביסעל גע׳חדושט. אָבער צו יעדער חתונה איז דאָך געווען א וועטשערע. חסידים האָבען זיך דערוויי־לע משמח געווען, געטאַנצט, געהוליעט, געזונגען, געגעסען.

דער „ברוקארזש" איז ניט געווען צופרידען, וואָס די חסידים פּערזיצען זיך ביי איהם צו שפּעט אויף דער חתונה.

— מאָרגען זינגען! מאָרגען זינגען! — האָט ער געברומט אין באָרד אריין.

— „מאָרגען זינגען"! „מאָרגען זינגען"! דאָס איז די איינציגע ירושה, וואָס איז געבליבען אין פּעטראָקאָוו ביי קינד און קייט פון דעם „ברוקארזש".

געשטאָרבען איז ער צו הונדערט יאָהר. נאָך זיין טויט איז זיין טראָן, זיין רייכטום מיט זיין גאַנצער גדולה פערשוואונדען, ווי עס איז גאָר נישט געווען. זיינע קינדער האָבען זיך צולאָזען איבער די וועלט. די חסידים האָבען זיך אויסגעצוכעט, ארומגע־זעהן זיך, אז מיט׳ן „למד־וואָוואָניק" איז עפּעס ניט גלאַט גע־ווען. דער גאַנצער רעספּעקט צום „ברוקארזש" איז פערפאַלען געוואָרען. אויף זיין קבר האָט מען קיין „אהל" ניט געשטעלט, ווי דער מנהג איז ביי אנדערע פערשטאָרבענע גוטע יודען. נאָר א מצבה, אַן איינפאַכע, שטעהט אויף זיין קבר. קיינער פון די צעהנדליגער טויזענדער פערעהרער זיינע קומט ניט אהין מתפּלל

זיין און שיקען דורך איהם קוויטלאך צום „רבונו של עולם״. פערנעסען איז דער „ברוקארזש״, ווי א שווערער ס׳נסטערער חלום. דער חסידישער המון שעמט זיך איצט צו רעדען וועגען „ברוקארזש״, זיי גלויבען, אז דאס איז געווען ניט ס׳ין גלאטער מענש, אז דאס איז געווען א מכשף...

# א רבי — א דאקטאר.

איידער ער איז רבי געווארען, האט ער געהייסען ד"ר בערנארד. געשטאמט האט ער פון גאליציען. שטודירט דאק־טאר האט ער אין ברעסלוי. ער האט געהאט א נאמען פון א גרויסען געלערנטען מאן.

פאר וואס און ווי אזוי ער איז אנגעקומען אין רוסלאנד און זיך בעזעצט אין פעטריקאוו, האט קיינער ניט געוואוסט. נאר אין איניגע טעג ארום נאך זיין אנקומען אין פעטריקאוו, האבען זיך אנגעהובען צו טראגען איבער'ן שטאדט גאר וואונ־דערליכע מעשיות וועגען דעם „זאלושינער דאקטאר". מ'האט דערצעהלט, אז באלד, ווי ער האט זיך בעזעצט אין שטאדט, האט ער ארויסגעווארפען די געשיר דורכ'ן פענסטער און זיך געקויפט נייע: האט איינגעפיהרט פליישיגע כלים בעזונדער און מילכיגע בעזונדער. די ווייב האט געמוזט אנטאן א „שייר־טעל". אליין האט ער אראבגעווארפען פון זיך דעם צילינדער־הוט און דעם שווארצען ראק, האט אנגעטאן א שטריימעל און א זופעצע מיט א גארטעל. דערנאך האט ער אנגעהויבען פיה־רען דאקטאריע אין שטאדט.

און אלס דאקטאר האט ער זיך אויפגעפיהרט גאר מאדנע. פאר א וויזיט האט יעדערער געמוזט בעצאהלען. און נישט אבי וואס, נאר דוקא צוויי גילדען. דאס איז געווען א פעסטע טאק־סע. דינגען זיך האט ניט געהאלפען, האט אימיצער ניט געהאט האט ער געמוזט לייהען און צאהלען מזומנים. דאס געלד פאר

די ווידימען פלעגט דער זאלושינער דאקטאר לעגען אין א פוש־קע און דער נאך צוטיילען אויף צדקה.

וועט איהר פרעגען: פאר וואס איז דער זאלושינער געוועזן אזוי שטרענג אין דער טאקסע און גאר נישט ארונטער־געלאזען? איז דער תירוץ, אז ער, דער זאלושינער, האט שטארק געגלויבט אין דעם כח פון מעדיצין. ער האט געוואלט אז יודען זאלען זיך היילען, זאלען נעהמען זיין „רפואה", זאלען האבען צו איהם צו־טרוי. ער האט אויך געוואוסט אז יודען זענען א צוטראגען פאלק: ס'איז נימא קיין צייט צו קוקען אויף זיך. דער עיקר איז פרנסה. אויפ'ן געזונד קוקט מען ניט. רופט מען א דאקטאר, איז נאר פון יוצא ווענען. מ'פערלאזט זיך מעהר אויף נסים, ווי אויף דער רפואה. איז דער דאקטאר אן אומזיסטער, האט מען צו איהם קיין דרך ארץ ניט. מ'גלויבט ניט אין זיין רפואה און מ'נעהמט זי ניט. קאסט אבער געלד, וועט שוין א יוד נעהמען די רפואה. ווארום געלד זשאלעוועט א יוד! בעצאהלט ער דעם דאקטאר, וועט ער שוין פאלגען דעם דאקטאר, וואס ער זאגט, וועט שלינגען די פילען אדער זופען פון דער מעדעצין־פלעשעלע אקוראט, ווי דער דאקטאר האט געהייסען.

אום שבת איז דער „זאלושינער" געפאהרען צו זיינע פא־ציענטען, געפאהרען בפרהסיה, דעמאנסטראטיוו. ווארום „פקוח נפש", האט ער געזאגט, איז העכער פון שבת. האט אום שבת אויך געלד גענומען. אבער שרייבען א רעצעפט פלעגט ער ניט. ער פלעגט פאהרען אליין אין אפטייק, אליין דארטען מאכען די מעדיצין און ברענגען דעם חולה אין שטוב אריין. פאהרען פלעגט ער צו די פאציענטען אין גרעסטען פראסט, ביי טאג און ביי נאכט. האט ער געזעהן, אז דער קראנקער מוז האבען וואויל־טאג, אדער דאס געזינד איז ארים, האט ער שוין יענעם אריינ־געשיקט וויפיעל און וואס יענער האט געדארפט. אבער צאהלען פאר דעם וויזיט האט מען געמוזט און ניט ווייניגער פון צוויי גילדען.

דער „זאלושינער" איז אין א קורצע צייט מפורסם געווא־רען ווייט ארום און ארום פעטריקאוו. מ'האט אנגעהויבען צו איהם צו פאהרען פון דער גאנצער וועלט. ביי קריסטען איז ער

קעודען נאָך מעהר אָנגענומען, ווי ביי יודען. פריצים, גלחים, גענעראַלען, פּויערען — ביי אַלעמען האָט ער געהייסען דער הייליגער דאָקטאָר.

ביי נאַכט פלעגט דער „זאַלושינער“ זיצען און לערנען. נאָך מעהר אָבער פלעגט ער זיך בעשעפטיגען מיט דער וויסענשאַפט. ער האָט געהאַט אַ רייכע מעדיצינישע ביבליאָטעק. האָט אַליין אויך געשריבען אַ מעדיצינישע ווערק אויף דייטש. געקענט האָט ער נאָר צוויי שפּראַכען: פראַנצויזיש און דייטש. פּויליש האָט ער זיך שוין שפּעטער אַביסעל אויסגעלערנט. זיינע קינדער האָט דער „זאַלושינער“ דאָקטאָר ניט געגעבען קיין שום בילדונג. ער האָט זיי ערצויגען אַזוי, ווי ס׳ווערען ערצויגען אַלע יודישע קינ־דער אין פּוילען: זיי האָבען געלערנט אין בית־המדרש, געגאַנגען אין קאַפּאָטעס און שטריימלעך, געטראַגען לאַנגע געקרייזעלטע פּאה׳לעך. שבת און יום־טוב פלעגט דער „זאַלושינער“ זאָגען פאַר די חסידים תורה, מיט דביקות, מיט התלהבות, מיט טענץ און נגונים, ווי אַלע רביים. קיין קוויטלעך, קיין סגולות, קיין קמעות האָט ער ניט געברויכט. ער פלעגט נאָר היילען קראַנקע מיט פּשוט׳ע רפואות און פּיהרען די געזונטע מיט עצות פון גע־זונטען פערשטאַנד. זיינע קינדער זענען פּשוט׳ע יודען חסידים, ווי אַלע חסידים. נאָר זיינע אייניקלאָך זענען שוין היינטוועל־טיגע. אַ סך פון זיי זענען געשטודירטע. דער גרעסטער טייל פון זיינע קינדער און אייניקלאָך זענען אין אַמעריקאַ.

דער זאַלושינער האָט ניט געפּראַוועט קיין „טיש“, גלייך ווי אַנדערע רביים. האָט ניט צוגעגרייט פון זיינע קינדער יורשים פאַר דעם „טראָן“. ער האָט אַליין אויך ניט געזוכט צו ווערען אַ רבי. דאָס איז געשעהן נאַטירליך, אַליין פון זיך. זיינע קינדער האָט ער, ווי געזאָגט, ערצויגען פאַר פּשוט׳ע יודען, דורך זיינע טעכטער האָט ער ניט געזוכט צו פערקנעפּלען זיך מיט רייכע חסידים. איין טאָכטער זיינע האָט געלעבט פון די נדבות, וואָס חסידים פלעגען וואַרפען אין פּושקע, וואָס איז געווען צוגע־שלאָגען צום „אהל“ אויף זיין קבר.

נאָך דעם זאַלושינערס טויט האָבען זיינע חסידים זיך ניט געקענט צוקלייבען קיין רבי׳ן, דאָס איז דאָך געווען אַזוי אונגע־

ווּנדערליך, אזוי וואונדערליך. ביי א סך פון זיי איז געווען אייג־
געפלאנצט דער גלויבען, אז דער „זאלושינער" איז געוויס געווען
א למד־וואוווניק און וויבאלד אז איין מאל איז זיי געווען בע־
שערט א למד'וואווניק, טא פאר וואס זאלען זיי ניט האבען
אזא רבי'ן נאך אמאל? דערמיט ערקלערט זיך, פילייכט, פאר־
וואס די חסידים פון „זאלושינער" האבען זיך אנגעכאפט אן
דעם „ברוקארזש". א ברוקירער, וואס קניעט זיך ניט, וואס
רעדט ניט, וואס האט אזא וואונדערליכען פנים, מסתמא איז
ער פון יענע, וואס בעהאלטען זיך; מסתמא איז ער א למד־
וואווניק...

אבער, ווי דונקעל די מאסע איז, לאנג קען מען זי ניט
נארען, מיט איהר געזונדטען אינסטינקט דערשפירט זי די וואר־
הייט, פריהער אדער שפעטער. נאכ'ן טויט פונ'ם „ברוקארזש"
איז פערשוואונדען געווארען יעדער שפור פון איהם. דער וועג
צו זיין קבר איז פערוואקסען מיט ווילדען גראז, אויף זיין קבר
ברענט קיין ליכט ניט, איז ניטא קיין „אהל", ס'קומט קיינער
ניט בעטען פון זיינע פריהערדיגע איינגעגלויבטע.

אויפ'ן „זאלושינער'ס קבר" אבער איז אויפגעבויט א שע־
נער „אהל". דארט ברענט טאג און נאכט א „נר תמיד". פול איז
דער „אהל" מיט קוויטלעך פון טויזענדער מענשען, וואס קומען
מתפלל זיין אהער פון גאנץ פוילען, און ליטא, און וואהלין;
פון דער גאנצער וועלט. און פון יאהר צו יאהר וואקסט דער
קראנץ פון לעגענדען, וואס פלעכטען זיך ארום דעם גלאנץ און
אנדענקען פון דעם וואונדערליכען זאלושינער דאקטאר.

# דער ביאלער „הויף".

צווישען אלע חסיד'ישע „הויפען" אין פוילען האט קיינער ניט בעזעסען אזא גלאנץ, אזא צויבער, ווי דער ביאלער. ניט אין גער, ניט אין טריסק, ניט אין אנדערע רבי'אישע „הויפען" האט מען פערשטאנען די קונסט צו פיהרען אזוי א „טיש" ווי אין ביאלע.

דער ביאלער רבי יעקב יצחק איז געווען פון שפיץ רבי־אישען יחוס. ער איז געווען אן אייניקעל פונ'ם „יוד" און א אור־אור־אייניקעל פון די בעסטע תלמידים פונ'ם בעל־שם־טוב.

דעם לעצטען ביאלער רבי'ן האט מען גערופען דער „הינקעדיגער". נאטירליך, האבען חסידים זיך ניט ערלויבט איהם צו רופען מיט אזא נאמען, נאר מתנגדים. עס איז אבער געווען אן אמת. דער „ביאלער" איז ווירקליך געווען א הינקעדיגער.

און פונדעסטוועגען איז דאס געווען ניט גאר קיין גע־וועהנליכע פערזענליכקייט. ער איז געווען זעהר א פעהיגער און זעהר א קלוגער. ער האט געוואוסט אזוי צו האלטען זיך מיט זיינע חסידים, אז מענער און פרויען האבען איהם פערגעטערט. אן ארימע יודענע, וואס האט דאס גאנצע לעבען געצאהלט דעם רבי'ן „ראטע", ד. ה. וועכענטליכען פדיון פאר איהר בן־יחיד, האט זיך תמיד געקלאגט נאר אויף איין זאך: פארוואס זי איז ניט קיין מאנסביל און קאן ניט שטעהן נאהנט נעבען רבי'ן.

נאך א פאקט ווייזט אויף דער בעזונדערער פערגעטערונג פונ'ם ביאלער רבי'ן. געוועהנליך, האט יעדער רבי ביי זיך אין

שטעדטיל ווענינער חסידים, ווי אומעטום. די שטעדטיל'דיגע, וואס ווייסען די סודות פון „הויף", וואס קענען דעם רבי'ן און זיינע לייט פון דער אינעווייניגסטער זייט, האבען פאר איהם וועניג דרך־ארץ און ערלויבען זיך פון איהם אפילו אונטערצולאכען. אין ביאלע איז געווען פערקעהרט. דא, ביי זיך אין שטעדטיל האט דער „הויף" געהאט זיינע טרייסטע און ערגעבענסטע אנהענגער.

דאס אליץ האט דער „ביאלער" געהאט צו פערדאנקען זיין גרויסער קונסט צו פיהרען די „מלוכה". איבערהויפט ימים־נוראים איז ער געווען אימה'דיג: ארומגעשטעקט מיט זיעבען שופרות. אין א ווייסער זיידענער זופעצע, אליין געלייענט דעם ספר. ביים „טיש" האט ער געזאגט תורה איינציגע אבגעריסענע ווערטער און דער „טיש־זיצער", ד. ה. דער גבאי, וואס איז געווען א טאלמעטשער, פלעגט אויסטייטשען דעם רבינ'ס כונות. קיין רבי האט נים געקאנט אזוי קונציג, ווי ער, די תנועות פון פערגאפען זיך. פערגעהן אין די הימלישע וועלטען אויף לאנג און דערנאך זיך אויפכאפען, ווי די נשמה זיינע וואלט אראבגעשפרונגען פונ'ם זיעבטען הימעל און אנגעריהרט זיך ערשט אן דער זינדיגער ערד.

דער „ביאלער" איז געווען צו־שטאלץ ארומצופאהרען נאך פדיונות, ווי אנדערע רבנים. די פדיונות האט איטליכער געבראכט צו איהם אליין. יעדער חסיד, אפילו דער ארימסטער, איז געווען בעלעגט מיט א וועכענטליכער אבצאהלונג. דאס האט געהייסען „ראטע". דער קלענסטער ווייבערשער קוויטעל האט געקאסט א רובל. רייכע חסידים פלעגען גלאט געבען געלד אהן א שעור. דעם רבינ'ס ווינקעלער האט געהאט פאר טויזענדער רובל די טייערסטע ווינען. ביים טיש איז צוגעגאנגען לויט א שטרענגען, כמעט קעניגליכען צערעמאניאל.

א חוץ די קמעות פלעגט דער ביאלער געבען די קראנקע „סגולות", וואס האבען ניט זעלטען מיט אנ'אמת געווירקט. די סגולות זענען פשוט געווען — היגיענישע מיטלען. יונגעלייט, וואס זענען געווען גרויסע מקורבים אין הויף, האבען מיר דערצעהלט, אז דער אלטער רבי פלעגט לעזען אין אבטריט די

„הצפירה“ און האָט ביי זיך געהאַט אַ פיינע וויסענשאַפטליכע ביבליאָטעק. נאָכ׳ן רבינ׳ס טויט, מיט פינף יאָהר צוריק, האָבען אַלטע משכילים געפּאַקט און צוגע׳גנב׳עט פון הויף אַ מאַסע השכלה־ספרים. פון די דאָזיגע „טרפה“ ביכער האָט קיינער אין הויף ניט געוואוסט ביז נאָכ׳ן רבינ׳ס טויט.

---

מערקווירדיגער נאָך פאַר׳ן רבי׳ן איז אָבער געווען די ביאַ־לער רבי׳צין. נאָך איצט ריידען אַ סך מיט ענטציקונג וועגען איהר אַמאָליגער אונגעוועהנליכער שענהייט. אויב דער רבי האָט גענאָסען די פערגעטערונג פון די חסידישע ווייבער, איז זי, די רבי׳צין, געווען דער אָבגאָט פון די חסידים.

זי איז פון דער נאַטור געווען בעגאָבט מיט אַלע קערפּער־ליכע און גייסטיגע מעלות צו פיהרען דעם שטאַט פון אַ פירס־טין, צו געבען דעם טאָן אין גרויסאַרטיגע אריסטאָקראַטישע סאַלאָנען, אַרומגערינגעלט מיט סוויטעם בליצענדע קאַוואַלע־רען. און זי האָט פון דעם רבינ׳ס הויף געמאַכט אַ פירסטליכען פּאַלאַץ. זי האָט געהאַט איהר בעזונדער אַדיוטאַנט, אַ שענעם, אַ געזונדטען גבאי, וואָס האָט זי בעגלייט אומעטום. מיט איהם פלעגט זי געהן שפּאַצירען אָנגעשפּאַרט אויף זיין אַקסעל.

געקליידט האָט זיך די רבי׳צין נאָך דער לעצטער מאָדע פון פּאַריז, וויען און בערלין, איהרע קליידער פלעגט זי זיך בע־שטעלען דוקא אין אויסלאַנד אין די גרעסטע מאָדע־מאַגאַזינען. אַ קלייד איהרס פלעגט קאָסטען 800 און 1000 רובל, אַ שירם — 100 רובל. איהרע זאָקען־בענדלעך זענען געווען אויסגעזעצט מיט בריליאַנטען. בשעת זי האָט אויסגעגעבען אַ טאָכטער, האָט זי, די רבי׳צין אַליין, זיך געמאַכט אַ קלייד מיט אַ גאָלדענעם זוים — אַ טייערעם און אַ שענערעם, ווי דער כלה׳ס.

פון דער רביצינ׳ס לוקסוס און איהר פערגעטערונג ביי די חסידים וועיזען פאָלגענדע צוויי זעהר כאַראַקטעריסטישע פּאַק־טען. איין מאָל איז זי אַריין אין וויען אין אַ מאָדע־מאַגאַזין, קויפען זיך אַ טואַלעט־זאַך. נעבען איהר האָט אויך עפּעס גע־דונגען אַ רייכע פרוי, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען — אַ בע־ריהמטע דייטשע גרעפין. דער פּריקאַשטשיק פון מאַגאַזין האָט

געבעטען א צו־חויבען פרייז. די גרעפין האט ניט געוואלט גע־
בען און איז אוועק. די רבי׳צין האט דאס בעמערקט און ווייל
דער גרעפין איז די זאך געפעלען, האט זי בעצאהלט דערפאר,
וויפיעל מ׳האט געבעטען. נאכדעם, ווי זי איז אוועק, איז גע־
קומען צוריק די גרעפין און האט געוואלט קויפען דעם פוץ־אר־
טיקעל, וואס זי האט געדונגען. נאר עס איז שוין געווען פערפא־
לען. זי האט זיך זעהר געערגערט און געפרעגט: ווער איז דאס
די מיליאנערין, וואס האט איהר אויסגעקויפט די זאך? ווען זי
איז געוואהר געווארען, אז די „מיליאנערין" איז אינגאנצען א
יודישען „ראבי׳ס" א ווייב, איז זי שיער פון זינען ניט אראב.
די דייטשע צייטונגען זענען דעמאלט געווען פול מיט דער
מעשה. נאר די רביצין האט טריאומפירט....

אמאל אין א דונקעלער נאכט האט די רביצין פערלארען
א שפילקע פון די האהר. די שפילקע איז געווען, נאטירליך,
אויסגעזועצט מיט בריליאנטען. ווי די חסידים האבען דאס דער־
הערט, האבען זיך אלע א לאז געטאן זוכען. מ׳האט געזוכט אזוי
לאנג, ביז מ׳האט זי געפונען.

דער ביאלער הויף איז געווען אנ׳אמת׳ער פאלאץ. ער האט
געהאט ארום א גרויסען גארטען, און צום ארויספאהר איז גע־
ווען גרייט א פרעכטיגער קאטש מיט פערד. יעדעס קינד האט
געהאט א בעזונדער הויז, בעזונדערע משרתים, א בעזונדער
סוויטע פון חסידים.

פיער זיהן און צוויי טעכטער האט געהאט די ביאלער
רביצין מיט׳ן ביאלער רבי׳ן. איין טאכטער איז דעם ראדזימי־
נער רבי׳ס ווייב (ראדזימין, גער, ביאלע און טריסק — דאס
זענען די פיער בעריהמטעסטע הויפען אין פוילען און וואלין).
א טאכטער דעם רבינ׳ס, זאגט מען, האט געפיהרט פאר דער
חתונה א ליעבע מיט א פשוט׳ן בחור פון שטעדטיל. מ׳האט זי
אבער געכאפט און דער ראמאן איז געווארען פערשטיקט.
דער יונגסטער זוהן, הערשעלע, איז געווען זעהר א בעגאבטער.
ער איז געווען א זינגער, א שפיעלער אויף פידעל, א מאלער און
דערצו זעהר א שענער. ביי־נאכט פלעגט ער ארונטערוקען די

פאות אונטער'ן היטעל, פלעגט זיך ארויס'גנב'ענען פון חויף און אומגעהן שפאצירען מיט שטעדטיל'דיגע מיידלעך.

דער אלטער ב אלער רבי איז געשטארבען ערב דער ערשטער רוסישער רעוואלוציע. הערשעלע איז געווארען רבי — נאר פאקטיש האט געהערשט די אלטע „פירסטין", די רביצין־מוטער. די דאזיגע הערשאפט האט אבער לאנג ניט געדויערט. דער נייער רבי האט געפיהרט די מלוכה בלויז א האלב יאהר. באלד דערנאך איז ער געשטארבען אין סערלעץ.

דאן האט זיך אין ביאלע אבגעשפיעלט דאסזעלבע, וואס פאסירט אפט אין אמת'ע קעניגליכע הויפען. עס איז פארגעסמען א הארטנעקיגער קאמפף צווישען די געבליבענע זיהן, די פרעטענדענטען אויפ'ן ביאלער „טראהן". דער סוף איז געווען, אז ביאלער „מלוכה" איז חרוב געווארען. פערשוואונדען אויף אייביג איז דער גלאנץ פון ביאלער הויף, פון דער ביאלער יודישער „פירסטין". די זיהן האבען זיך געגרינדעט קליינע „מלוכות" ווער אין מעזעריטש, ווער אין סערלעץ, ווער ערגיץ אנדערסוואו. זייער הערשאפט איז אבער נאר א שאטען פון דער פריהערדיגער פראכט און הערליכקייט פון ביאלער הויף. ביאלער הויף איז פערלאזען, די וועגען צו איהם שטעהען וויסט. נאר א קליינער טייל פון די טויזענדער „עולי רגל" און חסידים־אונטערטאנען זענען געבליבען טריי דער „דינאסטיע", די דירעקטע „טראהן־פאלגער". א סך אבער פון די פריהערדיגע טרייע אנהענגער זענען אונטריי געווארען דעם הויף, זענען אוועק דיענען פרעמדע געטער.

נאר זי, די יודישע „פירסטין", דערלעבט נאך אין לובלין ביי א טאכטער, אין עהרע און רוהיגקייט, איהרע לעצטע יאהרען. א י ה ר ע אנהעננער און פערעהרער זענען איהר טריי געבליבען און האבען איהר א רייכע פענסיע בעשטימט ביז איהרע לעצטע שטונדען.

# אין שטעדטעל פונ׳ם „אלטען רבי׳ן".

דאס שטעדטעלע לאדי, מאהילעווער גוב., איז בעריהמט אלס צענטער פון ליטווישער חסידות. עס איז געווען א צייט מיט הונדערט יאהר צוריק, ווען לאדי האט קאנקורירט אין גייסטיגע הערשאפט מיט ווילנא. אין ווילנא האט געוואוינט „דער גאון", אין לאדי — ר׳ שניאור זלמן, אדער דער אלטער רבי, ווי מען רופט איהם געוועהנליך ביי חסידים.

דער אלטער רבי איז, אייגענטליך, געווען דער ערשטער רבי אין ליטא. ר׳ שניאור זלמן איז געווען ר׳ בער מעזעריטשער׳ס א תלמיד, און ר׳ בער מעזעריטשער איז געווען א תלמיד פון בעל שם.

ר׳ שניאור זלמן איז געווען דער ערשטער, וואס האט פערפלאנצט דעם בעל שם טוב׳ס תורה אין ליטא. דעם מורא׳דיגען קאמפף, צווישען איהם און דעם ווילנער גאון; די מסירות וואס זענען דורך דעם ברענענדען קאמפף ענטשטאנען; די שרעקליכע רדיפות פון ביידע צדדים; דאס זיצען פון ר׳ שניאור זלמן׳ען אין פעטערבורגער פעסטונג, צוויי מאל; זיין אנטלויפען פאר נאפאלעאנען — זיין רעדען מיט׳ן קייסער אלעקסאנדער דעם ערשטען, — דאס אלץ איז שוין לאנג פערשריעבען אין דער געשיכטע פון חסידיזם. דא איז ניט דער פלאץ איבערצוחזר׳ן די אלע לעגענדעס, וואס געהען ארום וועגען דער מערקווירדיגער פערזענליכקייט פונ׳ם אלטען רבי׳ן, ווי אויך די סבות, וואס האבען ארויסגערופען די תורה פון חסידיזם און צופלאקערט

דעם קאמפף צווישען חסידים און מתנגדים כמעט א האלבע יאהרהונדערט. אויף אט דער טעמע איז שוין איצט פאראן בי־כער, און דער לעזער, וואס וויל בעקאנט ווערען מיט דער גע־שיכטע פון דער דאזיגער בעוועגונג, קען שוין בעקומען צו לע־זען וועגען דעם אפילו אין יודיש.

איך בין, פארשטעהט זיך, ניט געפאהרען קיין לאדי צו קלויבען מאטעריאל פאר דער געשיכטע פון חסידיזם. מיין אויפ־גאבע איז געווען פשוט׳ער. איך האב געוואלט וויסען, אויף ווי־פיעל דער גייסט פון חסידות האט זיך נאך דערהאלטען אין זיין אמאליגער ריינקייט און תמימות אין זיין אלטער היים, אין דעם דאזיגען נעסט, פון וואנען ער האט צוערשט פערשפרייט זיינע פליגלען איבער ליטא און האט ארויסגערופען די ערשטע גייסטיגע רעוואלוציע אין דעם לעבען פון די רוסישע יודען.

און לאדי האט מיר נאך שטארקער בעשטעטיגט די פאק־טען, וואס איך האב געפונען אין אנדערע נעסטען פון חסידיזם. די פאקטען, וואס ווייזען אונז בעשיינפערליך, אז דער חסידיזם דערלעבט, דא, ווי אומעטום זיינע לעצטע טעג.

אין לאדי דערלעבט איצט זיינע אלטע יאהרען איינער פון די לעצטע צווייגען פון דעם אלטען רבי׳ס „גזע" (שטאם). ר׳ שכנא הייסט ער. שוין זיין טאטע, אן אייניקעל פון ר׳ מענ־דעלע, (דער „מיטעלער רבי" אדער דער „צמח צדק", ווי מען רופט איהם געוועהנליך, נאך דעם נאמען פון זיין חבור איבער חסידות), האט אליין נעגראבען א קבר פאר די חסידות. דאס איז געווען א גראבער געלד־גייציגער קאריעריסט. ער האט געררי־סען פון לעבעדיגע און פון טויטע. ארימע חסידים, וואס האבען געקענט געבען א גראשענעם פדיון, האבען זיך געמוזט וואלגע־רען וואכען־לאנג און מאנאטען־לאנג אין שטעדטעל און האבען ניט געקענט צוקומען צום „רבי׳ן". דערפאר האבען רייכע חסידים לייכט געהאט א צוטריט צום רבי׳ס טיש. און ער, ר׳ בער, האט טאקע געלאזען נאך זיין טויט 60 טויזענד קארבען מזומנים, א חוץ, מאיאנטקעט, גאלד און זילבער און בריליאנטען.

שוין ביים ענדע פון ר׳ בער׳ס לעבען איז אבגעפאלען דער גרעסטער טייל פון זיינע חסידים. א טייל איז אוועק אין ליבא־

וויטש, א טייל אין קאפוסט, ער האט געלאזען דריי זיהן: איינער איז א האלבער משכיל און א וואלד־סוחר. דער אינגערער איז א חסידישער רב אין וויטעבסק. לאדיער זאגען, אז ער איז עחר־ליכער און מעהר למדן פאר דעם עלטערן. חסידים וואלטען ניט געוועו דאגעגען איהם צו זעצען אויף זיין טאטענס שטוהל, נאר ער וויל ניט פיהרען קיין קאמפף מיט'ן עלטערען, ר' שכנא'ן, וועלכער האט פערכאפט דעם „טראן" און טענה'ט אז איהם קומט די „הערשאפט".

ער איז אבער געבליעבען א קיסר אהן חיל. קיין איין חסיד שמעקט ניט אריין אין לאדי. ר' שכנא האט שוין קינדער גע־האט, זיי אויסגעגעבען, איז אלט געווארען אוןווארט נאך: טאמער וועלען פארט די חסידים קומען און „זאלבען" איהם פאר א רבי'ן, און לאדי וועט גלאנצען ווי אמאל.

אבער קיינער קומט ניט.

ניין, איך האב א טעות. איין מאל, דערצעהלען לאדיער יודען, זענען יא געקומען אין „הויף" א פאר חסידים. ד. ה., אייגענטליך, ניט קיין פשוט'ע אין לאנגע קאפאטעס, נאר „דייטשען". נאר דאס איז קיין וואונדער ניט געווען. דאס פלעגט טרעפען ניט זעלטען, אפילו פאר זיין טאטען און זיידען, אז עס פלעגען זיך אראבלאזען פון אויסלאנד ערגעץ, דייטשען, גע־גאלטע, אין קורצע רעק מיט צילינדערס. אבער דאס זענען אין די „פנימיות", אינעווייניג הייסט עס, געווען כשר'ע חסידים און פלעגען ברענגען שענע פדיונות.

ר' שכנא האט זיך זעהר דערפרעהט. האט אנגעטאן די יום־טוב'דיגע אטלעסענע קאפאטע, דעם טאטענס שטריימעלע און גארטעל, געהייסען אנצינדען ליכט און מיט גרויס כבוד אריינגעבעטען די טייערע געסט אין זאאל אריין. הינטער טיר איז געבליבען שטעהן דער בעל עגלה אין דער ראלע פון א משרת. דעם אלטען'ס אויגען האבען געשטראהלט פון שמחה, אז כאטש צום סוף פון זיין לעבען האט איהם א שיין געטאן די האפנונג.

נאך א לאנגען געשפרעך, האט ער בעגלייט די טייערע אורחים און האט זיי געבענשט. פערדראסען האט איהם אמת, וואס קיין פדיון האבען די חסידים ניט געלאזען. אבער ווי א

פערשטיינערטער איז ער געבליבן, ווען ער האָט דערהערט, ווי די דייטשען האָבען אויף יענער זייט טיר זיך צולאַכט: כאַ־כאַ־כאַ! עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס זענען געווען „לצים", אַז די גאַנצע מעשה איז געווען אָן אָנשטעל.

ר' שכנא האָט קיין נחת ניט פון קינדער. איך האָב אויבען געזאָגט, אַז ער האָט זיינע קינדער שוין לאַנג אויסגעגעבען. עס איז אָבער ניט גאַנץ ריכטיג. אייגענטליך האָבען זיי זיך אַליין אויסגעגעבען. זיינע קינדער זענען אַלע היינטיגע, געשטודירטע. אין די פרייע טעג האָבען זיי אַ שטאַרקען אַנטייל גענומען אין דער בעוועגונג. איין מיידעל איז מיט עטליכע יאָהר צוריק אַנט־לאָפען פון טאַטענס הויז אום שבת. מען האָט זי געוואָלט מיט געוואַלט חתונה מאַכען מיט אַ „צאַציק". זי האָט אָבער געוואָלט שטודירען. מיט דער הילף פון איהר פעטער דעם וואַלד־סוחר און אַנדערע גוטע פריינד איז זי אַוועק אין בערלין. דאָרט האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ בעוואוסטען יודיש־דייטשען שריפט־שטעלער.

דער אַלטער ר' שכנא האָט שוין אויך פערלאָרען זיין ווייב און דערלעבט איינזאַם זיינע יאָהרען אין „הויף". בשעת איך האָב איהם בעזוכט, איז ער געווען אין זיין סאַד. איך האָב גע־וואָלט אַריין צו איהם, נאָר מען האָט מיר געזאָגט, אַז אַ חוץ איהם טאָר קיין לעבעדיגער מענש ניט אַריינשטעקען דעם נאָז אין סאַד. אפילו די קעכין, ווען זי קומט רופען וואַרעמעס עסען, מוז זי אָנקלאַפען פון יענער זייט פּאַרקאַן. וואָרום ער פערשליסט די טירען פון אינעווייניג, כדי קיינער זאָל חלילה ניט גנב'ענען אַ קאַרש, צי אַן אַגרעס.

ר' שכנא איז מורא'דיג קאַרג און האָט ליעב געלד — אַ נעוואַלד. דאָס האָט נעבראַכט דערצו, אַז אין די הויפּישע „פּאַ־קאָיעס" האָט זיך אַריינגעכאַפּט איצט „אפּיקורסות" און אפילו די „טומאה" אַליין. וואָרום ער, דער קאַנדידאַט אויף רבי האָט אַליין פערדונגען איין שטוב פאַר דער יודישער ביבליאָטעק און די צווייטע אין הויף — פאַר אַ שטאָדטיגע שולע. אין דעם הויף, וואו עס רוהט דער גייסט פון'ם אַלטען רבי'ן, איז ניט לאַנג גע־קומען דער גלח בעשפּריצען די שולע מיט „הייליגע" וואַסער.

און נאָך מעהר: ניט לאַנג, בשעת דער שמחה פון דעם דרייהונ־דערט־יעהריגען ראַמאַנאָוו־יוביליעאום, האָט ער, ר׳ שכנא, די „הייליגע״ צווייג פון דער הייליגער „גזע״, צוזאמען מיט׳ן גלח און דעם פּריסטאוו געטאַנצט מאַקע אין דערזעלביגער „שולע״, אין זיין אייגענעם הויף, און געזונגען פאַר גוים דעם אַלטען רבי׳ס נגון.

נפלה, נפלה, לאַדי, ולא תוסיף קום! געפאַלען, געפאַלען לאַדי און וועט שוין מעהר ניט אויפשטעהן! האָבען צוזעהענדיג דאָס געזיפצט.

אין לאַדי האָט איהר די מעגליכקייט בעשיינפערליך צו זעהען, ניט בלויז דעם אונטערגאַנג פון דעם רביאישען גייסט און די רביאישע פּיהרונגען, נאָר אויך דעם חורבן פון רבנות. אין לאַדי איז דאָ א „שענער״ יוד, וואָס וויל זיין א רב מיט געוואַלט אין שטעדטעל. געלד פאַרלאַנגט ער ניט. ער דאַרף נאָר כבוד. אליין איז ער, אמת, א למדן, קען זיין א שוחט אויך. האַנד־לען האַנדעלט ער מיט פּראָצענט און צייטענווייז, זאָגט מען, אויך מיט „לינקע״ זאַכען. זיין געלד פערלייהט ער דוקא אין די אָרימסטע לעכער און מאַכט אַלערליי דריידלעך, כדי ער זאָל קע־נען אַבשרייבען ביי זיין בעל־חוב די לעצטע בעבעכעס. דער שוחט נעהמט פון הינער 5 קאָפּ. פאַר שחיטה. מאַכט ער איהם קאָנקורענץ און נעהמט 2 קאָפּ. שטעדטעל, נאַטירליך, קען איהם צו גוט און וויל איהם ניט פאַר א רב. וואָס־זשע טוט ער? מאַכט ער אש און בלאָטע פון יעדען רב, וואָס שטעדטעל נעהמט. אז עס העלפט ניט, לאָזט ער אין גאַנג אַנדערע מיטלען. וואו דער רב דינגט א דירה, רעדט ער איין דעם בעל־הבית, ער זאָל איהם ניט פערדינגען, ווארום — דערצעהלט ער בלומרשט בסוד — ער וועט זיך לאַנג ניט האַלטען. א געוויסער משולח פאָהרט ארום פון דאַנען איבער דער וועלט קלייבען געלד אויף לאַדיער ישיבה, וואָס האָט קיינמאָל אויף דער וועלט ניט עקזיסט־ירט. ער פאָהרט ארום מיט א ביכעל, גע׳חתמ׳עט פון דעם דאָזיגען שענעם יודען, אלס רב פון לאַדי. מיט דעם געלד, נאַטירליך, טיילט מען זיך ביינאַנד. און מען זאָגט, אז דער משולח מאַכט גלענצענדע גע־שעפטען.

אין שטעדטעל האט מען שרעקליך מורא פאר דעם „שע־נעם“ יודען. ווארום ער האט א זוהן, קען ער שרייבען רוסיש. איז—ווער עס טשעפעט זיך מיט זיין טאטען, אויף יענעם איז גלייך א „פאפירעל“ אהין, וואו מען דארף....

גאר גענוג וועגען לאדיער „הייליגע“ און „שענע“ יודען. די שטעדטעל לאדי אליין איז אויך ווערטה מען זאל עפעס ווע־גען איהר זאגען. לאדי האט גאר א בעזונדער פנים, וואס מאכט איהר אויסקוקען ניט גלייך צו אנדערע שטעדטלעך. פריהער פון אלץ ליעגט לאדי אויפ'ן גרעניץ פון תחום. א שמאל שמוציג טייכעלע מיט אן אלטען, האלב־צופוילטען בריקעל דארויף, טיילט איהר אב פון סמאלענסקער גובערניע. גאר וואונדערליכע גע־דאנקען קריכען אייך אין קאפ, בשעת איהר שטעהט דא אויפ'ן בריקעל. אט זייט איהר א „כשר'ער“ יוד, א טריי שטיפקינד פון רוסלאנד'ס מלוכה, האלט אייך עהרליך איינגעצאהמט אין די „פיער איילען“, וואס דאס רוסישע געזעץ האט אייך בעזארגט. אין א מינוט ארום, איהר זייט נאר אריבער דעם בריקעל, — זייט איהר א פארברעכער: איהר שטעהט אויף פערבאטענע ערד. איך האב ניט געקענט איינשטעהן דעם נסיון און, צווישען אונז זאל דאס בלייבען, בין אריבער דעם בריקעל מיט מיין יודי־שען פאספארט און האב אומגעשפאצירט אין סמאלענסקער גו־בערניע אינ'ם פערבאטענעם לאנד, גאנצע צוואנציג מינוטען. א גליק, וואס פאר דער גאנצער צייט איז ניט דורכגעפאהרען קיין „קנעפעל“, וואס האט מיך געקענט אננעהמען פאר'ן קאלנער און ארייגשליידערען צוריק אין תחום אריין.

אויף מיין קורצען בעזוך אין סמאלענסקער גובערניע האב איך נאר איין מערקווירדיגקייט געזעהן: א דענקמאל, גע־שטעלט מיט אייניגע מאנאטען צוריק צום אנדענקען פון דעם פראנצויזישען קריעג, ווען נאפאלעאן איז דא דורכגעגאנגען אי־בער'ן טייכעל מיט זיין ארמיי קיין מאסקווא און צוריק פון מאסקווא. לאדיער יודען זאגען, אז נאפאלעאן האט דא גענעכ־טיגט אין רבינ'ס הויף. דער רבי אליין — דאס איז געווען דער אלטער רבי, ר' שניאור זלמן, איז אנטלאפען, ווארום ער האט געהאלטען מיט'ן רוס. אין „בית רבי“ (לעגענדען און פאקטען

ווענען אלטען רבי׳ן, ווענען גרויסען קאמפף פאר און געגען חסידיזם, געזאמעלט פון א חסיד), אין אט דעם ספר שטעהט אויף דער טעם, פאר וואס דער אלטער רבי איז געווען ג ע־ג ע ן נאפאלעאנען, בשעת א סך רבנים און א גרויסער טייל פונ׳ם יודישען פאלק האבען סימפאטיזירט מיט׳ן „פראנצויז“. דער טעם, — אזוי ווערט דארט ערקלערט — איז דער, וואס דער רבי האט מורא געהאט, אז ווען נאפאלעאן וועט גובר זיין און וועט געבען די רוסישע יודען אלע רעכט, ווי ער האט געגעבען די פראנצויזישע יודען, וועלען די רוסישע יודען, חלילה וחס, אראב פון וועג, ווי זייערע פראנצויזישע ברידער. אז רוסלאנד אבער וועט איינגעהמען, וועלען יודען, באמת, גאר ניט געווינען, דער־פאר אבער וועלען זיי ניט צולאזען־ווערען און די תורה וועט ניט פערגעסען ווערען.

דער אלטער רבי האט שוין ביי זיין לעבען געהאט אן אונ־געהויערע ווירקונג אויף הונדערטער טויזענדער אנהענגער־חסידים, וועלכע האבען זיך געהאלטען אן דעם זעלבען שטאנד־פונקט, ווי זייער רבי. נאפאלעאנען האט ניט גוט געשמעקט, וואס א גרויסער טייל פון דער גרענעץ־געגענד, ביי סמאלענסקער גובערניע, איז געגען איהם. ר׳ שניאור זלמן האט אלזא, ווי נא־פאלעאן איז געקומען נעהענטער צו לאדי, געמוזט אנטלויפען אונטער דעם שוץ פון א רוסישען גענעראל. אין וועג איז ער גע־שטארבען, עפעס אין א שטעדטעל פון זיד־רוסלאנד.

לאדי, אלס רעזידענץ פונ׳ם אלטען רבי׳ן, אלס דער פונקט, פון וואנען עס האט זיך צופלאקערט די ערשטע גייסטיגע רע־וואלוציע אין׳ם לעבען פון די רוסישע יודען, איז ביז היינטיגען טאג בעריהמט און כמעט פערהייליגט אין יודישען תהום. פאר וואס איז עפעס אט דער שטעדטעל אויסגעפאלען צו שפיעלען א היסטארישע ראלע אין׳ם גייסטיגען לעבען פון די רוסישע יודען? — אויף דעם איז שווער צו קריגען אן ענטפער.

לאדי איז א פערפויערטע שטעדטעל, איינע פון די רייכס־טע אין יודישען תחום און איינע פון די גרעבסטע. דא אי: ניטא קיין מארק, ניטא קיין פריצים, ניטא קיין פאבריקאציע, ניטא קיין וואלד־מסחר וואס שאפען דאס רוב פרנסות פון אנ־

דערע יודישע שטעדט און שטעדטלאך. לייו, זוימען, פענקע, פעלכלעך, חזיר־האר, שוואימען, אייער, פערד — אט דאס זענען די ארטיקלען פון לאדיער מסחר. די דאזיגע ארטיקלען זענען „ראסייער" און דער היגער יודישער הענדלער געפינט זיך דעם גרעסטען טייל פון יאהר אין די רוסישע גובערניעס. פערדיענען פערדיענט מען גוט, אבער אזוי ווי אלע האנדלען מיט די ארטיקלען, ענטשטעהט א מורא'דיגע קאנקורענץ, און גאנץ שטעדטעל איז איינער דעם אנדערען דם שונאים, אפילו אייגענע צוויישען זיך. דאריבער קען זיך דא ניט ענטוויקלען קיין שום געזעלשאפטליכע, קיין שום גייסטיגע ארבייט. די שטעדטעל טרינקט זיך אין בלאטע איצט, ווי אין דער צייט פון אלטען רבי'ן. פאלט אריין א אינטעליגענט, א דאקטאר א שטייגער, וואס וויל אריינברייגען עטוואס ליכט אין געזעלשאפטליכען לעבען, ווערט ער פערשפייט און פערשאלטען. פון דער שמוציגער טייכעל, וואו מען באדט פערד און וואוהין עס פאלען אריין אלע רינשטאקען פון שטעדטעל נעהמט מען וואסער צו טרינקען. די עפידעמיעס בושעווען אקוראט צוויי מאל א יאהר און נעהמען צו א סך קרבנות, איבערהויפט קינדער.

איין ליכטיגער מאמענט איז געווען אין לאדי. דאס איז געזוען אין יענע פרייע טעג. אין אט דעם נעסט פון בלאטע, פינסטערניש, שימעל, רייסעניש און קאנקורענץ האט זיך אריינגעריסען א שטראהל. גרויסארטיגע מיטינגען זענען פארגעקומען אין מיטען מארק; פייערדיגע רעדעס האבען געקלונגען; נאך די מיטינגען האבען פויערטעס פון די ארומיגע דערפער זיך ארומגענומען מיט יודישע פרויען און מיידלאך, געארעמט מאניפעסטירט איבער די גאסען און פרייהייטס־ליעדער געזונגען.

נאר יענער מאמענט איז שוין לאנג פערשוואונדען און די פינסטערניש איז נאך דיקער געווארען. בלויז איין פונק גליהט נאך — די ביבליאטעק, דער „נר תמיד" פון דער יודיש־שטעדטעל. און דא לעבט נאך א האפנונג, אז עס וועלען קומען אמאל בעסערע צייטען פאר רוסלאנד, פאר די רוסישע יודען, און לאדי וועט זיך נאך אמאל ווידער א צוכע טאן פון איהר פערפויערטען מגושם'דיגען דרעמעל.

# דער לעצטער ליטווישער גוטער יוד.

פון חיסלאָוויטש
קיין ליבאוויטש
אוי, וואָס דארף איך אייך?!...
פון ליבאוויטש
קיין חיסלאָוויטש
אוי, וואָס הער איך אייך?!...
(פון אַ חסידיש פאָלקס־ליעדעל).

ליבאוויטש האָט שוין לאנג פערטונקעלט מיט איהר גלאנץ — לאדי, און דער מיטעלער רבי (ר' מענדעלע, אַדער דער „צמח צדק“ — נאָך זיין ספר וועגען חסידות, וואָס ער האָט געשריעבען), האָט אוועקגערוקט אין הינטערגרונד דעם אלטען רבי'ן. ר' מענדעלע ווערט ניט גרעסער געהאלטען פאר ר' שניאור זלמנ'ען. דער אלטער רבי ווערט נאָך אלץ געשעצט פאר דעם גרעסטען, פאר דעם הייליגסטען פון אלע חסיד'ישע רביים אין ליטא. נאָר דער אלטער רבי איז געווען א מענש פון קאמפף. זיין לעבענס־בעשרייבונג איז מעהר געשיכטע ווי לע־גענדע. פאר איהם איז די חסידות ערשט בעשאפען געוואָרען. צופיעל פשוט'ער לעבענסקאמפף איז דאָ אין די מעשיות, וואָס זענען פערבונדען מיט זיין שטארקער פערזענליכקייט.

דערצו איז אין דעם אַלטען רבי'ס לעבען פאָרגעקומען א פּראָגעדיע. איינער פון זיינע צוויי זיהן האָט זיך גע'שמד'ט.

אליין איז ער געשטאָרבען ווייט פון זיין שטעדטעל. זיין צווייטער זוהן ר' בער איז געווען א ליבאוויטשער איידעם און נאָך זיין פאטער'ס טויט האָט ער געגרינדעט ליבאוויטשער טהראָן.

פאר ר' בער'ס זוהן, ר' מענדעלע, האָט זיך דער קאמפף שוין געענדיגט. דער חסידיזם האָט געזיעגט. ער איז געוואָרען א מאכט. ר' מענדעלע איז ניט געווען קיין שאפענדע פערזענליכ־קייט, ווי זיין זיידע ר' שניאור זלמן. דערפאר האָט ער פערשטאַ־נען ארומצוצוינגלען זיין טהראָן מיט אזא גלאנץ און הייליגקייט, אז ליבאוויטש איז פאר איהם געוואָרען א מין ירושלים, אָדער מעקא פון די ליטווישע חסידים. זיין איננסטער זוהן, ר' שמואל־קע, ווען דער „טהראָן" איז אָנגעקומען נאָך זיין פטירה, האָט אויך פערשטאַנען אזוי צו האלטען זיך, אז דער רעספעקט צו דער „גזע", ד. ה. צום שטאָם פונ'ם אלטען רבי'ן איז ניט אָב־געשוואכט געוואָרען, און דער איצטיגער רבי, ר' שלום בער, דער איננסטער זוהן פון ר' שמואל'קען, איז אויך פעהיג צו האלטען הויך די פאָהן פון זיין טאַטענס, זיידענס און עלטערזיידענס לעהרע, און דער רעספעקט פאר ליבאוויטש איז דערזעלבער ווי געווען. פערקעהרט, עס זעהט זיך אָן, אז נאָך מעהר ווי אלע מאָל. ווארום מיט דרייצעהן יאָהר צוריק איז אין ליבאוויטש געגרינדעט געוואָרען א ישיבה און דערמיט איז א נייע עפּאָכע ענטשטאַנען אין דער חסידישער לעהרע. אנשטאָט איינצעלנע פערזאָנען און געשריעבענע ספרים, וואָס האָבען איהר געגעהרט און אונטערגעהאלטען איהר עקזיסטענץ, איז מיט דער ישיבה— א שולע געבויט געוואָרען פאר'ן חסידיזם. די שולע לאָזט ארויס הונדערטער קעמפפער און פערפלאַנצער פון חסידות אין דער וועלט.

און דאָך קען מען זיכער זאָגען, אז די חסידות דערלעבט אין ליטא, אזוי ווי אין פוילען, איהרע לעצטע טעג. די ישיבה וועט איהר ווענינ העלפען. ווארום דער תוך פון חסידות, איהר פונדאמענט, איז געבויט ניט אזוי אויף טהעאָרעטישע לעהרען און געשריעבענע ספרים, ווי אויף דער פערזענליכקייט פון דעם רבי'ן. דער חסיד נויטיגט זיך מעהר אינ'ם רבי'ן ווי אינ'ם רבי'נס תורה. ביי איהם איז די חסידישע תורה הייליג, ווייל זי

נעהט ארויס פונ׳ם רבינ׳ס היילינגען מויל. דער חסיד איז זעהר גענזעלשאפטליך. ער פאָהרט צום רבי׳ן, ווייל דאָרט בעגעגענט ער זיך מיט א סך חברים, ווייל דאָרט, אין דעם גרויסען צוזאמענ־דראנג פון גלייכגעשטימטע און גלייכדענקענדע מענשען, פיהלט ער זיך גוט. דאָרט קען ער פערגעסען זיינע מאטעריעלע זאָרגען, אראָבוואַרפען כאָטש אויף א ווײַלע די שווערע לאַסט פון די אלטעגליכע קאָפּ־דרעהעניש. דער עיקר אבער איז איהם נויטיג א ווארם וואָרט, א טרייסט־וואָרט פונ׳ם רבי׳ן אליין. דעם רבינ׳ס אָפּטע ווארמע, פריינדליכע ווערטער זענען פאר׳ן חסיד א קוואל פון האָפנונג און טרייסט, וואָס נעהרט איהם פון איין יום טוב צום אנדערען. ווייל א חוץ דעם, וואָס דער רבי איז א קלוגער יוד, וואָס האָבענדיג צו טאָן מיט טויזענדער חסידים, ווייס ער גוט די וועלט און קען געבען א ריכטיגע עצה, גלויבט דער חסיד, אז דער רבי פערנעהמט א גרויסען אָרט אין די „עולמות העליונים“, אין די הויכע וועלטען, און „וואָס דער צדיק איז גוזר, איז השם יתברך מקיים“. און דעריבער איז דעם רבינ׳ס ברכה דער שטארקסטער צעמענט, וואָס האלט אויף די חסידים צווישען זיך און פערקניפּט זיי אלעמען מיט׳ן רבי׳ן.

אָבער דערצו איז נויטיג, אז דער רבי זאָל ווירקליך זיין א הויכע פערזענליכקייט, סיי אין לערנען, סיי אין זיין אויפפיה־רונג. ווי דונקעל דער חסיד זאָל ניט זיין, לאנג אָבנארען קען מען איהם ניט. דער לעצטער קאפּוסטער, ווי אויך דער לעצטער לאַדיער רבי, האָבען געקענט זעהר געשיקט פיהרען „טיש“, זאָ־גען חסידות, אָבער זייער גייציגקייט צו געלד, זייער מאָראַלישע קליינקייט בכלל האָט אָבגעשטויסען פון זיי די חסידישע מאַ־סען. און קאפּוסטער און לאַדיער „הויפען“ זענען אין א קורצע צייט חורבות געוואָרען.

דאָס זעלבע וועט, אָהן א ספק אויך זיין מיט ליבאוויטש, אָט דעם לעצטען נעסט פון ליטווישע חסידות. דער איצטיגער רבי ר׳ שלום בער איז נאָך פאַלקאָם אין שטאַנד אויפצוהאלטען דעם רבייאישען אויטאָריטעט. ער איז — ווי ראַדיקאלע ליבאַ־וויטשער יונגע לייט אפילו האָבען מיר איהם געשילדערט,— אַן אויפריכטיגער מענש, זעהר אַן איידעלער און א גוטער. ער

איז אמת פרום, האט ליעב צו טאן א טובה. זיין פיגור איז א הויכע און א שלאנקע. האט פייערדיגע, שעהנע אויגען, א געלע, געקרייזעלטע באָרד, די ירושה פונ׳ם טאטען, זיידען און עלטער־זיידע, דריקט אויס ענערגיע און זעלבסטווירדע. א רויטער פּנים, א ברייטער קארק, א גרויסער שטערן — גיבען אייך קענטיגע סמנים, אז ער איז פון דער „גזע" פונ׳ם אלטען רבי׳ן. ער געהט אנגעטאן פיין — ווינטער אין א טייערען פוטער, זומער אין אן אטלעסענער זופּעצע. בעזיצט פאלקאם דעם טאלענט פון א פיהרער. איז מיט קיינעם ניט פאמיליאר, ווי דער שטייגער פון א רבי׳ן, זאגט ער צו אלעמען „דו". רעדט קורץ און שטארק. אפּטמאל צווײדײטיג. ער האט אן אנהענגערשאפט פון א 50־טויזענד חסידים. אנדערע שעצען אפילו די צאהל ליבאוויטשער חסידים א סך מעהר: ביז 100־טויזענד. די פיהרונג איז א פאל־קאם פירסטליכע. דער דראנג פון חסידים, וואס דורשטען נאכ׳ן רבינ׳ס א ווארט, א בליק איז אונגעהויער גרויס. אמאל פלעגען זיך חסידים אבוואלגערען חדשים־לאנג און ניט קענען צוקומען צום רבי׳ן. איצט זענען איינגעפיהרט צעטלעך און מען נעהמט אן צוויי מאל א וואך לויט׳ן אלף־בית־ארדער. נאטירליך בין איך ניט ערב, אז דער גבאי מאכט ניט קיין מאכעריי, ווי דער שוויי־צער, להבדיל, ביי גרויסע פראפעסארען אדער אדוואקאטען. און א חסיד א גביר קומט נאטירליך צו גיכער.

פאר׳ן אויפנאהם פון חסידים איז בעשטימט צוויי טעג אין וואך: זונטאג און דאנערשטאג. פּדיונות ווערט גענומען. צו זיין א גבאי ביים ליבאוויטשער איז כמעט בעסער ווי צו זיין אן אסיסטענט ביי א בערלינער פראפעסאר. נאר אפילו דער משרת, וואס שטעהט ביים טהיר פלעגט „פערדיענען" ניט וועניגער ווי דריי ביז פיער הונדערט רובעל א חודש. די לעצטע יאהרען איז די רבי׳צין, וואס האט זעהר ליב געלד און פוצען זיך, קלינער געווארען. די געלד, וואס די משרתים בעקומען, ווערט געווארפען אין א פושקע וואס מוז געבראכט ווערען צו איהר און זי טיילט שוין זיי אויס וועכענטליכע קארגע שכירות. א משרת ביים רבי׳ן, א חוץ דעם טהיר־משרת, איז א קאטארזשנער דיענסט. ער שטעהט אויף די פיס און האט קיין רוח ניט בייטאג און

ביינאכט. אזא משרת בעקומט 25 רובעל א חודש געהאלט. פאר אט דעם לוין האט איינער אבגעדיענט 25 יאהר. איצט בעט ער א הוספה 5 רובעל א מאנאט, וויל די רביצין ניט געבען. אין שטעדטעל האט מען די רבי'צין ניט ליב. זי איז א קארגע, צעהלט און וועגט יעדע זאך, וואס א קרעמער ברענגט איהר. פאר זיך אליין האט זי אבער ליב צו לעבען א גוטען טאג. מען האט א טייערע פערד און א פיינעם פאעטאן, און די רבי'צין מיט די אייניקלעך פאהרען זעהר אפט שפאצ ערען.

אין שטוב ביים רבי'ן איז זעהר שעהן. דער פיהרונג איז אייראפעאיש. עס לעבט נאך די אלטע רבי'צין, ר' שמואל'קעס ווייב, דעם איצטיגען רבי'ס מוטער. איך בין געווען ביי איהר אין וואוינונג. זי פערנעהמט א בעזונדער הויז. שבת — איז א מנהג, אז דעם רבי'ס גאנצע פאמיליע עסט ביי איהר ווארמעס. צו טיי קומט די אלטע רבי'צין צום זוהן, צום רבי'ן, און ער, דער רבי אליין, גיסט איהר אן טיי. דער רבי בעציהט זיך בכלל צו דער מוטער מיט גרויס דרך ארץ. אז זי געהט אריין צו איהם, שטעלט ער זיך. ווען ער איז ביי איהר און דארף ארויס, געהט ער מיט הינטער־טריט, דער פנים צו דער מוטער. דער דאזיגער כבוד, וואס דער ליבאוויטשער רבי גיט אב דער מאמען זעהט זיך אן צו זיין א פערדיענטער. די אלטע רבי'צין ריהמט מען אין שטעדטעל פאר א קלוגע אידענע מיט זעהר א גוט הארץ. זי א נ־טערעסירט זיך שטארק מיט דער לאגע פון שטעדטעלדיגע ארימע לייט און טוט אפט טובות געדריקטע מענשען. פונקט א קאנט־ראסט צו איהר איז איהר שנור — די איצטיגע רבי'צין, וועמעס מעלות זענען צום טייל שוין אויסגערעכענטע אויבען. דער שנור'ס שנור, דאס הייסט, דעם רבינ'ס זוהנ'ס ווייב, איז שוין גאר א היינטיגע דאמע. לעזט ראמאנען דוקא פון די סענסאציאנעלע און דוקא נאר רוסיש. צו די קינדער, ד. ה. דעם רבינ'ס אייניקלעך, האלט מען א מלמד אויף לשון קודש, א לעהרער אויף רוסיש און דוקא א גוי'שען. ביי נעהמען דעם רוסישען לעהרער איז פארגעקומען א אינטערעסאנטע געשיכטע. דער שליח, וואס מען האט געשיקט נאכ'ן לעהרער, האט געמיינט, אז דאס מיינט מען דעם יודישען, און האט גערופען דעם לעה־

דער פון דער יודישער שולע, פארבייגעהענדיג, באמערקט, א וואַרעמער יוד און א הייסער אידישיסט. אז דער לעהרער איז געקומען אין הויף, האָט מען איהם געבעטען מחילה און ערקלערט, אז עס איז געווען א טעות. דער יודישער לעהרער איז אוועק א מבוישדיגער און באלד נאָך זיין אוועקגעהן האָט מען טאַקע געשיקט רופען דעם גוי'ישען...

דעם לעזער דארף דאָס קיין וואונדער ניט זיין. א פרומער יוד האַלט, אז א יודישער לעהרער וועט זיין קינד גיכער אראָבפיהרען פון וועג, ווי א גוי; און דעריבער האַלט מען טאַקי אין א סך אָרטאָדאָקסישע הייזער גוי'שע לעהרער און גובערנאַנטינס. דער מיין איז, אז דאָס קינד ווייס דאָך, אז דער גוי איז א גוי, צי די גוי'ע איז א גוי'ע, און וועט זיך פון זיי ניט אראָבנעהמען קיין ביישפּיעל. אין אמת אבער האָבען זיי א ביטערען טעות. די גוי'שע לעהרער און גובערנאַנטינס סטארען זיך צו האָבען יא אַן איינפלוס אויף דער נשמה פון'ם קינד. אזוי ווי אָט דער מין פעדאַגאָגען זענען דאָס רוב מענשען ניט אינטעליגענטע, מיט א געמיינעם כאראקטער, געהען ארויס זייערע יודישע שילער און שילערינען פון זייער ערציהונג פרעמד און זאָגאר פיינדליך דעם יודישען פאָלק, גענייגט צו אסימילאציע און אפילו צום שמד.

און די הייליגע „גזע“ צעהלט ניט איין משומד צו איהר משפחה. די לעזער ווייסען שוין, אז אפילו דער אלטער רבי האָט שוין געהאט א זוהן א גע'שמד'טען. פון דער אנדער זייט זענען פון דערזעלבער גזע ארויס ניט ווייניג דענקענדע און טאַלענטפולע מענשען, אפילו רעוואָלוציאָנערען. אלס כלל איז איינער פון יעדען רבי'ס געזינד פרייגעזאָנען און געשטימט אָפּאָזיציאָנעל צו דער אָנגענומענער חסידות. דעם איצטיגען ליבאַוויטשער רבי'ס עלטערער ברודער, ר' זלמן אהרן, האָט זיך אליין אבגעזאָגט פון'ם „טראָן“, ערקלערענדיג דערביי: „ווי איך'ל וועלען פיהרען, וועלען די חסידים ניט וועלען, און ווי זיי געפעלט, וויל איך ניט“. ער איז, זאָגט מען, זעהר א קלוגער, שטארק בעלעזען אין דער העברעאישער ליטעראַטור, אַן איבערצייגטער וועגעטאַריאַנער. ער איז שוואך אין געזונד. האָבען

איהם דאָקטוירים געהייסען נעהרען זיך גוט, עסען פלייש א סך. הערט ער זיי ניט. הויבט מען אָן מיט איהם צו טענה'ן, האָט ער איין ענטפער: „רעכט, אָבער וואָס איז שולדיג דער בייק..." דער דאָזיגער געוועזענער רבי (א יאָהר צייט בלויז) האָט זיך גענומען צום מסחר, געהאַט א זייף־פאבריק, געהאַנ־דעלט מיט וואלד. נאָר זייענדיג צו אידעאַל, תמימות'דיג, האָט ער, נאַטירליך, גע'פטר'ט זיין געלד. און עהנליכען שיקזאַל האָט געהאַט דעם איצטיגען רבי'ס איינגסטער ברודער, וועלכער האָט זיך אויך גענומען צו מסחר. משולחים האָבען איהם בע'גנב'עט און ער האָט געמוזט באַנקראָטירען און אנטלויפען פון רוס־לאַנד. איצט וואוינט ער אין פאריז. אלע זיינע קינדער זענען געבילדעטע, געשטודירטע.

א שוועסטער האָט דער ליבאַוויטשער רבי אין וויטעבסק (איהר מאַן — א באַנקיר, גינזבורג, איז איינער פון די גרעס־טע וויטעבסקער גבירים) איז זי, די שוועסטער, א וועלטליכע דאַמע, קען גוט העברעאיש. איהרע קינדער זענען געבילדעטע, ריינע נשמות, העכסט לינקע. איין זוהן האָט געשפּיעלט א וויכ־טיגע ראָלע אין דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג, פערשיקט אויף קאַטאָרגע און איז, דאַכט זיך, פון דאָרטען אנטלאָפען קיין אויס־לאַנד.

וואָס אַנבעלאַנגט דעם רבינ'ס איינציגען זוהן, דער יורש פון „טראָן", איז ער ווענינ אינטעליגענט, ניט קיין למדן און סיי זיין גייסטיגע, סיי מאָראַלישע פיזיאָנאָמיע גיבען ניט קיין האָפנונג, אז ער וועט זיין אימשטאַנד אויפצוהאַלטען די ליבאַ־וויטשער מלוכה מיט אזא גלאַנץ, ווי זיין טאַטע, זיידע און על־טער־זיידע האָבען זי געפיהרט. די „לעצטע קייט" פון ליבאַ־וויטש איז, ווי איהר זעהט, שטאַרק „געשעדיגט". און מיר האָ־בען דעריבער גענוג גרונד צו דענקען, אז דער איצטיגער ליבאַ־וויטשער רבי איז דער לעצטער, און אז דאָס ליכט פון לאַדיער און ליבאַוויטשער חסידות האָלט ביים פערלעשען...

---

אין אונגעהויערען איינדרוק מאַכט דער „אוהל", ד. ה. די

שט־בעל, וואו עס ליגען די פערשטארבענע „גוטע יודען" פון ליבאוויטש.

אויף בעזוכען דעם „אוהל" דארף מען האבען א ספּעציע־לע ערלויבניש פון „הויף". דורך פערשיעדענע פּראטעקציעס און שתדלנות, איז מיר סוף כל סוף, מיט גרויס שוועריגקייט גע־לונגען צוצוקומען צו איהם. דער וואס וויל בעזוכען די קברים פון די פערשטארבענע גוטע יודען, מוז געהען פריהער טבילה. איך האב יוצא געווען דערמיט, וואס איך האב ערקלערט, אז איך האב זיך אין דער פריה געבאדען און האב געהאט טבילה אין כונה. ביז וואנען מען קומט צו צום אוהל מוז מען דורכ־שפּרייזען א היבשע ביסעל זומפּען און קלעצער. אסיען־צייט איז דאס ממש פערבונדען מיט מסירת נפש. ביים אוהל איז אויסגע־בויט א שוהל, וואו מען דאווענט אלע שבת. פון שוהל פיהרט גלייך א טהיר אין אוהל אריין. אין שיך און שטיוועל טאר מען אין אוהל ניט אריין, ווארים די ערד איז דארט הייליג. די שיך מוז מען אויסטון פון פארענט אין שוהל, און אריין אין אוהל אין זאקען, אדער אין קורצע וואליקעס, וואס זענען דא אנגעגרייט פאר די בעזוכער. דערצו זענען נויטיג נאך א רייהע צערעמא־ניעס. מיט מיר צוזאמען זענען אריין נאך צוויי: א חסיד, אן אורח, וואס איז געקומען מתפלל זיין אויף די הייליגע קברים פאר אן איינענעם חולה; און א ישיבה־בחור, וואס איז געקו־מען תפילה־טאן פאר א פרעמדען חולה. עס איז אנגעקומען, האט מען נעזאגט אין שטעדטעל, עפּעס א טעלעגראמע, נא־טירליך, מיט א נדבה דערביי, פון א חסיד — א דייטש, אפילו א געשטודירטען זאגט מען, מתפלל צו זיין פאר א חולה אויף די הייליגע קברים, און פאר אימיצען אט פון דעם חסידישען דייטש'ס פאמיליע איז געקומען דער קלויזניק אויספיהרען דעם טעלעגראפישען אויפטראג. אין אוהל, אין רעכטען מיטען, ליגען: דער מיטעלער רבי — ר' מענדעלע און זיין זוהן — ר' שמואל'קע. ארום ליגען 4 אדער 5 זיהן, איידעמס — ניט רביים. דער הויפּט־ציעל פון די בעזוכען איז, פערשטעהט זיך, די צוויי רביים. די איבריגע קברים זענען ניט בעדעקט, אויף זיי איז פשוט אנגעשאטען ערד און זיי זענען בעוואקסען מיט

הויכע פּאַפּאַראַטניק־קוסטעס. דער גאַנצער אוהל (ער איז אַ פּשוט'ער, אַ הילצערנער) איז מיט אַ דעכעל בעדעקט. בלויז אי־בער די צוויי מיטעלע קברים פון די רביים איז קיין דאַך ניטאָ און אויף די קברים פאַלט רעגען און שנעע. די מצבות פון די גוטע יודען שטעהען בעזונדער, אין פראָנט. אַן אַ זייט, אין ווינקעל, שטעהט אַ טיש פערשטעלט אין גאַנצען מיט לעמפּע־לעך, אַנגעפילט מיט אייל, און אַ קנייטעל אין מיטען. דער וואָס קומט מתפלל זיין אויף די הייליגע קברים איז זיך נוהג אַנצוצינ־דען אַ לעמפּעל פאַר דער נשמה פון די גוטע יודען און זאָגען דערביי אַ תפילה. נאָך דער תפילה מעסט מען אוים די קברים פון די גוטע יודען, ד. ה., מען וויקעלט ארום עטליכע מאָל מיט פאָדים די פיער שטעקלעך, וואָס זענען אַנגעשטעקט אין די קברים. דערנאָך נעהמט מען פאָרזיכטיג אראָב די פאָדים פון די שטעקלעך, מען לעגט זיי אויף און — דאָס טראָגט דער קראַנקער פאַר אַ סגולה.

ארויסגעהענדיג פון „אוהל" נעהמט אייך דורך אַ מאָדנער געפיהל. דאָס וואָס איהר האָט צוגעזעהען שמעקט געוויס מיט אַ מין געצענדינעריי. נאָר, פון דער אנדער זייט: דער מענש איז אזוי אונבעהאָלפען, שוואַך און שוצלאָז אין אַ קריטישען מאָ־מענט. און אין דער ברוסט פון דעם אונגעקינסטעלטען פאָלק גארט עפּעס און איהם ציהט צו דאָס, וואָס מ'קען אָנרופען היי־ליג.

יעדער דור בייט זיינע פאָרמען פון הייליגקייט. דער תוך איז אָבער דערזעלבער ביי אלע מענשען און אין אלע צייטען. צו בעדויערען איז דער, וואָס פערהייליגט אַן איינגעבילדעטע זאַך, נאָר אונגליקליכער טויזענד מאָל איז דער, וואָס לעבט מיט אַ פוסטער נשמה און איהם איז קיין זאַך ניט הייליג.

# ר׳ יעקב מאיר.

ווי קומט אין א מינסק א גוטער יוד?

אין אלגעמיין איז די גרויסע שטאדט ניט מסוגל צו פראָ־דוצירען א למד־וואָווניק, א חסידישען רבין, א „בעל שם“ די גרויס־שטאָדט איז שוין לאנג אפיקורסיש. האָט אויפגעהערט צו גלויבען אין מופתים. דער גרעסטער „בעל מופת“ וועט דאָ ווע־רען וואָכעדיג, ווען ער וועט זיין צו נאָהענט אויף די אויגען.

די שטעדטעל האָט נאָך בעהאלטען איהר תמימות, איהר פּאָעזיע און — אויך איהר קינדישען אבערגלויבען. דאָרט איז נאָך א באָדען פאר א גוטען יודען. נאָר אפילו דאָרטען דערלעבט ער זיינע לעצטע טעג.

איז טאקע א וואונדער: ווי קומט אין מינסק א גוטער יוד?

איז טאקע דער אמת, אז מינסק בעריהמט זיך ניט שטארק מיט איהר „גוטען יודען“. נאָך מעהר: עס זעהט אויס אזוי ווי זי וואָלט זיך שעמען מיט׳ן „גוטען יודען“. בעהאלט איהם פון אויג, עפּעס, ווי א מין קאָנטראבאנדע. כאָטש, אין תוך, איז מינסק, צווישען אונז גערעדט, צופרידען.

ווארום אין מינסק, ברוך השם, ווי אין יעדער געבענשטער יודישער קהילה, פעהלען ניט קיין ביטערע הערצער, קיין עגונות, קיין עקרות, קורץ קיין אָרימע עלענדע ווייבער, וואָס נויטיגען זיך שטארק אין א ברכה און טאקע אין א מופת אויך.

אז ר׳ יעקב מאיר איז „נתגלה“ געוואָרען, וועט זיין, זאָגט

מען, א יאָהר עטליכע און צוואַנציג. צום ערסטען מאָל איז ער אנטפּלעקט געוואָרען ערב שבת צווישען די קראָמען. יודען האָ־ וועו, יאָגען זיך נאָך פּרנסה. ערב שבת פּאַרזיצט מען זיך אין די קראָמען; מ'פּערגעסט זיך אויף דער שענסטער מתנה, וואָס גאָט האָט געגעבען די יודען, אויף דעם הייליגען שבת.

האָט אויף זיך גענומען ר' יעקב מאיר צו זיין דער וועכטער פון שבת. נאָך גרויסער טאָג — וואשט ער זיך איין, צוואָגט אוים מחיה'דיג, באָרד און פּאות, פּוצט זיך אויס אין זיין שבת־ דיגער קאַפּאָטע, רוקט אראָב די אַלטע אויסגעריבענע, אָבער דאָך סאַמעטענע היטעל נידעריג איבער די אויגען, כדי ער זאָל חלילה ניט געשטרויכעלט ווערען מיט א קוק אויף ווייבער, און לאָזט זיך א שעה פאר ליכט בענשען שווימען אין זיינע שיף און זאָקען צווישען די קראָמען. ריידען רעדט ער גאָר נישט, נאָר ער רוקט אריין דעם קאָפּ אין יעדער קראָם און קוקענדיג צו דער ערד, וואַרפט ער אריין אין יעדער קראָם נאָר איין וואָרט:

— ברידער !...

דאָס וואָרט ווירקט ווי אן עלעקטרישע שטראָם. אַלעס אין קראָם, וואו דאָס וואָרט פאַלט אריין, ווערט דורכגעדרונגען מיט א ציטער. און כאָטש מינסק איז ניט אזוי פרום, צו פאָלגען באַלד אויפ'ן וואָרט, דאָך בעמערקט זיך א בעוועגונג, א בראזש־ גערייי מיט די טירען. א סך, אמת, טוען עס אויף צו כלומרשט. דער יצר הרע פון פרנסה איז בעוונותינו הרבים, גרוים. מ'האַלט שוין ביי פערשליסען, מ'שטעהט שוין אָנגעטהאָן, ווילט זיך ארייינכאַפּען נאָך א גראָשען „פּדיון".

רבי יעקב מאיר ווייס, כאָטש ער קוקט אין דער ערד, וועמעס בראַזשג מיט דער קראָם־טיר איז אן אמת'ער, וועמעס — א פאַלשער. און ווען עס ווירקט ניט דאָס ערשטע מאָל „ברוי־ דער", איז ער ניט פויל אומצוקעהרען זיך — און אריינוואַרפען א צווייטען מאָל: — „ברידער !"...

נאָר דאָס טרעפט זעלטען. אפילו די יונגע היינטוועלטיגע קרעמער און קרעמערקעס דערשרעקען זיך, ווי נאָר זיי בעמער־ קען, ווי ר' יעקב מאיר פאַרקירעוועט די פּאַלעס און לאָזט זיך צוריק. דעם צווייטען מאָל „ברידער" זאָגט ר' יעקב מאיר

אויף אזוי שטיל, געלאסען און אהן כעס, ווי דעם ערשטען מאל. נאר זיין טריט איז שנעלער, די פאלעס פון זיין קאפאטע ווארפען זיך האסטיגער. עס זעהט אויס, ווי די ציציות פון זיין לאנגען טלית קטן וואלטען זיך בייזערן.

דעמאלט הערט זיך אן אמת'ע בראזשנעריי: עס ווערט אן איילענעס, א געלאף, און די קראמען ווערען צוגעשלאסען.

ר' יעקב מאיר איז איינער פון די ווינציגע פרומע יודען, וואס ווייסען כמעט ניט פון א צורת המטבע. דערצו איז ער א גרויסער „תמים". ער גלויבט ניט ביז היינטיגען טאג, אז ס'זענען דא יודען וואס קענען ביי זיך פועל'ן צו טראגען אום שבת, אדער עסען אהן געוואשען.

דאס אלעס האט איהם שוין לאנג געמאכט בעליבט ביי די ארימע פראסטע יודען, איבערהויפט ביי די ארימע ווייבער, און שוין צעהנדליגע יאהרען, אז מ'געהט און מ'פאהרט צו איהם, מיט ביטערע, קלאגעדיגע הערצער און ר' יעקב מאיר האט פאר יעדען א גוט ווארט.

ר' יעקב מאיר ווייס וועניג וואס ס'טוט זיך אויף דער וועלט. פונדעסטוועגען גיט ער עצות אין די פערשיידענסטע פערלעגענהייטען און דאס פאלק האלט שטארק פון זיינע עצות. א פשוט'ער יוד צו א יודענע וועט זיך ניט לאזען אין אמעריקא, בכלל אין וועג, וועט ניט טאן קיין שדוך, וועט ניט מאכען קיין געשעפט, ניט האלטענדיג זיך פריהער אן עצה מיט ר' יעקב מאיר'ן. נאר מעהר נאך ווי פון ר' יעקב מאיר'ס עצה האלט מען פון זיין ברכה. ר' יעקב מאיר'ס ברכה איז גאר קיין קאטאוועס, זאגען ווייבער, (ר' יעקב מאיר, אזוי ווי דער „אשמינער" איז דערהויפט, א ווייבערשער רבי).

ר' יעקב מאיר אליין איז, פערשטעהט זיך, א גרויסער און א „ירא־שמים" און איז, אהן א שום ספק, מקיים אלע מצוות פון דער תורה ביז דער קלענסטער פינטעלע.

דאך זענען פאראן צוויי מצוות, וואס זענען ביי איהם די ליבסטע, די טייערסטע.

דאס זענען די מצוה פון ציצית און די מצוה צו בעגלייטען א יודען.

ווער עס זאָל ניט קומען צו איהם: א יוד, א יורענע, א ווייבעל, א מיידעל, אלעמען מוז ער בעגלייטען וועניגסטענס דריי טריט.

נאָר גרויס אונבעשרייבליך איז זיין נחת און הנאה, ווען איהם קומט אויס צו זיין אויפ'ן באהן. עמיצען בעגלייטען. דאַן מוז ער וואַרטען ביז דער צוג ריהרט זיך און מוז דעם צוג בע־גלייטען עטליכע טריט. דער רעכנונג, פערשטעהט איהר מיך, איז א פּראָסטער. מיט עטליכע טריט כאַפּט ער אריין א גאַנצען פּאַק מצוות. אזוי צו זאָגען, אין האָלסייל. (אגולנע).

ווארום, פערשטעהט איהר מיך, ווען איין יודען צו בעגליי־טען איז אזא טייערע מצוה, היינט ווי איז — עטליכע הונדערט מיט אמאָל!

וואָס אנבעלאַנגט די מצוה פון ציצית רעכענט ר' יעקב מאיר, אז ווען יודען היטען אָב אָט די איין מצוה ווי עס דאַרף צו זיין, מוז קנמען משיח.

די מצוה פון ציצית פערשאַפט אָפט ר' יעקב מאיר'ן עגמת נפש. ניט וואָס ער איז, חלילה, חושד, אז עס זענען דאָ יורען, וואָס טראָגען ניט קיין ארבע כנפות. ער איז זיכער, אז מ'זאָל אפילו די היינטיגע, א שטויגער, א כאַפּ טאָן אזוי פּלוצלונג און פרעגען: אנו, ר' קרוב, ווייזט נאָר אייערע ציצית, וועט ער ארויסנעהמען אלע פיער ציִצית, אלע כשר'ע, עס פעהלט ניט קיין פעדימ'ל, און ווייזען: נאָט פעטער, אָט זענען מיינע ציצית...

ר' יעקב מאיר אליין איז, פערשטעהט זיך, א גרויסער צדיק היינטיגע רעק, סורדוטען, רחמנא לצלן, וואָס האָבען שפּיציגע קליאַפּען און נאָך א לעבעלע אין יעדער קליאַפּ. אויף דעם אופן איז דאָס ניט קיין וואָכעדיגער בגד, נאָר אז „ארבע כנפות", און מ'מוז האָבען ציצית אי אין די קליאַפּען, אי אין די שפּיצען פּאָלעס...

ר' יעקב מאיר ווייס, אז ער קען די היינטיגע וועלט ניט אי־בערמאַכען: דער יצר הרע פון דער מאָדע איז ביי היינטיגע יונגע לייט, בעוונותינו הרבים, זעהר שטאַרק, און אז ער וועט פּאָדערן

מ'זאָל אויסטאָן די רעק און אנטאָן קאַפּאָטעס, וועט מען איהם ניט פאָלגען. בעט ער זיך, מ'זאָל כאָטש מאכען א „שנוי" אין די קליאַפּעס, ס'זאָל ניט האָבען קיין פּנים פון א „כנפה" (קאנפע).

מיינער א בעקאנטער ציוניסט, א שכן ר' יעקב מאיר'ס, דערצעהלט מיר, אז ער איז פאַר־א־יאָהרען זומער געפאָהרען אין פּאַלעסטינע. פאַר'ן פאָהרען איז ער אריין זיך זעגענען מיט ר' יעקב מאיר'ן.

איך האָב געמיינט, זאָגט מיין בעקאנטער, — אז ר' יעקב מאיר, דערהערענדיג, אז איך קלויב מיך קיין ארץ ישראל, וועט מיך פערוואַרפען מיט בקשות, מיט שאלות וועגען דעם לעבען פון די יודען אין ארץ ישראל. ערשט ד אָ ס אַלץ האָט איהם וועניג געקימערט. נאָר איין בקשה האָט ער געהאַט צו מיר.

— הערט, זאָגט ער, ר' יהודה, אַט איהר פאָהרט אין ארץ ישראל, בעט איך אייך, אז איהר זאָלט זעהן מכוח די היינטיגע סורדוטען... די שפּיציגע קליאַפּעס... דאָרטען, פערשטעהט איהר מיך, דאָרטען, איז דער „לאו" נאָך א הארבערער און איז געוויס „מעכב די גאולה"...

ר' יעקב מאיר'ן האָבען שוין לאַנג די ווייבער געקויפט א סאמעטענע זופּעצע מיט א פיינע שטריימעל, ווי עס פּאַסט פאַר א גוטען יודען. ר' יעקב מאיר האָט זיך דערפון ניט ענטזאָגט, נאָר קיין פּדיונות נעהמט ער ניט. אמאָל — דערצעהלט מיר מיין בעקאַנטער מינסקער ציוניסט — האָט איהם „יוסופקע" דער גוי, דער בעל הבית פון הויף געגעבען א מתנה א פונט טאַבאַק. ר' יעקב מאיר האָט געפרעגט: ווי פיעל ס'קאָסט?

— צעהן גילדען! — האָט איהם יוסופקע געלאָזט זאָגען.

— צעהן גילדען! — האָט ר' יעקב מאיר א שמוצער געטאָן מיט די ליפּען. — אזוינע טייערע טאַבאַק פּאַסט ניט פאַר מיין לולקע. יוסופקע האָט געבראַכט אנדערע טאַבאַק, וואָס קאָסט פינף גילדען א פונט.

ר' יעקב מאיר האָט גענומען די טאַבאַק אין האַנד, האָט ארומגעקוקט דעם פּעקיל און אבגעגעבען צוריק.

— ניטא, זאגט ער, קיין באנדעראל... מ׳מאר ניט...
„דינא דמלכותא"...

אין „דינא דמלכותא" איז ר׳ יעקב מאיר זעהר שטרענג.
אמאל, דערצעהלט מיר זיין שכן, דער ציוניסט, איז ער
געפאהרען ערגעץ מיט זיינעם אן אייניקעל, א קליינעם אינגעל.
דער קאסיר האט א קוק געטאן אויפ׳ן אינגעל און געגעבען פאר
איהם א פערטעל בילעט. ר׳ יעקב מאיר האט א קוק געטאן אויפ׳ן
בילעט. איז איהם קשה געווארען: למאי איהם האט מען גע־
געבען א גאנצען בילעט און פאר דעם אייניקעל עפעס א קליי־
נינקען, א שמאלען און קאסט נאך דערצו זעהר ביליג.

— וואס איז דאס פאר א מין בילעט? — האט ער גע־
פרעגט זיינע בעגלייטער.

— דאס איז א פערטעל בילעט, — האט מען איהם ער־
קלערט. — פאר א קינד ביז 10 יאהר צאהלט מען בלויז פאר
א פערטעל בילעט.

— זאג איהם, אז ס׳איז א ליגען, — האט ר׳ יעקב מאיר
מיט רוגז געזאגט. — דער יונגעל איז אלט 11 יאהר. זאל ער
געבען אן אנדער בילעט.

נאר דער קאסיר איז געווען שטארק פערנומען און האט
געענטפערט: זאל שוין זיין!

— הייס איהם געבען א גרעסערן בילעט, — האט זיך ר׳
יעקב מאיר געבייזערט... אז ער איז א פוילער זאל איך דעריבער
זיין א מורד במלכות!

און ניט נאר דעם „קיסר׳ס א קאפיקע" איז ביי ר׳ יעקב
מאיר׳ן אסור, אפילו נלאט יענעמס א גראשען איז ביי איהם
טריף, ווי חזיר.

אז יוסופקע, — דערצעהלט מיר דערזעלבער שכן זיינער,
האט פערקויפט זיין הויף א יודען, האט דער יוד געמאכט א
צעטעל פון אלע חובות, וואס די שכנים זענען שולדיג און אויפ־
געמאהנט דירה־געלד. ביי ר׳ יעקב מאיר׳ן האט מען ניט גע־
מאהנט. ענטוועדער מ׳האט אויסגעפונען, אז ער איז ניט שול־
דיג, אדער גלאט מ׳האט ניט געוואלט ביי איהם מאהנען.

ס׳זענען אוועק עטליכע וואָכען האָט ר׳ יעקב מאיר אדיינ־
געטראָגען עטליכע און דרייסיג רובל מיט קאָפּיקעס און האָט
זיך שטארק בעליידינט, לֿמאי מ׳מאָהנט ביי איהם קיין דירה־
געלד ניט. וויפיעל מ׳האָט ניט געמיהט זיך אויפצואווייזען, אז
פון איהם קומט ניט, האָט ער ניט געוואָלט הערען.
אין זיין ביכעל איז פערשריבען.

# דער לעצטער „גוטער יוד.“

צווישען אלע רבנים און גוטע יודען פון איצטיגער צייט אין פוילען, גאליציען און ליטא, איז „דער סלאָנימער“, אָהן א שום ספק, דער מערקווירדיגסטער. דער קולט (פערגעטערונג) פון „בעלי מופתים“ און „גוטע יודען“ געהט בעשיינפערלך אונטער. די קולטור פונ׳ם צוואנציגסטען יאהרהונדערט דרינגט אריין ביסלעכווייז אין די סאמע פערלעגענע ווינקלאך פון יודישען תחום. צוזאמען מיט דעם גראמאפאָן, וועליסאָפּעדען און קינעמאטאָגראף קומען אויך עלעקטרישע לאנטערנעס און מיט דעם שענערן אנגענעהמערען ליכט פון די עלעקטרישע לאָמפּען קומט אויך מעהר גייסטיגע בעלייכטונג אין די קעפּ פון דעם יונגען דור. אין א סך פערווארפענע שטעדטלאך האָט די רעוואָלוציע, נאָך פריהער פון די „אילוזיאָנען“ און עלעקטרישע לאמטערנעס, אריינגעבראכט ליכט. פון דער אנדער זייט ציהען די שווערע בעדינגונגען פונ׳ם עקאָנאָמישען יודישען לעבען אלץ טיפער ארונטער דעם מיטעלען און קלענערן באַלעבאָס אין ווערקשטאט און פאבריק. דער גאנצער ארימער יודישער באַלעבאטישער מיטעלשטאנד ווערט האסטיג פּראָלעטאריזירט און, אריינקומענדיג אין פאבריק, צי אין שאפּ, מוז שוין נאָטירליכערווייזע די חסידישע און בכלל פאנאטישע יוגענד אָננעהמען די פּראָלעטארישע פּסיכאָלאָגיע. ביי אונז איז דערוויי̇ל נאָך ניטאָ קיין **חסידישער סאָציאַליזם**, ווי ביי די גוים איז פאראן א קריסטליכער סאָציאליזם, ניטאָ קיין יודישע

„נאראדאווע דעמאקראטיע". אריינקומענדיק אין שאפ, צו אין פאבריק, מוז דער יודישער ארבייטער אריינפאלען, ניט ווילענ־דיק, צום „בונד", צו די ס. ס., אדער צו די „פועלי ציון". ביי אט די דריי נאציאנאלע סאציאליסטישע פארטייען איז, פער־שטעהט זיך, די פאליטישע און נאציאנאלע פראגראם אין א סך פונקטען פערשידען. אין „אפיקורסות" זענען אבער, „ברוך השם", אלע גלייך. און צו ווענמען פון זיי עס זאל ניט אריינפאלען דער יודישער ארבייטער — פאר'ן רבי'ן איז ער פערפאלען...

און דעריבער איז כאראקטעריסטיש, אז גראד, אין איצ־טיגען מאמענט, ווען דאס ליכט פון חסידות און גוטע יודישקייט ווערט פערלאשען; ווען אי די „גלויביגע", אי זייערע „געטער" ווייזען אונז אין א גלייכער מאס א טרויעריגע בילד פון חורבן און אונטערגאנג, האט זיך גראד דעם שיקזאל פארוועלט אין דעם „סלאנימער" — אין דעם לעצטען „גוטען־יודען" — שא־פען אונז א מוסטער פון א „גוטען יודען" אין זיין נאאיווסטער און שענסטער געשטאלט.

„נתגלה" געווארען איז „דער סלאנימער" שוין לאנג, מיט א יאהר פערציג צוריק. דעמאלט האט ער געהייסען ניט „דער סלאנימער", נאר „דער ביטענער" נאך דער קליין שטעדטעל ב י ט ע ן, גראדנער גובערניע, וואו ער איז געווען רב.

מ'דערצעהלט, אז ער איז דאן ארומגעגאנגען אין פראסטע לייוולענטענע בגדים, האט געפאסט תעניתים, געגעבען א סך צדקה. ער האט זיך געהאלטען זעהר פראסט, א מין „למד־וואוו־ניק", ניט גע'חבר'ט זיך מיט רבנים און לומדים. דער קלאנג וועגען דעם אונגעוועהנליכען רב האט זיך באלד פערשפרייט אלץ ווייטער, קלאגעדיגע הערצער און פערביטערטע נשמות, בעזונדערס ווייבערשע, זענען תמיד, ברוך השם, דא אין יודי־שען תחום. פון אלע זייטען האט מען זיך גענומען ציהען צו איהם, און ביטען איז געווארען א מין „מעקא" אדער „ירושלים", האט שטארק קאנקורירט מיט קאידאנאוו, מיט ליבאוויטש און אפילו מיט גער.

אז א „גוטער יוד" ווערט „נתגלה" איז א טובה פאר א שטעדטעל. עס קומען אורחים. יודען האבען דערוויל פרנסה.

איז אבער אויך פאראן קנאה אויף דער וועלט. האט זיך מתקנא געווען „קארעליטש" אן ביטען. אין גיכען האט מען צום ביטע־נער גוטען יודען אנגעהויבען צו פאהרען קיין קארעליטש און פון „ביטענער" איז ער געווארען דער „קארעליטשער". פון „קא־רעליטשער" איז ער עטליכע יאהר שפעטער געווארען „אשמי־נער" און צולעצט „סלאנימער". בשעת מיין וויזיט אין סלא־נים, איז דער „סלאנימער" געווען שוין איבער „שמונים". עס איז אבער געגאנגען א שטארקער קלאנג, אז ווילנא וויל איהם צונעהמען פון סלאנים — פאר א שטאדט־מגיד. מ'האט גע־זאגט, אז א רייכער ווילנער חסיד דעם סלאנימער'ס, וויל זיך לאזען קאסטען טויזענדער, אבי צו דערוויזען אראפברייננגען איהם קיין ווילנא.

אט אזוי האט געהאלטען גאר נאהענט, אז ווילנא, די שטאדט פון ניכטערנעם פלפול, די וויגעלע פון השכלה, פון יע־דער גייסטיגער און סאציאלער בעוועגונג ביי יודען, זאל ווערען צו דער עלטער די רעזידענץ פון א „גוטען יודען" און דער רוהם פון'ם „ווילנער גאון" זאל פערדונקעלט ווערען דורך דעם רוהם פון דעם „ווילנער גוטען יודען".

דער סלאנימער גיט ניט קיין קמעות, קיין סגולות. ער היילט מעהרסטענטיילס מיט א ברכה און מיט פסוקים. ער נעהמט ניט קיין געלד און — דאס איז די הויפט אורזאכע, וואס ער איז שטארק בעליבט ביי דער פרומער יודישער מאסע. ער האט ניט קיין גבאים, נאר א משרת האט ער, וואס איז איבער־געגאנגען צו איהם בירושה פון דעם פערשטארבענעם רב — ר' יאסעלע'ן. דער משרת נעהמט יא די מטבע און מ'זאגט, אז ער האט שוין געלד אין די בענק און אייגענע הייזער. נאר דערין איז דער רב אליין ווייניג שולדיג. דער סלאנימער נעהמט אויך ניט קיין שכירות פון שטאדט פאר זיך. ער גיט אוועק די שכירות אויף צדקה־זאכען און אליין לעבט ער אויף זיין ווייב'ס רעכ־נונג.

זיין ווייב איז ביי איהם די צווייטע. ער האט מיט איהר חתונה געהאט שוין אויף דער עלטער. זי איז א נגידה. האט

מויערן אין סלאָנים. בשעת מ׳האָט איהם דעם שדוך גערעדט, האָט ער אויסגענומען א תנאי, אז זי, די צווייטע ווייב, זאָל שטיצען זיינע קינדער פון דער ערשטער: זאָל העלפען אויסגע־בען זיינע אייניקלעך. זי האָט אויף אלץ מסכים געווען. פאַר זיך אליין דאַרף דער סלאָנימער ווייניג.

דערפאר האָט ער שטארק חן ביי סלאָנים. ווארום וואס פאר א שטאָדט האָט דאָס אזא גליק, אז א רב זאָל איהר א גראָ־שען ניט קאָסטען און זי זאָל נאָך, פערקעהרט, פון איהם פער־דינען?

דער סלאָנימער „העלפט" צו די פערשידענסטע קרענק: צו בויך־וועהטאָג, צו נערוועזן. נאָר זיין ספּעציאַליטעט איז — א „פוקד עקרות". אז א יודישע ווייבעל האָט קיין קינדער ניט, אָדער קינדער האַלטען זיך ניט — פאָהרט מען צו איהם. מ׳פאָהרט צו איהם פון אלע עקען וועלט.

דער סלאָנימער איז אן אינטערנאַציאָנאַלער „גוטער יוד". עס פאָהרען צו איהם יודען און קריסטען פון אלע קלאַסען, פון אלע ראַנגען: פריצים, פויערן, גלחים, אָפיצירען, פּאָלקאָווני־קעס, גענעראַלשעס. דעם ווילנער גובערנאַטאָר׳ס ווייב איז אין איהם געווען בעזונדערס איינגעגלויבט.

עס קומען צו איהם אלטע און יונגע, פרומע און פרייע. יודישע גימנאַזיסטקעס, אין א קריטישען מאָמענט, ד. ה. פאר די עקזאמענס, קומען צו איהם אויסבעטען א גוטען „באל". דער סלאָנימער ווערט ניט אין כעס, חלילה, אויף די גימנאַזיסטקעס. כאָטש ער איז „פּרינציפּיעל" געגען גימנאַזיעס און שטראָפט פאר זיי דעם עולם אין זיינע דרשות. ער פערלאַנגט נאָר: זיי, די גימנאַזיסטקעס, זאָלען ניט שרייבען אום שבת. ער הייסט זיי זאָגען „תהילים" און זאָגט זיי צו אז ס׳וועט זיין רעכט.

צום „סלאָנימער" קומט מען פון אלע עקען וועלט. ס׳קומען אלע סאָרטען מענשען. עס קומען אויך געזונטע אז עצה פרעגען אין פערשידענע שווערע אנגעלעגענהייטען. בעטען הצלחה אין ביזנעס, אויסבעטען פּרנסה און חיונה. עס קומען אויך זינדיגע נשמות ארויסנעהמען א תשובה. דער רבי ענטזאָגט קיינעם ניט.

נעחם אריין אין יעדענ'ס אנגעלעגענהייט, גיט עצות, גיט ארויס א תשובה.

מ'זאגט, אז דער סלאנימער זידעלט שטארק און ניט זעל־טען שלאגט ער אפילו די ווייבער, וואס קומען צו איהם. נאר איהר דארפט דאס ניט אויסטייטשען שלעכט. דער רבי מיינט גוט. און די ווייבער, וואס ער שלאגט זיי, געהען אוועק פון איהם מיט א פארגרינגערט הארץ. ווארום, פערשטעהט איהר מיך, דער סלאנימער זידעלט און שלאגט ניט חלילה פון בייז־קייט נאר פון ליבשאפט.

א יודינע האט קיין קינדער ניט. הויבט זי אן צו קלייבען אין איהר נשמה די עברות, וואס זי האט געטאן, וואס פאר זיי האט איהר גאט געשטראפט. אז מ'זוכט, פערשטעהט זיך, געפינט מען. יעדער מענש איז דאך זינדיג. בפרט א נארישע יודענע. אמאל ליכט־בענשען ניט אזוי אבגעהיט, אמאל די מקוה ניט אזוי מדקדק געווען. קומט זי צום סלאנימער און איז זיך מתודה. דער רבי הערט אויס איהר צעטעל „חטאים" און ווערט שרעקליך אין כעס. הויבט אן צו זידלען די יודענע: הולטאיקע! חצופה! הויבט אפילו זיין כשר'ע האנד אויף און שלאגט איהר.

נאר איך זאג אייך נאך אמאל: איהר זאלט ניט האבען קיין שלעכטע מחשבות וועגען רבי'ן. א, דער סלאנימער איז זעהר כיטרע... איהר מיינט, אז ער איז באמת בייז, אז זיין זידלען, זיין שלאגען איז א זידלען און שלאגען פון א פשוט'ען מענש?

ס'הויבט זיך גאר ניט אן!

די גאנצע סצענע איז א צוכלומרשטע. דאס איז א מין „סגולה". דעם „סלאנימער'ס" זידלען און שימפפען איז פאר דער יודענע די בעסטע ברכה. ער נעהמט דערמיט אראב פון איהר די עברות און זי געהט אוועק פון איהם א ריינע, אן אויסגע־לייטערטע נשמה. מיט די יסורים פון בעליידיגונגען איז זי אב־געקומען פאר איהרע „חטאים". איצט קען שוין אויף איהר שולט זיין דעם רבינ'ס ברכה.

און טאקע באלד נאך די קלעפ בענשט איהר דער סלאני־מער, בענשט איהר ניט הויך, נאר ביי זיך אין הארצען. די יודע־

נע ווייס דעם אָנשטעל, און וואָס מעהר עס האָט איהר וועה געטאָן פונ׳ם רבי׳ס מויל אָדער הענד, אַלץ מעהר דאַנקבאַר איז זי איהם, אַלץ גליקליכער געהט זי פון איהם אַװעק.

דער סלאָנימער, איז אין עיקר, א ווייבערשער „גוטער יוד". בשעת ער איז געווען יונגער, איז זיין הויז געווען בעלאַגערט פון ווייבער. און ווייבער, ווי איהר ווייסט, האָבען ליעב א סך צו רעדען. בפרט אז מ׳קומט צום צדיק. און מ׳קומט גאָט ווייס פון וואַנען. וויפ׳על יסורים קומט עס אָן אַן אָרימער יודענע, ביז זי איז זוכה אָנצוקומען צום רבי׳ן. וויפיעל האָט זיך דאָס אָנגעקליבען אויף איהר הארצען, און איהר שווער געמיט, ווילט זיך איהר אַלץ, אַלץ אויסגיסען פאר׳ן רבי׳ן. און דער רבי האָט טאַקע מיט זיי, מיט די ווייבער, א סך, א סך געדולד. מעהר פאר דער רבי׳צין. נאַטירליך איז זי, די רבי׳צין, ניט מעהר ווי א יודענע, כאָטש א חשוב׳ע יודענע, דעם צדיק׳ס א ווייב. זומער, צום ביישפיעל, דער רבי איז שוואַך. מוז ארויספאָהרען אויף א דאטשע. דאקטוירים האָבען געהייסען. קומען זיי אָן, די ווייבער, הונדערטער, הונדערטער ווייז. טרעפען איהם ניט אין שטאָדט, בעלאַגערן זיי די דאטשע. א פרייטאָג; ס׳איז ערב שבת, מ׳דארף שוין בענשען ליכט. און ער, דער רבי, איז נאָך ניט פארטיג מיט די ווייבער. ווערט זי בייז, די רבי׳צין; טרייבט זי איהם, דעם רבי׳ן מיט די ווייבער ארויס אויפ׳ן גאַניק. ס׳איז א רעגען. די ווייבער אנטלויפען נעבעך... דער רבי נאָך זיי... אויסגעשפרייט אויף זיי די הענד און בענשט זיי, און בענשט זיי...

פאָהרענדיג אין סלאָנים און פון סלאָנים האָב איך זיך געטראָפען מיט סלאָנימער ווייבער. ווייזט זיך ארויס, אז דער פאָלקס־ווערטעל: „קיין נביא גילט ניט ביי זיך אין שטאָדט", איז דאָ אויך אמת. די סלאָנימער ווייבער זענען במעט גלייכגילטיג צו זייער צדיק.

— וואָס איז דאָ אזוי די לויפענעס, — קריטיקירט א קרעמערקע די אָנגעפאָהרענע ווייבער. מיר, סלאָנ׳מער, ווערען גאָר ניט אזוי נתפעל. אן עהרליכער יוד! פאַראַן געגנוג עהרליכע יודען!

— אי, וואס רעדט איהר, וואס רעדט איהר! ענטפערט איהר א יודינע, ניט קיין סלאנימער, פון דער אנטקעגענדיגער באנק. אייך איז אזוי גוט און אזוי וואויל! אז „ער“ געהט דורך, מיט זיין ליכטיגען פנים, פערביי אייך, איז דאך שוין גענוג... וואס דארפט איהר מעהר... אבער מיר, ווען האבען מיר די זכיה...

איבערדערצעהלען די וואונדער, וואס מ׳דערצעהלט זיך אז אין המון פונ׳ם „סלאנימער“ וואלט ניט קלעקען קיין בוך. אט איז איינער פון די מופתים.

געקומען צום רבי׳ן א פריזיוונים פון זשעלודאק. א קליין שטעדטעלע נעבען סלאנים. ער איז שוין געווען פריהער ביים זשעלודאקער רב, פרעגען אן עצה. האט איהם דער זשעלודאקער געהייסען זאגען תהילים. אזא „רעצעפט“ האט זיך אויסגעוויזען דעם זשעלודקער פריזיוונים צו ביליג. תהילים! — אויף אזא עצה האט ער דאך אליין געקענט פאלען. רעכענט ער, אז „ער“ אליין, דער סלאנימער, וועט מן הסתם געבען א וויכטיגערע סגולה. קומט ער און דערצעהלט איהם גאר ניט, אז ער איז שוין געווען ביי א „גוטען יודען“.

אבער פאר׳ן סלאנימער איז ניטא קיין פערבארגענע זא־כען. „מ׳ט דיר געהייסען זאגען תהילים“, — ווענדעט ער זיך מיט׳ן ערשטען „שלום עליכם“ צום בחור.

— ניטא קיין צייט, — ענטפערט דער בחור. — איך דארף זיך היינט שטעלען. מ׳וועט מיך אויסרופען „צום פריאם“.

— מ׳וועט דיר ניט אויסרופען, — מעלדעט דער רבי, — גייט.

אויף מארגען קומט דערזעלבער בחור מיט א פרעהליכע בשורה: מ׳האט איהם ארויסגעלאזען — ער זאל זיך פעררוכ־טען, ביז איבער א יאהר. דער רבי האט איהם געבענשט. דער בחור געהט ארויס. דער רבי הייסט איהם צוריק רופען.

— האסט געלד? — פרעגט דער רבי מיט א שטיק פון געוויסהייט.

דער בחור קוועטשט זיך, קוויינקעלט זיך: אויף וואס דארף דער רבי דאס געלד. ער וואגט אבער ניט צו זאגען א ליגען.

— איך האָב — שטאַמעלט ער.
— גיב אהער! — בעפעהלט דער רבי.
דער בחור האָט ביי זיך געהאַט זעקס הונדערט רובל. נעהמט ער ארויס דעם פּאַליאַרוס, וויל אָבצעהלען דעם רבי'ן עטליכע רובל.
— גיב אהער, אין גאַנצען! — הייסט דער צדיק.
דער בחור קראַצט זיך און שטאַמעלט:
— איך... איך... האָב ניט מיט וואָס צו פאָהרען אהיים.
דער רבי נעהמט ארויס ביי איהם פון האַנד דעם פּאַליאַרוס און גיט איהם צוריק פינף רובל אויף דער רייזע אהיים.
איז וואָס מיינט איהר איז געווען?
דער בחור איז געפאָהרען מיט א גאַנצע קאָמפּאַניע יודען. אויפ'ן וועג זענען זיי בעפאַלען גזלנים און מ'האָט זיי באַרויבט. ביי דעם בחור האָט מען ניט געהאַט וואָס צו נעהמען.
אויף מאָרגען איז ער געקומען צום סלאָנימער. דער רבי האָט גאָר נישט גערעדט, ארויסגענומען דעם פּאַליאַרוס מיט די זעקס הונדערט רובל און אָבגעגעבען דעם בחור מיט די ווערטער: „נעה לשלום“.
עס טרעפט אבער אויך, אז דער רבי קען ניט פערהיטען פון א גנב אפילו... זיך אליין.
אַט קומט צו איהם א שטויגער א ביטער הארץ... אן אָרימאַן נעבעך... קלאָגט זיך אויף פּרנסה. דער רבי, ווי זיין שטויגער איז, הערט איהם אויס, בענשט איהם: גאָט זאָל אייך מצליח זיין, וואו איהר וועט זיך קעהרען...
דעם רבינ'ס ברכה ווירקט אויפ'ן אָרט: דער אורח קעהרט זיך טאַקי צו דער רבי'צינ'ס קאַמאָד, נעהמט ארויס דריי הונדערט רובל און — ניטאָ!...
אז א יוד האָט צו טאָן מיט א שלעכטען „בעל דבר“, ס'הייסט מיט א גוי, א שונא ישראל, ווענדעט מען זיך צום סלאָנימער. מ'זאָגט, אז דערין איז אויך דער סלאָנימער א „ספּעציאַליסט“. ער הייסט זאָגען א פּסוק און מיט'ן פּסוק אליין מוז מען ווערען נעהאָלפען. און טאָמער העלפט ניט, ווייס שוין דער רבי קלאָר, אז דער „בעל דבר“ איז ניט קיין פּשוט'ער. ער איז

פון די „עמלקים". און צו די „עמלקים", זאגט ער, העלפט קיין שום פסוק נים. „כל זמן" יודען זענען אין גלות, מוזען זיי, די עמלקים, האבען די אויבערהאנד. דא מוז מען האבען א ראדי־קאלען מיטעל, וואו דער פרט שפיעלט שוין קיין ראלע נים, וואו די ישועה מוז קומען פאר'ן כלל. איהר שטויסט זיך מסתמא אן אליין, אז דא האנדעלט זיך וועגען אראפברייגגען משיח'ן.

און אט מיט עטליכע יאהר צוריק, בשעת רוסלאנד האט געשטורעמט פון בראונינגס, באמבעס און פאגראמען, האט זיך דער „סלאנימער" טאקע וועגען דעם ענין שטארק פער־טראכט. ער האט געזעהן בעשיינפערליך, אז „כלו כל הקצין". אלע „קצין" זענען אוים, „באו מים ער נפש". דאס וואסער האט דערגרייכט ביז צום האלז. ניין, אפנים אז ס'האלט שוין גאר נאהענט, גאר נאהענט...

און דער סלאנימער" איז געווען אזוי זיכער, אז עס האלט שוין גאר נאהענט, אז אמאל, א פורים — דער איינציגער טאג, ווען א פרומער יוד מעג נעהמען אן איבריג ביסעל בראנפען, האט זיך דער „סלאנימער" שטארק פרעהליך געמאכט מיט די שטאדטיגע לומדים־באלעבאטים, און זייענדיג היבש „בגילופנד־דיג" האט ער אנגעהויבען שילטען:

— פערכאפט זאל ער ווערען!... א כפרה זאל ער ווערען!..

די קאמפאניע, וואס האט צוזאמען גענומען אביסעל משקה מיט'ן רבי'ן, האט זיך שטארק פערוואונדערט. נאך קיינמאל, קיינמאל האט דעם רבינ'ס הייליג מויל נים ארויסגעבראכט קיין קללה. דער עולם האט זיך מורא'דיג פעראינטערעסירט:

— ווער? ווער? — האט געקלונגען פון אלע זייטען.

— דער „בעל דבר"! — האט דער רבי געשריען — דער „בעל דבר"!... די „סטרא אחרא", וואס לאזט איהם נים... משיח'ן...

דערמיט האט זיך דער „סלאנימער" נים בעגוגענט. איהר דארפט וויסען, אז מעהר פון זיינע חסידים גלויבט ער, דער „סלאנימער", אליין אין זיך. ער האלט זיך פאר א „בן יקיר" ביי דעם „רבוני של עולם". וואס דער צדיק זאגט, מוז דער אויי־בערשטער טאן.

נו, און ווי איז, אז מ׳זאל זיך, ס׳הייסט, אז ער, דער צדיק, זאל זיך טאקע נעהמען צו דעם „כביכול“ מיט תקיפות? ניט אב־טרעטען פון ארט: דאווקא קאנצא! עס מוז נעהמען אן עק...

ניכטערערהייט וואלט זיך עס אפשר דער סלאנימער ניט ער־לויבט, וואלט ניט געוואגט, נאר אונטערגעווארעמט פון די משקה, איז ער ביי זיך געווארען אלץ האפערדיגער, דרייסטער, און צום ערשטוינגען פונ׳ם גאנצען עולם, האט ער פלוצלונג א זאג געטאן:

— איך גיב אייך א האנד אויף מיין חלק עולם הבא, אז היינטיגעם יאהר קומט ער... קומט משיח...

איהר פערשטעהט, וואס נאך דעם האט זיך געטאן אין שטאדט, צווישען פרומע יודען און ווייבער?

עס איז אוועקגעגאנגען א יאהר און צוויי און דריי און— משיח איז ניט געקומען. אבער דאס גלויבען אין צדיק איז פונ־דעסטוועגען ניט אבגעשוואכט געווארען. קיינער דערמאנט ניט דעם רבי׳ן זיין שבועה, קיינער מאכט איהם קיין פארוואורף ניט.

און מיר וועלען איהם אויך קיין פארוואורף ניט מאכען. ניט לאכען פון איהם. ווארים ווער, פון די סאמע פער׳עקשנ׳טע, פערביסענע אפיקורסים אפילו, איז דאן, אין „יענע טעג“, ניט געווען גרייט צו שווערען אויף זיין „חלק עולם הבא“, אז די גאולה איז שוין גאר נ א ה ע נ ט....

---

איך האב גערעדט אין סלאנים מיט יודישע אינטעליגענטע יונגע לייט, מיט בעוואוסטזיניגע ארבייטער, געוואלט וויסען: ווי קוקען זיי אויפ׳ן רבי׳ן? און איך האב זיך איבערציינגט, דא, שוין ניט צום ערשטען מאל, אז אונזער מאסען־יוגענד, ניט קוק־קענדיג אויף איהר ווינציגע בילדונג, איז איז איהר גייסטיגער ענטוויקלונג אהן אן ערך ווייטער אוועק פון דער אמאליגער משכילישער אפיקורסישער יוגענד. זי נעהמט ארום די ערשיי־נונגען פון לעבען טיעפער, ברייטער, זאגאר פון געוויסע אוי־טאריטעטנע געלעהרטע....

קיינער פון זיי שרייט ניט: פאנאטיזם! פינסטערניס!

קיינער פון דער יוגענד האָט ניט געפּרובט פּיהרען אַ דירעקטען קאַמפּף מיט דער אַבערגלויבישער פערגעטערונג פונ'ם צדיק.

— ע ר שטעהט ביי מיר פיעל העכער פון אַ דאָקטאָר, אַ קאַריערעריסט, וואָס זויגט אויס זיין פּאַציענט, ניט גלויבענדיג אַ האָר אין דער מאַכט פון זיינע מיקסטורען — ערקלערט מיר איינער פון זיי, אַן אינטעליגענטער יונגער מאַן — ער וועניגסטענס איז אויפריכטיג, גלויבט אין זיך, ליעבט דאָס פאָלק, וויל איהם העלפען אויף זיין שטייגער.

אַן אַנדערער גערעט ווייטער:

— פּראָפעסאָר אויגוסט פאָרעל (דער פערפאָסער פון דעם בעריהמטען בוך „געשלעכט־פראַגע") בעהויפּטעט, אַז געוויסע געשלעכטליכע קראַנקהייטען און קינדערלאָזיגקייט קען מען היילען דורך היפּנאָטיזם. פאַר וואָס זאָל מען ניט צוגעבען, אַז דער „סלאָנימער" בעזיצט אַ היפּנאָטישע קראַפט און קען אין געוויסע פאַלען דורך איהר ווירקען?

אַז דער „סלאָנימער" בעזיצט אין זיין בליק אַ געוויסע היפּנאָטישע קראַפט איז קיין שום ספק ניט. ער האָט אַ מערקווירדיג שאַרפע, דורכדרינגענדע אויג. ער האָט דערצו אין זיין לאַנגען לעבען געהאַט צו טאָן מיט אַזוי פיעל מענשען, אַז ער קען זעהר גוט זייער פּסיכאָלאָגיע. ער דאַרף נאָר אַ קוק טון אויף אַ יודענע, ווייס ער וואָס איהר פעהלט, וואָס זי האָט איהם און וואָס ער האָט איהר צו זאָגען. זיין היפּנאָטיזירענדער ווירקונג העלפט אַ סך מיט דער בלינדער גלויבען אין איהם פון די דונקעלע מאַסען — און ניט בלויז מענשען פון דער מאַסע—און זיין אייגענער גלויבען אין זיך זעלבסט. דער „סלאָנימער" איז ניט קיין שווינדלער. ער איז אַ העכסט אויפריכטיגער מענש. ער גלויבט אין זיין בערוף, אין זיין וואָרט, אין זיין ברכה. דערצו — און דאָס איז דער עיקר — איז ער דער איינציגער פון אַלע „גוטע יודען", וואָס נעהמט קיין געלד ניט. פון אַזאַ טיפּ, און אַביסעל אַ העכערע מדרגה, ווערט אין געוויסע מאָמענטען בעשאַפען אַ קריסטוס, אָדער אַן אַפּאָסטאָל.

אין דער שטורעמדיגער צייט פון דער רעוואָלוציע, האָט ער, דער „סלאָנימער", פּונקט ווי דער בריסקער רב, רבי חיים סאָ־

לאַווייטשיק, געמוזט ניט ווילענדיג, אַרויסטרעטען און זאָגען זיין וואָרט. מ׳האָט געהרג׳עט אַ סטראַזשניק. די בחורים, וואָס האָבען איהם געשאָסען, זענען שוין לאַנג אויף יענער זייט גרע־נעץ געווען. האָט מען געכאַפּט צוויי אונשולדיגע סופרים און מ׳האָט זיי פער׳משפט צו דער תליה. דער רבי און די „פּני״ פון דער שטאָדט האָבען אָבגעגעבען אַ שבועה, אַז זיי זענען אונ־שולדיג. די שבועה האָט געווירקט און מ׳האָט די צום טויט פער־משפּטע דאָס לעבען געשענקט.

פון דעמאָלט אָן פערהאַלט זיך צו איהם די סלאָנימער מאַ־סען־יוגענד מיט רעספּעקט.

„איך האָב געהאַט ביי איהם אַ משפט — דערצעהלט מיר אַ יונגערמאַן, אַ ציוניסט־סאָציאַליסט, וואָס האָט גענומען אַ שטאַרקען אַנטייל אין דער בעוועגונג — „וועגען אַ וואַלד איז געוועזן ביי אונז אַ סכסוך מיט אַ שותף. איך האָב ביי איהם דעם משפט פערשפּיעלט. עס האָט מיר געקאָסט אַ שענע פּאָר רובל. נאָר איך האָב אויף איהם ניט קיין פערדרוס. פון מיין שטאַנד־פּונקט בין איך געווען גערעכט. ביי זיין שטאַנדפּונקט אָבער האָט ער אַנדערש ניט געקענט פּסק׳נען״.

דער „סלאָנימער״ האָט פיינט צו זיין אַ „יושב אהל״, אַ באַנק־קוועטשער. ער מישט זיך אין לעבען, איז אַ היציגער כלל־טוער. דאָס וואָלט געווען אַ גרויסער חסרון פאַר סלאָנים, וואָ־רים ער, דער רבי, האָט אויפ׳ן לעבען זיין קוק, דעם קוק פון אַ „גוטען יודען״. ער האָט ליעב אָפט צו דרש׳ענען. דעמאָלט קענט איהר הערען אין שוהל עכטע „מיליטערישע״ רעדעס. דער „סלאָ־נימער״ האָט ליעב צו נעהמען משלים פון „עסטרייך מיט׳ן פּריים״, פון „באַטאַרייען און האַרמאַטען״, פון אַ בן מלך מיט אַ בת מלכה״, און דאָס איז אַלץ כדי צו דערווייזען, וואָס פאַר אַ גרויסע עברה עס איז אָבצוגעבען קינדער אין די גימנאַזיעס, צו געהן מיט די אייגענע האָר, ניט צו האַלטען פון דער מקוה. דער דאָזיגער „האַרמאַטען״־ און „באַטאַרייען״־קאַמפּף געהט צום גליק ניט אַרוס פון שוהל און דער יונגער „אַפּיקורסישער״ עולם ווערט ניט שטאַרק איבערגעשראָקען.

נאָר איינמאָל האָט זיך געטראָפען, אַז דער רבי האָט זיך

ניט בענוגענט מיט די דרשות און האָט אויסגערופען א חרם אויף א יודישען פאָטאָגראַף, וואָס האָט געארבייט אום שבת. דאָס איז געווען גראָד אין יענע „הייסע טעג“. אבער דער רבי האָט אָנגעטראָפען אויף א ביטערן יונג. דער פאָטאָגראַף האָט גענומען א בראונינג און איז אַוועק צום רבי'ן. מ'ווייס ניט, צו ער האָט אין רבי'ן געשאָסען און ניט געטראָפען, צו ער האָט נאָר געדראָהט. מ'האָט איהם אבער געפאַקט, אבגענומען דעם בראונינג און פערפיהרט געגען איהם א פּראָצעס. אין געריכט איז דער רבי געקומען אליין און האָט איהם פערטיידיגט, און דער פאָטאָגראַף איז ארויס פריי.

---

די לעצטע יאָהרען, זאָגט מען, נעהמט דער „סלאָנימער“ גאָר ניט צו קיין ווייבער. ער איז שוואך אין געזונד און מיט ווייבער האָבען צו טאָן דאַרף מען זיין שטארק, ווי אייזען. וואָרים די יודישע פרוי אליין איז געווארן נאָך שטארקער ווי אייזען, ווען זי קען טראָגען די פ י ע ר שווערע מזלות, וואָס דער שיקזאל האָט איהר בעשערט: צו זיין די טאָכטער, די מוטער, די ווייב פון א שקלאַף, טראָגען זייער אלעמענס יאָך און איהר אייגענעם, דעם שווערסטען: צו זיין א שקלאַפין ביי א שקלאַף...

פון אַט דער זייט איז זעהר אינטערעסאַנט די כאַראַקטע־ריסטיק פון דעם „ווייבערשען רבי'ן“. ער ווארפט אונז א ליכט אויף דעם טרויעריגען, האָפנונגסלאָזען, פינסטערן שיקזאל פון דער יודישער פרוי, בעזונדערס פון דער מאַסען־פרוי, וועגען וועלכע מען קימערט זיך ביי אונז זעהר ווייניג. אינדעסען איז דאָס אונזער שוועסטער, אונזער מוטער. עס יועט קומען, נאַ־טירליך, א צייט, און די צייט איז אפשר ניט ווייט, ווען די יודי־שע פרוי וועט בעקומען איהרע רעכטע, וועט זיין פריי און גליק־ליך. דאַן וועט זי זוכען א טרייסט אין זיך אליין; דאַן וועט דער גלויבען אין רבי'ן פערוואַנדעלט ווערען אין אן אנדער גלוי־בען — א גלויבען אין איהרע אייגענע קרעפטען. אבער דערווייל, דערווייל איז איהר שיקזאל אונערטרעגליך. און עס איז שווער בנאמנות, צו זאָגען: צו דאַרף מען זיך פרעהען, וואָס דער

קולט פון „גוטע יודען", דער אבערגלויבען ביי דער יודישער פרוי, וועט יעצט ווערען שוואכער, צו מען דארף בעדויערן, וואס אין איהר שווערער, אונערטרעגליכער לאגע וועט זי יעצט ניט האבען קיין פריינד, פאר וועמען זי וואלט איהר שווערען גע־מיט אויסזיפצען קענען, און א טרייסט באַטש און א פריינדלי־כען וואָרט געפינען...

# דער בייקיער בחור־„בעל שם."

איך האָב שוין לאַנג פון איהם געהערט. אבער נאָר יעצט, אויף מיין לעצטער רייזע איבער ליטא און פּאַלעסיע, האָט זיך מיר איינגעגעבען צו בעקומען וועגען איהם מעהר, אָדער ווע־ניגער, גענויע ידיעות.

דאָס איז געוועזען אַ בחור — אַ גוטער יוד. פּילייכט דער מערקווירדיגסטער פון אַלע גוטע יורען. דאָס איז געוועזען אַ לעבענס־טראַגעדיע, פאַר וועלכער קיין קינסטלער און קיין היס־טאָריקער איז נאָך ניט געבאָרען געוואָרען.

ווער ווייסט וויפיעל טראַגעדיעס אַזעלכע, פון יודישע נשמות, האָבען זיך אָבגעשפּילט און שפּילען זיך נאָך איצט אָב אין די פערלעגענע בלאָטעס פון פּאָלעסיע און אין די פער־וואָרפענע ווינקלעך פון ליטא?

דער בייקיער בחור איז ניט געוועזען בעריהמט, ווי דער סלאָ־נימער, איבער'ן גאַנצען תחום. דאָך, איז קיין גוטער יוד ניט געוועזען פערגעטערט, אַזוי ווי ער, אין גראָדנער גובערניע, אויף צעהנדליגע מיילען אַרום זיין שטעדטעל בייקי.

און ווען דער ברייטער עולם האָט אַנדערש וואו פון איהם ניט געוואוסט, דערפאַר איז ער געוועזען בעריהמט ווייט איבער די גרענעצען פון זיין גובערניע, ביי איינצעלנע מענשען, און דווקא ניט קיין פשוט'ע. מ'זאָגט, אַז יוריסטען פלעגען צו איהם קומען האָלטען זיך עצות וועגען פּראָצעסען. דער גענעראַל, צו וועמען דאָס שטעדטעל בייקי בעלאַנגט, האָט אָהן איהם קיין

טריט נישט געטאָן. איבעריגענס פלעגן קומען צו איהם מענשען אזש פון אפריקא און פון אמעריקא. דער „סלאָנימער“ אליין פלעגט אבשיקען צו איהם. ער, דער בייקיער בחור, פלעגט פיה־רען קאָרעספאָנדענצען מיט פראָפעסאָרען.

מ'זאָגט, ער האָט בעזעסען א גרויסע ידיעה אין מעדיצין. האָט געהאַט א שטארקען בעגריף אין אסטראָנאָמיע, מאטעמאַ־טיק. האָט געקענט כמעט אלע אייראָפייאישע שפראכען און איז דערצו געווען א שארפער העברעער. אין סלאָנים איז ער קיינ־מאָל אויף זיין לעבען ניט געווען און, ווי מ'דערצעהלט, איז ער קלאָר געווען אין סלאָנים, אז ער האָט יעדע גאַס און געסעל געוואוסט, ווי זיינע פינף פינגער.

דער „בייקיער“ איז, אָהן א שום ספק, געבאָרען געוואָרען מיט געניאלע פעהיגקייטען. נאָר ער איז געבאָרען געוואָרען אין אן ארימער יודישער אונוויסענדער ספערע, אין א פערלעגענעם דאָרף, צווישען מענשען, וואָס האָבען ניט געוואוסט: וואָס טוט מען מיט אזא נפש.

און דער בייקיער, נאָך אלס קינד, האָט זיך אליין געמוזט העלפען. ער איז געווען פול מיט בעוועגונג, פול מיט לעבען: איז געווען א גרויסער קונדס און געקראָכען אויף פארקענס, אויף בוימער. איינע פון אזעלכע עקסקורסיעס אויף בוימער האָט זיך פאר איהם געענדיגט ניט גוט: עס איז אראָבגעפאלען פון דער הויך און געבליבען א קאליקע אויף זיין גאנצען לעבען.

בעקומענדיג אויסגעדרעהטע פיס און צוויי האָרבעס, פון פאָרענט און פון הינטען, האָט דער „בייקיער“ זיין גאנצען דורשט צו לעבען אריינגעטאָן אין לערנען. ער האָט געלערנט גאנצע נעכט, האלטענדיג די פיס אין קאלטע וואסער. דערפון האָט ער זיך פערקיהלט און פון א מענשען איז ער געוואָרען בלויז א שאָטען פון א מענשען, געוואָרען א לעבעדיגער סקע־לעט, מיט א גרויסען קאָפּ, מיט טיעפע וואונדערליכע אויגען און בלויז מיט עטליכע האָר אויפ'ן קאָפּ.

נאָר די אויגען זיינע האָבען מאדנע געלויכטען און צוגע־געבען זיין גאנצער פיגור עפּיס ניט ערדישעס. ווער עס האָט

איהם איינמאָל געזעהען, האָט איהם, דעם בייקיער, קיינמאָל ניט געקענט פערגעסען.

ער האָט זיך ניט געקענט ריהרען פון אָרט. אפילו זיצען ניט געקאָנט. ער איז געלעגען אין א זיצענדער פּאָזע, בעפעס־טיגט מיט צוויי קישענס פון פאָרענט און פון הינטען. אָט אזוי האָט ער פערלעבט זיין קינדהייט, זיין יוגענד; אזוי האָט ער ש"ס און פּוסקים געלערענט און פערשידענע וועלטליכע וויסענ־שאַפטען און שפּראַכען ערוואָרבען, און ספרים און ביכער געקראָ־גען, אַבשפּארענדיג פון עסען און טרינקען. ביי איהם איז גע־ווען, זאָגט מען, איינע פון די רייכסטע ביבליאָטעקען.

די ערשטע צייט איז ער געווען א דאָרף־מלמד. האָט בע־קומען פּופּצעהן רובל א זמן. ער פלעגט אויפשטעהן פינף אזיי־גער אין דער פריה. זיינע תלמידים האָבען געשלאָפען אויפ'ן בוידעם, פלעגט ער מיט דער קוליע אין סופּיט קלאַפּען און וועקען זיי לערנען.

יאָהרען האָט ער זיך אזוי אַבגעמאַטערט א מלמד. ענדליך האָבען זיך מענשען דערבאַרעמט. מ'האָט איהם אויפגעמאַכט געלד און געשיקט קיין אויסלאַנד קורירען זיך. היילענדיג זיך, האָט ער אין אויסלאַנד פלייסיג געלערענט: שפּראַכען, וויסענ־שאַפטען, איבערהויפט — מעדיצין. מיט מעדיצין האָט ער זיך נאָך פריהער בעשעפטיגט. א קראַנקער, א ליידענדער זיין גאַנ־צען לעבען, האָט ער געזוכט צו דערגעהן מיטלען, ווי אזוי זיך אליין צו העלפען, צו מאַכען לינדער זיינע ליידען. זיין אייגע־נער קראַנקער קערפּער איז זיין לעהרער געווען. דערפאַר האָט ער דורך זיין ארגאַניזם, דעם מענשענס ארגאַניזם בכלל קענען געלערנט.

אויסלאַנד האָט איהם ווייניג געהאָלפען. דערפאַר האָט ער בעשלאָסען, קומענדיג אהיים, אנדערע צו העלפען. ער האָט זיך גענומען צוקוקען צו מענשליכע ליידען און געהאַלטען פאַר זיין פליכט זיי צו העלפען. ער פלעגט היילען מיט מעדיצינישע און היגיענישע מיטלען, פיליכט אויך מיט היפּנאָטיזם. ער איז געווען. — דערציילען מיר סלאָנימער, — זעהר א קלוגער, און האָט זיך געמיהט זיין נוצליך ניט בלויז קראַנקע, נאָר אויך

געזונדע מיט זיין ראט. מ'האט דעריבער אנגעהויבען פאהרען צו איהם פון נאהענט און פון ווייט. עס האבען זיך אנגעהויבען פערשפרייטען ווענען איהם לעגענדען, וועלכע האבען, ווי אי־מער אין אזא פאל, געטראגען א וואונדערליכען כאראקטער. מ'דערצעהלט, צום ביישפיעל אז מ'האט געבראכט צו איהם א מיידעל וואס האט געמעקט, ווי א קאלב, און ער האט איהר געהאלפען. קריסטען פלעגען אויך פאהרען צו איהם. קיין געלד האט ער ניט גענומען. נאר די מענשען, וואס פלעגען קומען צו איהם, פלעגען איינשטעהן ביי זיין טאטען אין קרעטשמע און צאהלען, פאר עסען און טרינקען. דערפון האט זיין טאטע גע־האט חיונה און האט איהם געקענט האלטען ביי זיך.

אליין איז געווען דער בייקיער בחור גוואלדיג פרום, נאר ער האט זיך ניט געקימערט, צו יענער איז פרום. ביסלעכווייז האט זיך פערשפרייט ווענען איהם דער קלאנג ברייט און ווייט, ווי ווענען א גוטען יודען, און מ'פלעגט קומען צו איהם פשוט נאך ברכות.

אינטערעסאנט איז, אז אפילו דאן, ווען הונדערטער מענ־שען פלעגען צו איהם טעגליך פאהרען, האט דער „בייקיער בחור" זיך ניט בעזעצט אין א שטאדט, צו אין א שטעדטעל. ער איז געזעסען אין זיין דארף. אהין זענען צו איהם געקומען זיינע לייט. דארט אין דארף, ווייט פון א ישוב איז ער געשטארבען צו פיער און דרייסיג יאהר, אוועקטראגענדיג מיט זיך אין קבר די טרויעריגע געשיכטע פון זיין לעבען און ליידען.

מ'דערצעהלט, אז ניט בלויז ער אליין, נאר אויך זיין פא־מיליע האט ניט געוואלט עקספלאאטירען זיין נאמען. נאך זיין טויט איז געקומען איינער פון זיינע פערעהרער, ערגעץ פון ווייט, און האט געוואלט שטעלען א מויערל אויף זיין קבר. דער ברודער האט ניט געוואלט און זיי האבען געשטעלט די מצבה בשותפות.

איך האב גערעדט ווענען דעם „בייקיער בחור" מיט פער־שידענע מענשען, מיט עלטערע און מיט יונגערע. און איך האב זיך איבערצייגט, אז אפילו יונגע מענשען, גאנץ פרייגעזאנענע, בעציהען זיך צו זיין אנדענקען מיט רעספעקט. זיי לייקענען,

נאטירליך, די מופתים און ברכות און אלע לעגענדעס וועגן דעם בייקיער, אלס „גוטער יוד". נאר צווייפלען ניט, אז ער האט ווירקליך אין א סך פאלען געהאלפען דורך זיינע ברייטע מעדיצינישע ידיעות און טיפען דורכדרינגענדען פערשטאנד.

נאכ'ן „בייקיער", זאגט מען, זענען געבליבען אינטער־רעסאנטע כתבים, וועלכע ווארפען געוויס א שיין אויף אט דער מערקווירדיגער רעטזעלהאפטער פערזענליכקייט. נאר צו די כתבים איז שווער צוצוקומען און עס איז א ספק צו וועלען זיי ווען עס איז זעהן דאס ליכט.

דער „בייקיער" האט בעלאנגט צו די לעצטע פאלקס־פריינד־אידעאליסטען פונ'ם אלטען טיפ. נאר דער „בייקיער" איז געווען דערצו א טיעפע פילזייטיגע נאטור, איז בכלל געווען א געבילדעטער מענש. דערצו איז ער געווען א מארטירער. ווער ווייסט וואס דאס יודישע פאלק האט אין איהם פערלארען, און וואס פון אט דער מערקווירדיגער פערזענליכקייט וואלט ארויס, ווען די אומשטענדען, וואלטען זיך ניט אויפגעלעגט פאר איהם אזוי טראגיש.